







אַרויסגעגעבן פון

ספּינאָזאַ אינסטיטוט אין אַמעריקע — יידישער אָפּטייל

ניו יאָרק, נאָוועמבער, 1932

רעדאַקטירט פון **דר. יעקב שאַצקי**

גערדוקט אין טויזנט מיט פופציק עקזעמפּלאַרן



SPINOZA BOOK

New York, November, 1932.

געזעצט פון י. בוראַקאָװ

געדרוקט אין אַסטאָריאַ פּרעס, 61 איסט 4טע סטריט, ניו יאָרק

שער-בלאַט און איינבאַנד געצייכנט פון סקולפּטאָר אהרן גודלמאַן

Printed in the U. S. of America



# אינהאַלט:



## ספינאָזאַ

### טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פון אינטעלעקט



ספּינאָזאַ

קופּער-גראַווירע פון פראַנסואַ (אכצנטן יאָרהונדערט)

# פאָרוואָרט

אין דער צווייטער וואָך פון סעפטעמבער (פון 7טן ביזן 12טן) איז אין האאג פאָרגעקומען דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס פון ספינאָזיסטן.

דער דאָזיקער קאָנגרעס האָט מיט רעכט ארויסגערופן א גרויסן אינטערעס נישט נאָר צווישן אָנהענגער פון ספינאָזאַ, נאָר מען קאָן דרייסט זאָגן, אויך צווישן די קעגנער.

אויף דעם קאָנגרעס זענען ארויסגעבראכט געוואָרן א גאנצע רייע נייע פּראָבלעמען, נישט נאָר פון א ריין־ביאָגראפישן כאראקטער, נאָר אויך פון א ריין־מעטאָדאָלאָגישן און פילאָסאָפישן שטאנדפּונקט.

די פארשידענע אויסטייטשונגען פון ספינאָזיזם, אָנהייבנדיק פון א מאטעריאליסטיש־אַטעאיסטישער אינטערפּרעטאציע און ענדיקנדיק מיט א... קאטוילישער — זענען די בעסטע אילוסטראציע, ווי גרויס עס איז איצט דער אינטערעס פאר ספינאָזאָן און וואָס פאר א געדאנקען־ריכטונגען, ביז איצט לחלוטין פיינדלעכע צום ספינאָזיזם, באמיען זיך אין דעם איצטיקן יובילעי־מאָמענט מאכן אַ „אַטענטאַט" אויף ספינאָזאָן און „צונעמען" אים פאר זיך.

אין פארגלייך מיטן קאָנגרעס פון 1927 איז דער ספינאָזאַ־צוזאמענפאָר פון 1932 געווען גיכער א צוריקגאנג, איידער א פאָראויסגאנג.

דער שווערפּונקט אָבער ליגט נישט אין דער נייער אינטערפּרעטאציע פון ספינאָזיזם, נאָר אין דער פארברייטערטער השפּעה פון ספינאָזאָס פילאָסאָפיע אין אונדזער היינטיקן לעבן.

עס איז אָן ספק, אז ספינאָזיזם לעבט איצט דורך א געוואלדיקן פּראָצעס פון א רעאינטערפּרעטאציע און האלט אויס גלענצנד זיין וויטאליטעט־עקזאמען, בעת ער ווערט אַוועקגעשטעלט פּנים אל פּנים מיט די מאָדערנע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען.

די ריזיקע ספינאָזאַ־ליטעראטור פאר די לעצטע פאָר יאָרן האָט ווינציק וואָס צו טון מיטן לוח, וואָס זאָגט אָן דער וועלט וועגן א יובילעי פון דעם דענקער. נאָר זיכער איז די דאָזיקע ליטעראַטור אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם טיפן אינטערעס פאר די אייביקע, אומשטערבלעכע געדאנקען, וואָס בענעדיקטוס דע ספינאָזאַ האָט אזוי קלאָר און טיף פאָרמולירט אין זיין פילאָסאָפיע.

צום היינטיקן יובל־יאָר זענען אָנגעמערקט געוואָרן אַ רייע זאַמלביכער, פון פאַרשידענע שפּראַכלעכע גרופּן, וואָס קאָנצענטרירן זיך אַרום דעם אינ־טערנאַציאָנאַלן ספּינאָזאַ־אינסטיטוט.

אויף דעם קאָנגרעס אין האַאַג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז צוליב דעם שווערן עקאָנאָמישן קריזיס האָבן די מערסטע ספּינאָזאַ־געזעלשאַפטן אויפגעגעבן דעם געדאַנק אַרויסצוגעבן די געפּלאַנטע זאַמלביכער.

די זעלבע געפאַר האָט אויך געדראָט דעם געפּלאַנטן ספּינאָזאַ־בוך אין ייִדיש.

אַ דאַנק אָבער דער מסירת נפש פון אַ גרופּע ייִדישע ספּינאָזיסטן און דער עקשנות פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם ייִדישן אָפּטייל פון דעם ספּינאָזאַ־אינסטיטוט אין אַמעריקע, איז די געפאַר באַזייטיקט געוואָרן, און מיר גיבן איבער דעם ייִדישן לייענער דאָס בוך, וואָס איז דאָס ערשטע פון דעם מין אין דער ייִדישער שפּראַך.

אין דעם כאָר פון שטימען, וואָס וועלן היינטיקס יאָר אויסדריקן זייער טיפע דאַנקבאַרקייט צו דער לערע פון ספּינאָזאַ, טאָר די ייִדישע שטימע נישט פעלן.

און דאָס איז נישט מחמת ספּינאָזאַ איז געווען אַ ייִד. דער לייענער וועט זען, אַז די „ייִדישקייט" פון ספּינאָזאַן שפּילט גראָד אין דעם בוך די קלענסטע ראָלע.

דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר האַלטן פון העגעלס וואָרט, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין פילאָסאָפיע, און דאָס איז ספּינאָזיזם, און מיר זענען פאַראינטערעסירט אין דער פילאָסאָפיע און נישט אין דעם, אויב ספּינאָזאַ איז געווען אַ ייִד, אָדער צי שטימט זיין פילאָסאָפיע מיט דער אַזוי־גערופענער „ייִדישקייט".

באַזונדערס ווילן מיר אונטערשטרייכן, אַז מיר זענען נאָך ווייט פון אַן אויסשעפּנדיקן באַנעמען פון ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע.

אויף דעם האַאַגער קאָנגרעס איז קלאָר געוואָרן, וויפיל אומקלאָרקייט ס'איז נאָך פאַראַן אין ספּינאָזיזם און וויפיל אַרבעט ס'דאַרף נאָך אַריינ־געלייגט ווערן, כדי קלאָר מאַכן די טערמינאָלאָגיע פון זיין פילאָסאָפיע און אויסגלייכן די כלומרשטע סתירות אין איר, ווי אויך פעסטשטעלן די אמתע השפּעות און באַזייטיקן די אילוזאָרישע איינפלוסן פון אַנדערע פילאָסאָפן אויף ספּינאָזאַן.

*

מיטן דאָזיקן בוך ווערט רעאַליזירט אַ באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1930 דורך דעם יידישן אָפּטייל פון דעם ספינאָזאַ־אינסטיטוט אין אַמעריקע, אַז מען זאָל אַרויסגעבן אַ זאַמלבוך לכבוד דעם דריי־הונדערטסטן געבוירנטאָג פון בענעדיקטוס דע ספינאָזאַ.

דער ספינאָזאַ־אינסטיטוט אין אַמעריקע איז אַ פרייע געזעלשאַפט, וואָס באַמיט זיך צו פאַראייניקן די אַלע, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין ספינאָזאַס פילאָסאָפיע. פריי פון וועלכן עס איז דאָגמאַטיזם אָדער וועלכער עס איז קאָנאָניזירטער ריכטונג אין אויסטייטשן די פילאָסאָפיע פון ספינאָזאַ — עפנט דער אינסטיטוט ברייט זיינע טירן פאַר די אַלע, וואָס האָבן באמת אַן אינטערעס אין לערנען און אויסטייטשן דעם ספינאָזיזם.

ממילא איז אויך דאָס דאָזיקע בוך אַ פרייע טריבונע פאַר אַ גרופּע יידישע ספינאָזיסטן, ד. ה. פאַר אַ גרופּע מענטשן, וואָס זענען פאַראינטערע־סירט אין אַ סיסטעמאַטישער, וויסנשאַפטלעכער פאָרשונגס־אַרבעט בנוגע ספינאָזאַס לעבן און שאַפן.

זייענדיק אַ פרייע טריבונע און גרופּירנדיק אַרום זיך מענטשן פון פאַרשידענע וועלט־קוקן, און אַפילו פּאַרטיי־ריכטונגען — שפּיגלט אָפּ דאָס דאָזיקע בוך די דאָזיקע ריכטונגען אויף אַ גאַר בולטן אופן.

עס איז דעריבער נייטיק צו דערקלערן, אַז די רעדאַקציע איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מיינונגען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אין די אַרטיקלען.

יעדער פון די מיטאַרבעטער איז געווען חשוב, ער זאָל קאָנען האָבן דאָס רעכט אויף זיין אייגענער אויסטייטשונג פון ספינאָזאַס פילאָסאָפיע.

מיטן אויסנאַם פון צוויי מיטאַרבעטער (דר. צ. רודי פון בערלין און י. אַנילאָוויטש פון ווילנע), זענען אַלע איבריקע — פון אַמעריקע.

מיר שטרייכן דאָס אונטער נישט מחמת „לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם”, נאָר מיר ווילן דערמיט דעמאָנסטרירן די קולטור־אַקטיווויטעט אין אַמעריקע, וואָס איז פאַר אונדז אין דעם איצטיקן מאָמענט פון גרויס וויכטיקייט.

ווייל די דאָזיקע אַרבעט, סיי די ספינאָזאַ־קורסן, סיי דער „ספינאָזאַ־בוך”, איז נישט קיין פּראָדוקט פון טרוקענעם אַקאַדעמיזם, קאַבינעט־גריבלערייען, נאָר אַ פּועל־יוצא פון אַן אַקטיווער אַרבעט אויף דער ניו־יאָרקער יידישער גאַס, וואָס ווערט אָנגעפירט שוין זעקס יאָר צייט פון אַ גרופּע ספינאָזיסטן.

דער דאָזיקער גרופּע האָט זיך איינגעגעבן צוציען צו דער אַרבעט יידישע פּראָלעטאַריער און פאָלקס־אינטעליגענטן. אין די קלאַסן פון דעם

יידישן ספינאָזאַ־אינסטיטוט איז געפירט געוואָרן אַ סיסטעמאַטישער קורס איבער ספינאָזיזם, עס איז געליענט געוואָרן די „עטיק" און אויסגעטייטשט געוואָרן; עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן עפנטלעכע סימפּאָזיומס, א. אז. וו.

אַרויסגעבנדיק איצט דאָס דאָזיקע בוך האָבן מיר טאַקע אין זינען די הונדערטער תלמידים פון אונדזערע ספינאָזאַ־קורסן, וואָס האָבן מיט זייערע פראַגעס, מיט זייערע שוועריקייטן, אויף וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן ביים שטודירן ספינאָזאַן, ממש אינספּירירט די פאַרוואַלטונג אויף אַרויס־צוגעבן דעם בוך.

די רעדאַקציע גיט זיך אָפּ אַ קלאָרן דין וחשבון וועגן דעם, וואָס עס פעלט נאָך אין דעם בוך.

איינקע טעמעס זענען באַשטעלט געוואָרן. לײדער איז דער ענטפער געקומען אָדער צו שפּעט אָדער נישט קיין באַפרידיקנדיקער.

עס איז אָבער צו האָפן, אַז אויב דאָס דאָזיקע בוך וועט אַרויסרופן דעם געהעריקן אָפּקלאַנג, וועט מיט דער צייט רייף ווערן דער פּלאַן אַרויס־צוגעבן אַ צווייט זאַמלבוך, אין וועלכן עס זאָלן באַהאַנדלט ווערן די פּראָבלעמען, אין שייכות מיט ספינאָזאַס פילאָסאָפיע, וואָס זענען צוליב ריין־טעכנישע סיבות נישט אַריין אין דעם בוך.

די אַלע אַרבעטן, וואָס מיר דרוקן אין „ספינאָזאַ־בוך" זענען געשריבן ספּעציעל פאַר דעם בוך, און אַלע, מיט איין אויסנאַם (הערי וואָטאָן) — אָריגינעל אין יידיש.

אונדזער אויפגאַבע איז אַרויסצורופן מער ווי אַ צייטווייליקן אינטערעס פאַר ספינאָזאַ, און נישט יוצא זיין מיט צייטונגס־אַרטיקלען צוליב אַ יובל־דאַטע, נאָר טאַקע סיסטעמאַטיש און גרינדלעך באַקענען דעם יידישן לייענער מיט אַלע פאַזן פון ספינאָזיזם, לייגנדיק דעם טראָפּ מער אויף זיין פילאָסאָפיע, ווינציקער אויף זיין ביאָגראַפיע.

די אַרטיקלען ווערן געדרוקט לויטן א"ב פון די מחברים. אַן אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן פאַר דר. חיים זשיטלאָווסקי, דעם חשוב בויער פון דער פילאָסאָפישער ליטעראַטור אין יידיש, דעם סעניאָר אונדזערן און וועגווייזער, וועמען מיר גיבן אָפּ אין דעם דאָזיקן בוך דעם ערשטן פּלאַץ, וואָס עס קומט אים און וואָס ער האָט מיט זיין אַרבעט ביים אַריינפירן אַ פילאָסאָפישע טערמינאָלאָגיע אין יידיש — כשר פאַרדינט.

ווי אַן הוספה צום בוך ווערט פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל אין יידיש ספינאָזאַס „טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פון אינטעלעקט".

די דאָזיקע איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פון די צוויי חברים

פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דעם בוך: ש. ווינער און י. יודקאָוו.

פאַר אַ באַזוּ פאַר דער איבערזעצונג האָבן געדינט עטלעכע פון די בעסטע פרעמדשפּראַכיקע איבערזעצונגען. נאָך דעם ווי די אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט, האָט די רעדאַקציע פאַרגליכן די איבערזעצונג מיטן לאַטיינישן אָריגינאַל, און אַלע אָפּווייכונגען זענען קאָרעגירט געוואָרן אין הסכם מיטן אָריגינעלן טעקסט.

מיט דער איבערזעצונג פון דעם „טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פון מענטשלעכן אינטעלעקט" קומט צו דער יידישער ליטעראַטור אַ דריט וויכטיק ווערק פון ספּינאָזאַ, אָן וועלכן עס איז בכלל שווער צו שטודירן דעם ספּינאָזיזם.

די חברים ש. ווינער און י. יודקאָוו פאַרדינען אַ וואַרימען יישר כח פאַר זייער געוויסנהאַפּטיקער איבערזעצונג. ס'קומט זיי אויך אַ באַזונדערער דאַנק, וואָס זיי האָבן מיר געהאָלפן ביים צוזאַמענשטעלן דאָס בוך. אָן זייער סיסטעמאַטישער און ענערגישער הילף וואָלט דאָס בוך נישט געקאָנט צושטאַנד קומען.

צום סוף וויל איך אויסדריקן אַ טיפן דאַנק די אַלע פריינד און חברים, תלמידים פון די ספּינאָזאַ־קורסן, ווי אויך די מיטגלידער פון ספּינאָזאַ־אינסטיטוט, וועלכע האָבן מיט גרויס התמדה געהאָלפן זאַמלען אַבאָנענטן פאַרן בוך און מיט זייער אומדערמידלעכער הילפס־אַרבעט דערמעגלעכט, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען.

דער „מוטער־אָרגאַניזאַציע", דעם ספּינאָזאַ־אינסטיטוט, דאַנק איך פאַר דער פינאַנציעלער הילף ביים אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע זאַמלבוך.

דעם יידישן אָפּטייל פון ספּינאָזאַ־אינסטיטוט דריק איך אויס מיין טיפן דאַנק פאַר דעם גרויסן כבוד, וואָס מען האָט מיר צוגעטיילט — דורך באַשטימען מיך צו רעדאַקטירן דאָס „ספּינאָזאַ־בוך".

די מיטאַרבעטער פון ספּינאָזאַ־בוך — סיי די, וואָס נעמען דירעקט אַנטייל אין דעם זאַמלבוך, סיי יענע, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט אונדז — דריק איך אויס אין נאָמען פון דער רעדאַקציע אַ האַרציקן דאַנק!

**דר. יעקב שאַצקי**

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 15, 1932.

ד״ר. ח. זשיטלאָווסקי

# ספּינאָזיזם און קריטיציזם

## אַ פּאָר באַמערקונגען צו דעם פּראָבלעם

אין דער זעלביקער צייט ווען דער ספּינאָזיזם איז געוואָרן פּאָפּולער אין דער דייטשער געדאַנקענוועלט, — אַ דאַנק אַ הערדער, אַ געטע, אַ לעסינג, — איז אין איר אויך אויפגעקומען דער שאַרפסטער אַנטאַגאָניזם צו ספּינאָזאַס אַרט דענקען. מיר מיינען דאָ קאַנטס קריטישע דערקענטעניש־טעאָריע, וואָס שטרעבט אָפּצושאַפן יעדע מעטאַפיזיק און אַוועקשטעלן זיך אויף איר אָרט.

עס פרעגט זיך די שאלה, צי קאָן מען נאָך בלייבן אַ ספּינאָזיסט, ווען מען שטייט אונטער דער השפּעה פון קאַנטס קריטיציזם.

ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע געהערט זיכער צו דער געדאַנקען־ריכטונג פון דעם דאָגמאַטישן אָביעקטיוויזם, וואָס איז געבויט אויף דעם גלויבן אין דער אידענטיטעט פון זיין און דענקען. דער עיקר איז אָט דער דאָגמאַטישער אָביעקטיוויזם איינגעגלויבט, אַז די וויכטיקסטע קאַטעגאָריען פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש זענען אין דער זעלביקער צייט גרונד־פּרינציפּן פון דעם אַלוועלטלעכן זיין און געשען. סובסטאַנץ, קאַוזאַליטעט און גאָט זענען די דריי זיילן אויף וועלכע עס האַלט זיך דער גאַנצער ספּינאָזיסטישער בנין. אָבער קאַנט האָט גראָד אין זיין „קריטיק פון דעם ריינעם שכל״ באַוויזן, אַז אָט די פאָרמען און פּראָדוקטן פון דער מענטשלעכער דער־קענטעניש זענען פון אַ ריין סוביעקטיוו־מענטשלעכן כאַראַקטער און דערפון געצווּיגן דעם שלום, אַז זיי קאָנען נישט אָנגעווענדט ווערן אויף דער „זאַך אין זיך״, ד. ה., אויף דער וועלט מחוץ פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

שווידערלעכער פאַר אַלץ האָט אין קאַנטס טעאָרעטישן בנין אָפּגעשניטן די אידעע „גאָט״, וואָס איז די נשמה פון דעם גאַנצן ספּינאָזיסטישן סיס־טעם. ספּינאָזאַס באַווייז פאַר דער עקסיסטענץ פון אַ וועלט־גאָט איז, ווייניקסטנס, לויט דער פאָרם פון דער באַווייז־פירונג, אַ נאָענטער קרוב צו דעם אָנטאָלאָגישן גאָט־באַווייז פון אַנסעלם פון קענטערבורי, און גראָד אָט דער באַווייז איז אַזוי אומברחמנותדיק פונאַנדערגעפּאַלמעסט געוואָרן אין קאַנטס קריטיק.

מיט דער קריטיק פון דעם „גאָט״־באַגריף, מיט דעם איינזען, אַז „סובסטאַנץ״ און „קאַוזאַליטעט״ זענען קאַטעגאָריען פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, צו וועלכע עס געהערט אויך די „נויטווענדיקייט״, — ווערן

צעטרייסלט אַלע זייַלן פון דעם ספינאָזיזם, און מען קאָן מיינען אַז די גאַנצע ספינאָזיסטישע פילאָסאָפיע איז אויף אייביק באַזייטיקט געוואָרן פון אַ דענקען, וואָס וויל זיך ערנסט רעכענען מיט קאַנטס קריטיק פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש. און עס איז אונדזער זיכערסטע איבערצייגונג, אַז קיין פילאָסאָפישער סיסטעם קאָן איצטער ניט פּרעטענדירן אויף אַן ערנסטן פּלאַץ אין דער געדאַנקענוועלט, כל זמן ער האָט ניט דורכגעפירט זיין חשבון מיט דעם קריטיציזם. מיר גלייבן אָבער, אַז אויך פאַר אַ גייסט, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך דער דערקענטעניש־קריטישער שולע, קאָן דער ספינאָזיזם געראַטעוועט ווערן, אָבער נאָר בתנאי, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אינאיינעם מיט קאַנטן, אַז עס איז דאָ ביי דעם מענטשן אַ מעטאַפיזישע באַדערפעניש. מיר מוזן אָבער דערביי אויך איינזען, אַז דידאָזיקע מעטאַ־פיזישע באַדערפעניש קאָן נישט באַפרידיקט ווערן דורך אַ ריין־נעגאַטיוור־קריטישער שטעלונג צו דער דערקענטעניש פון דער „זאַך אין זיך”. מען דאַרף, גלייב איך, אויך דעם קריטיציזם נעמען אין אַ געוויסן רעלאַטיוון זין. מיר מוזן באַטראַכטן די גאַנצע מענטשלעכע דערקענטעניש ווי אַ סיסטעם פון פאַרשידענע דערקענטעניש־ספערן, באַוואוסטזיינס־ספערן, וואו יעדע ספערע האָט, אַזוי צו זאָגן, איר אייגענעם קאָאָרדינאַטן־סיסטעם, אירע אייגענע גרונד־פּרינציפּן און אירע אייגענע קריטעריען פאַר דער אַבסאָלוטער וואָרהייט. לפי דעם, וועלן די קריטעריען פון וואָרהייט אין דער ספערע פון דער דערקענטעניש־טעאָריע פאַרלירן זייער אַבסאָלוטע מאַכט אין יענער אַנדער ספערע פון דער דערקענטעניש, וועלכע מיר רופן די „מעטאַפיזישע”.

די אמתן פון דער מעטאַפיזיק ווערן דעמאָלט גענומען נישט דאָגמאַטיש, נאָר ווי אַ באַפרידיקונג פון אַ סוביעקטיוו־מענטשלעכן מעטאַפיזישן באַדער־פעניש, וואָס שטרעבט צו פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין, וואָס איז וועלט, דורך וואָס ווערט געטראָגן דער גאַנצער וועלט־פּראָצעס און דורך וואָס ווערט ער צונויפגעהאַלטן אינאיינעם. מען קאָן אויך צוגעבן, אַז די באַ־פרידיקונג פון דעם מעטאַפיזישן באַדערפעניש מוז זיין פאַרשידן אין פאַרשידענע היסטאָרישע צייטן, אפשר אויך פאַרשידן פאַר פאַרשידענע קלאַסן, גרופּן און אינדיווידן.

אין דעם קאָאָרדינאַטן־סיסטעם פון דעם מעטאַפיזישן דענקען איז דער אַבסאָלוטער אמת דאָס, וואָס יעדער איינער איז, מחמת די אָדער יענע טעמים, געצוואונגען צו דענקען וועגן דער וועלט, וועגן אירע לעצטע יסודות און וויכטיקסטע כאַראַקטעריסטיקן. לאָזט מען אָבער צו אָט די קריטישע גרונד־הנחה, מוז מען שוין צוגעבן, אַז די פּראָבלעמען פון דער

מעטאַפיזיק קאָנען פאַרענטפערט ווערן ניט אַנדערש, ווי נאָר דורך די מענטשלעכע דענק־פאָרמען, וועלכע קאַנט באַטראַכט פאַר ריין־סוביעקטיוו. זיי מוזן טאַקע באַטראַכט ווערן פאַר ריין־סוביעקטיוו, אָבער נאָר אין דער באַוואוסטזיינס־ספערע פון דער דערקענטעניש־טעאָריע. אין דער באַוואוסטזיינס־ספערע פון דער מעטאַפיזיק איז דאָס גאַנץ אַנדערש. דאָ מוזן זיי על פי נויטווענדיקייט געשעצט ווערן, ווי אַבסאָלוט אָביעקטיוו. עס איז, זאָגן מיר, ווי מיט דער טעאָריע פון קלאַנגען אין דער מוזיק און אין דער פיזיק. אין דער פיזיק מוזן אפשר די קלאַנגען באַהאַנדלט ווערן ווי ריין־סוביעקטיווע רעאַקציעס אויף די קלאַנגלאָזע לופטוועלן אין דער דרויסנדיקער וועלט. פאַר דער פיזיק עקסיסטירן נישט קיין קלאַנגען, און די לופטוועלן גופא קאָנען אפשר אין אַן אַנדער אָרגאַניזירטן הער־סיסטעם אַרויסברענגען אַ גאַנץ אַנדער זאַך, איידער דאָס וואָס מיר רופן קלאַנגען. פאַר דעם מענטשן אָבער און פאַר די אונדז באַקאַנטע אָרגאַניזמען, איז די קלינגענדיקע לופט אַ פאַקט, אַן „אַבסאָלוטער אמת", און די מוזיק מאַכט פון זיי די שענסטע סימפאָניעס. פאַר דעם דערקענטעניש־טעאָרעטיקער, וואָס וויל בלייבן נאָר אין זיין ספערע אָדער וואָס וויל באַהאַנדלען אַלע אַנדערע באַוואוסטזיין־ספערעס נאָר אין דעם ליכט פון דער דערקענטעניש־טעאָריע, איז אפשר די גאַנצע מעטאַפיזיק ניט מער ווי „קלינגענדיקע לופט". פאַר דעם מענטשן אָבער וואָס וויל נישט אונטערדריקן אין זיך זיין מעטאַפיזישע באַדערפעניש, זענען די טענער פון יענער קלינגענדיקער לופט פונדאַמענטאַלע רעאַליטעטן. אגב, האָט דאָך אויך קאַנט צוגעגעבן, אַז די „פאָרמען פון דער אָנשויאונג" (רוים און צייט) אין די קאַטעגאָריען פון דעם פאַרשטאַנד, — ווי סובסטאַנץ און קאַוזאַליטעט, — זענען „טראַנסצענדענטאַל אידעאַל, אָבער עמפּיריש רעאַל". דאָס מיינט נישט קיין אַנדער זאַך, אַז אין דער באַוואוסטזיין־ספערע פון דעם עמפּירישן וויסן מוזן זיי באַהאַנדלט ווערן, ווי רעאַליטעטן. קאָן מען דאָך אויך זאָגן, אַז אויך די אידעען פון דעם שכל, וואָס בויט אַ מעטאַפיזישע באַוואוסטזיינס־ספערע איבער די עמפּירישע וויסנשאַפטן און אין האַרמאָניע מיט זיי, זענען „מעטאַפיזיש רעאַל", הגם טראַנסצענדענטאַל מעגן זיי פליסן פון אַן אידעאַלן מקור.

ס'איז אָבער דאָ נאָך אַן אַרגומענט, אַ דאַנק וועלכן דער ספינאָזיזם קאָן באַשטיין זיין שטעטל לגבי דעם אָנפאַל פון דעם קריטיציזם. מען קאָן גאַנץ גוט אָננעמען מיט דער גאַנצער דערקענטעניש־קריטיק, אַז אַלע דענק־פאָרמען פון אַ מענטשלעכן באַוואוסטזיין האָבן אַ סוביעקטיוו־מענטשלעכן מקור. עס איז אָבער נאָך גאָר ניט אַזוי צווינגענדיק אָנצונעמען,

אינאיינעם מיט קאַנטן, אַז ווייל יענע פאָרמען זענען פון אַ סוביעקטיוון מקור, טאָר מען זיי ניט אָנווענדן אויף דער וועלט דרויסן פון דער דערקענטעניש אָדער אַז זיי קאָנען אין יענער וועלט ניט שפּילן קיין פונדאַמענטאַלע ראָלע. אַלץ, וואָס קאַנט האָט באַוויזן, איז, אַז מיר האָבן קיין רעכט נישט דאָגמאַטיש צו פאַרעקשנען זיך, אַז דאָס „דענקען" איז אידענטיש מיט דעם „זיין". קאַנט האָט אָבער ניט באַוויזן, אַז דאָס דענקען און דאָס זיין מוזן זיך אַבסאָלוט פונאַנדערגיין. די פראַגע, צי „זיין" און „דענקען" זענען אידענטיש אָדער צווישן זיי הערשט אַ תהום, איז אין מיינע אויגן אַן אַנטינאָמישע פראַגע, פונקט ווי עס איז אויך אַנטינאָמיש די פראַגע וועגן סאָליפּסיזם און רעאַליזם. ביידע אַזעלכע פראַגן און נאָך אַנדערע וואָלט מען גאַנץ גוט געקאָנט באַהאַנדלען אויף דעם זעלביקן שטייגער, ווי קאַנט האָט דאָס געטאָן מיט די פיר אַנטינאָמיען פון דעם „ריינעם שכל". און דעמאָלט וואָלט עס זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די אַרגומענטן פאַר און די אַרגומענטן קעגן האַלטן זיך אין דער טעאָריע די וואָג און אַז עס דאַרף זיך אויף איין שאָל אָדער אויף דער אַנדערער אַוועקלייגן עפּעס אַן אַנדער זאַך, וואָס שטאַמט שוין נישט פון דעם ריינטעאָרעטישן דענקען, כדי אַרויסצוברענגען דעם איבער־וואָג אויף דער אָדער יענער זייט.

דערקלערן קאַטעגאָריש און אַבסאָלוט, אַז „דענקען" און „זיין" קאָנען בשום אופן נישט זיין אידענטיש, איז אין מיינע אויגן אַ ריין דאָגמאַטישער זאַץ, פון וועלכן עס ליידט די גאַנצע קאַנטישע פילאָסאָפיע ווי אויך דער גאַנצער נאָך־קאַנטישער קריטיציזם. אויב די דאָגמאַטישע מעטאַפיזיק, וועלכע קאַנט צעדריבלט אין אַ גאָרנישט מיט די מיטלען פון דער דערקענטעניש־קריטיק, זאָלן מיר אָנרופן: „די פּאָסט־עמפּירישע מעטאַפיזיק", קאָן מען קאַנטס דאָגמאַטישן זאַץ פון דער „נישט־אידענטיטעט", — ווי, אגב, אויך זיין גאַנצע לערע וועגן דעם אַ־פּריאָרישן מקור פון די פאָרמען, קאַטעגאָריען און אידעען, — אָנרופן „אַ פּרע־עמפּירישע מעטאַפיזיק".

נאָך אַמאָל: די פראַגן וועגן דעם אַפּריאָרישן מקור פון די דערקענטעניש־פאָרמען און וועגן דער אידענטיטעט פון „זיין" און „דענקען" זענען אין זיך גופא אַנטינאָמישע פראַגן. דער איבערוואָג, וואָס ווערט געלייגט אויף דער אָדער יענער שאָל פון אַן אַנטינאָמישער פראַגע, שטאַמט אויך ביי קאַנטן נישט פון דעם טעאָרעטישן שכל, נאָר פון דעם פּראַקטישן. קאָנען מיר דאָס אויך טאָן בנוגע אונדזער פּראָבלעם. די פּראַקטישע שטרעבונג טרעט דאָ אַרויס אין דער פאָרם פון דעם מעטאַפיזישן באַדערפעניש,

וואָס באַשאַפט אַ באַזונדער ספערע פון דעם מענטשלעכן העכערן באַוואוסט־זיין — די מעטאַפיזיק מיט אירע קאָאָרדינאַטן, וואָס אין זייער סיסטעם מוזן די מענטשלעכע באַוואוסטזיינס־פאָרמען באַלייגט ווערן מיט דעם ווערט פון דעם „אַבסאָלוטן אמת". זיי זענען אָבער „אַבסאָלוט" אמת נאָר אין די גרענעצן פון אָט דער ספּעציפישער באַוואוסטזיין־ספערע. אַנדערע באַוואוסטזיין־ספערן, — ווי צום ביישפּיל, די ריין־טעאָרעטישע וויסנשאַפטן, די קינסטלערישע שאַפונג, די מאָראַלישע באַגריפן און פאָדערונגען, די רעליגיעזע אידעען און בענקשאַפטן, — האָבן אַ פולשטענדיק רעכט צו פירן פאַר יענע דערקענטעניש־פאָרמען אַ גאַנץ אַנדער חשבון און נעמען זיי אין אַ גאַנץ אַנדער באַדייט, איידער זיי מוזן גענומען ווערן אין דער מעטאַפיזיק. —

עס איז נישט דאָ דער אָרט, קריטיש דורכצומוסטערן די ספּינאָזיסטישע פילאָסאָפיע און אַרויסצוברענגען אַלע פונדאַמענטאַלע עלעמענטן אירע, וואָס קאָנען פאַרבלייבן אין אַ סיסטעם פון אַ קריטיש דורכגעשולטן מעטאַפיזישן דענקען. מיר ווילן דאָ אָנדייטן נאָר אויף דריי פון אַזעלכע גרונד־עלעמענטן:

א) די גאָט פראַגע. פאַר אַ מעטאַפיזישער באַטראַכטונג פון דער וועלט איז דער גאָט־באַגריף אַבסאָלוט נייטיק, כדי צו פאַרענטפערן די פראַגע, צי די גאַנצע וועלט איז אַ פּראָדוקט פון אַ בלינדן צופאַל אָדער זי שטאַמט פון אַ קוואַל, וואָס איז אַבסאָלוט נויטווענדיק אין זיך גופא און טראָגט אין זיך גופא דעם לעצטן גרונד פון זיין נויטווענדיקער עקסיסטענץ. ביי ספּינאָזאַן איז די פראַגע פאַרענטפערט געוואָרן בדרך כלל דורך דעם, וואָס ער אידענטיפיצירט דעם באַגריף „גאָט" מיט דעם באַגריף „וועלט־סובסטאַנץ" און באַווייזט, אַז די סובסטאַנץ איז על פּי נויט־ווענדיקייט אַ „קאַוזאַ־סואי", עפּעס אַזוינס, "cujus essentia existentiam involvit," דאָס הייסט, וועמעס עצם עס איז כולל אין זיך די עקסיסטענץ. אַזאַ באַווייז־פירונג קאָן אונדז זיכער נישט באַפרידיקן. עס שמעקט שוין צופיל מיט דעם שפּיל פון סכאָלאַסטישע דעפיניציעס. און חוץ מזה, קאָן מען דאָך נישט אין גאַנצן פאַרוואַרפן קאַנטס אָנווייז, אַז די עקסיסטענץ קאָן נישט געהערן צו די סמנים פון אַ באַגריף. אָבער אויב מיר פאַרלאָזן די דעפיניציעס און טראַכטן זיך אריין אין דער פראַגע: „צופעליק אָדער נויטווענדיק?" — זעען מיר דאָך איין, אַז אַ מעטאַפיזישע וועלט־דערקענטע־ניש קאָן נישט געבויט ווערן אויף דעם פּרינציפּ פון צופאַל. די עקסיסטענץ פון דעם וועלט־אַל מוז האָבן אַ „גענוגיקן גרונד". וואָס עס זאָל נישט

זיין מיט דעם זאַץ פון דעם גענוגיקן גרונד אין אַנדערע ספערן פון דעם מענטשלעכן באַוואוסטזיין, אין דער מעטאַפיזיק קאָנען מיר נישט אַנדערש; מיר מוזן אים אָננעמען ווי דעם פירנדיקן שטערן און דעם אַבסאָלוטן קריטעריום פאַר אונדזערע דערקענטעניש אין אָט דער ספערע. פונקט ווי „פרייהייט" איז אַ פּאָסטולאַט פון דעם פּראַקטישן שכל, אַזוי איז דער זאַץ פון דעם גענוגיקן גרונד, וואָס ווערט אין דער לעצטער ליניע צוריק־געפירט צו דער זאַץ פון נויטווענדיקייט, אַ פּאָסטולאַט פאַר דעם מעטאַ־פיזישן דענקען. פון דער אַנדער זייט, קאָנען מיר זיך נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי עס זאָל מעגלעך זיין אַזאַ מין מציאות, פון וועלכער מיר האָבן קיין אַנאַלאָגיע נישט אין דער וועלט פון דער דערפאַרונג, וואָס זאָל אין זיך גופא איינשליסן די אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט פון איר אייגענער רעאַלער עקסיסטענץ. אפילו דער גאָט פון דעם טאָג־טעגלעכן נאַאיוון באַוואוסטזיין, מוז זיך אויך רעכענען מיט דער גאַנץ ערנסטער שאלה, וועלכע שוין אַ קינדערשער שכל איז אָפט ביכולת צו שטעלן: און ווער האָט באַשאַפן גאָט? אָבער אויב די מעטאַפיזישע באַוואוסטזיין־ספערע מוז זיך בויען אויף דעם זאַץ פון דעם גענוגיקן גרונד און פון דער נויט־ווענדיקייט, מוזן מיר עאָ איפסאָ צוגעבן, אַז אין דער וועלט מוז פאָרט זיך געפינען אַזאַ מין אויסטערלישע „איזנקייט", וואָס איז אַ „קאַוזאַ סואי", וואָס שליסט איין אין זיך די נויטווענדיקייט פון איר אייגענעם זיין און וואָס איז דער לעצטער קוואַל, פון וועלכן עס פליסן אַלע זיינס־נויט־ווענדיקייטן אין דער וועלט. מיט פולן רעכט קאָנען מיר אַזאַ „איזנקייט" אָנרופן „גאָט". „גאָט" איז לפי זה דער נויטווענדיקער גרענעץ־באַגריף, אויף וועלכן מיר שטויסן זיך אָן מיטן קאָפּ, ווי אַ פיש שטויסט זיך אָן מיטן קאָפּ אָן דעם ברעג (לויט דעם געלונגענעם פאַרגלייך פון פרידריך אַלבערט לאַנגע). אונדזער קאָפּ איז נישט ביכולת אפילו צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַזאַ מין מציאות קאָן אויסגעמאָלט ווערן. אָבער די זיכערקייט, אַז זי איז דאָ, קאָן נישט אַרויסגעשלאָגן ווערן פון אונדזער קאָפּ, אויף וויפיל ער באַשעפטיקט זיך מיט די פּראָבלעמען פון דער מעטאַפיזיק און איז טריי צו יענע פאָדערונגען, וואָס הערשן אין אָט דעם באַשטימטן סיסטעם פון געדאַנקלעכע קאָאָרדינאַציעס.

ב) דער ספינאָזיסטישער מאָניזם. עס קאָן גאָר קיין ספק נישט זיין, אַז אין אַ מעטאַפיזישער באַוואוסטזיין־ספערע, ווי, אגב, אויך אין נאָך אַנדערע באַוואוסטזיין־ספערן, מוז דער מאָניזם שפּילן אַ געוואַלטיק גרויסע ראָלע. די מעטאַפיזיק וויל דערקלערן די גאַנצע וועלט ווי אַן איינ־

איינציקע איינהייט. אַלע וועלט־פּראָצעסן זענען דעמאָלט אויסגעבונדן אין איינעם און צונויפגעהאַלטן דורך דעם פּרינציפּ פון דעם גענוגיקן גרונד. אַזאַ איינהייטלעכער באַנעם פון דער גאַנצער וועלט לאָזט זיך אַמבעסטן דורכפירן, ווען מיר נעמען אָן איין איינציקע סובסטאַנץ און איין איינציקן קוואַל פון נויטווענדיקייט, פון וועלכן עס פליסן אַרויס אַלע געשעענישן אין דער וועלט און זייערע גענוגיקע טעמים, דאָס הייסט, יענע טעמים וואָס מאַכן אַז די דערשיינונגען און פּראָצעסן און „געזעצן" זאָלן זיין גראָד אַזעלכע און נישט קיין אַנדערע. דער מאָניזם איז, בכן, דער וויכטיקסטער בוי־פּרינציפּ אין דעם אויפבוי פון אַ מעטאַפיזישער וועלט־אָנשויאונג. דער ספּינאָזיסטישער מאָניזם שיידט זיך אָבער אָפּ פון אַלע אַנדערע סיי אין דעם באַנעם וועגן דעם עצם פון דער וועלט־סובסטאַנץ, סיי אין דעם באַנעם וועגן דעם כאַראַקטער פון יענער אַרט נויטווענדיקייט וואָס פליסט פון איר אַרויס.

אַלע מאָניסטישע סיסטעמען קאָנען, נאָך מיין מיינונג נאָך, איינגעטיילט ווערן אין צוויי קלאַסן, וועלכע מיר טרעפן אָן כמעט אומעטום, וואו דער מענטשלעכער גייסט האָט צו טאָן מיט אַ געוויסער פּאָליאַריטעט פון עלעמענטן, — זאָגן מיר, מיט דער פּאָליאַריטעט פון עלעמענט „אַלף" און עלעמענט „בית", און מיט דעם שטרעבן, אַרויסצוברענגען זייער איינהייט. דעם ערשטן קלאַס פון מאָניסטישן דענקען קאָן מען אָנרופן: „גענעטישער מאָניזם". דעם צווייטן קלאַס קאָן מען אָנרופן: „סינטעטישער מאָניזם". דער גענעטישער מאָניזם שטרעבט צו פאַראיינהייטלעכן די פּאָליאַרע עלעמענטן אויף איינעם פון די פאָלגנדיקע דריי אופנים:

ערשטער אופן: ווי דער אויסגאַנגס־פּונקט, ווערט גענומען עלעמענט „אַלף". דער עלעמענט „בית" ווערט באַטראַכט ווי אַן אַרויספלוס און מאָדיפיקאַציע פון דעם עלעמענט „אַלף". אין דער מעטאַפיזיק זאָל דאָס זיין דער אידעאַליזם, וואָס נעמט דעם „גייסט" ווי אַן אַרויסגאַנגס־פּונקט און די „מאַטעריע" ווי אַן אַרויספלוס און מאָדיפיקאַציע פון דעם גייסט.

אופן צוויי: פאַר דעם אַרויסגאַנגס־פּונקט ווערט גענומען עלעמענט „בית" און דער עלעמענט „אַלף" ווערט באַטראַכט ווי זיין אַרויספלוס און מאָדיפיקאַציע. אין דער מעטאַפיזיק וועט דאָס לפי זה זיין דער מאַטעריאַליזם, וואָס באַטראַכט די מאַטעריע פאַר דער איינציקער וועלט־סובסטאַנץ און דעם גייסט פאַר אַ מאָדיפיקאַציע פון ריין מאַטעריעלע געשעענישן.

אופן דריי: ביידע עלעמענטן, „אַלף" און „בית", ווערן באַטראַכט ווי אַרויספלוסן און מאָדיפיקאַציעס פון עפּעס אַ דריטער זאַך, וואָס איז נישט

„אלף" און נישט „בית". אַט די ארויספלוסן גייען זיך פונאנדער און קאָנען עקסיסטירן איינס מחוץ פון דעם אנדערן. ווי א ביישפּיל פון אזא מעטאפיזישן מאָניזם קאָן אָנגענומען ווערן די שעלינגשע וועלט־סובסטאַנץ, אויף וועלכער העגעל האָט געזאָגט, אַז אין איר, ווי אין דער נאַכט, זענען אַלע בהמות שווארץ.

דער צווייטער קלאַס פון מאָניסטישן דענקען, דער סינטעטישער מאָניזם, נעמט אָן, אַז „אלף" איז נישט קיין ארויספלוס פון „בית" און „בית" איז נישט קיין ארויספלוס פון „אלף" און אַז זיי שטאַמען נישט פון א וועלכער עס איז דריטער זאַך וואָס האָט זיי נישט אין זיך, נאָר אַז „אלף" און „בית" זענען צוויי נויטווענדיקע אַטריבוטן פון איין און דער זעלביקער סובסטאַנץ, אַזוי סינטעטיש איינס, אַז זיי קאָנען נישט אָפּגעשיידט ווערן איינס פון דעם אנדערן, ווי די זייטן פון איין און דער זעלביקער זאַך; אַז אומעטום וואו עס איז דאָ „אלף" איז אויך אין דער זעלביקער צייט פאראַן „בית", און אומעטום וואו עס איז דאָ „בית" איז אין דער זעלביקער צייט אויך דאָ „אלף". אין דער מעטאפיזיק איז אַט דער סינטעטישער מאָניזם אויסגעבויט און באַפעסטיקט געוואָרן פון ספּינאָזאַן, פאַר וועמען „גייסט" און „מאַטעריע" האָבן נישט קיין זעלבסטשטענדיקע סובסטאַנציעלע רעאַליטעט, איינס מחוץ פון דעם אנדערן, נאָר זענען נישט קיין אנדער זאַך ווי צוויי גלייכבארעכטיקטע אַטריבוטן פון איין און דער זעלביקער סובסטאַנץ: „דענקען" און „אויסגעשפּרייטקייט".

האַנט אין האַנט מיט דעם סינטעטישן מאָניזם אין דעם סובסטאַנץ־באַגריף גייט אויך ביי ספּינאָזאַן דער סינטעטישער מאָניזם אין דעם באַגריף פון דער נויטווענדיקייט. בעת פאַר דעם אידעאַליסט איז די נויטווענדיקייט און די טרייבנדיקע קראַפט פון דער וועלט נאָר א ריין־גייסטיקע, — ווי צום ביישפּיל אין העגעלס סיסטעם פון דעם „וועלט־שכל", — און בעת פאַר דעם קאָנסעקווענטן מאַטעריאַליסט איז די וועלט־נויטווענדיקייט א ריין מאַטעריעלע, שיר נישט א מעכאַניש־פיזישע, — ווייל גייסט איז דאָך ערשט א שפּעטערדיקער ארויספלוס פון ריין מעכאַנישע פיזיקאַלישע און כעמישע פּראָצעסן, — איז פאַר ספּינאָזאַן די וועלט־נויטווענדיקייט א טאָפּלטע, אַ סינטעטישע, א שטענדיקע פּאַראַלעלע צונויפשטימונג פון די מאַטעריעלע געשעענישן מיט דעם געטלעכן געדאַנק, דער „נאַטורא נאַטוראַנס", וואָס באַהערשט זיי אין יעדן מאָמענט פון דער צייט און אין יעדן אָרט פון זייער ארויסווייז. ביי ספּינאָזאַן איז דעריבער „קאַוזאַ" אַלעמאָל אויך „ראַציאָ".

עס איז דאָ דער פּלאַץ צו באַמערקן, אַז אויך קאַנט ווענדט אָן דעם בוי־פּרינציפּ פון דעם סינטעטישן מאָניזם אין זיין לערע וועגן דער דער־פאַרונג. דאָ האָבן מיר פאַר זיך צוויי פּאָליארע עלעמענטן: די „אָנ־שויאונג" און דעם „באַגריף". לערנט קאַנט, אַז „אָנשויאונג אָן באַגריפן איז בלינד און באַגריפן אָן אָנשויאונג איז ליידיק." דער פּראָצעס פון דער דערפאַרונג דאַרף טאַקע גענומען ווערן, ווי אַ סינטעטישער אין זיין גאַנצן פאַרלויף אַזוי, אַז „אָנשויאונג" איז קיינמאָל נישט פאַראַן אין אים אָן דענקען, און דענקען איז תמיד אָנגעפילט מיט אָנשויאונג.

דערזעלביקער ספּינאָזיסטישער בוי־פּרינציפּ פון דעם סינטעטישן מאָניזם קאָן אויך אַריבערגעטראָגן ווערן אויף אַלע דערקענטעניש־פעלדער, וואו מען האָט צו טון מיט דער פּאָליאַריטעט פון „רעם" און „אידעאַ". געוויינטלעך באַנוצט מען זיך דערביי מיט די אופנים פון דעם גענעטישן מאָניזם: אָדער „אידעאַ אַנטע רעם", אָדער „אידעאַ פּאָסט רעם". סינ־טעטיש־מאָניסטיש מוז אַלע מאָל גענומען ווערן: „אידעאַ אין רע".

דער עיקר אָבער אין אַ מעטאַפיזישן וועלט־באַנעם.

ווען איך טראַכט וועגן דער ספּינאָזיסטישער וועלט־איינהייט, אַסאָצי־אירט זיך ביי מיר אָט דער געדאַנק מיט דער פּאָרשטעלונג פון דער באַרימטער לאַאָקאָן סטאַטוע, וואו די איינצלנע פיגורן זענען אויסגעהאַקט פון איין און דעם זעלביקן מאַרמאָר־בלאָק, דער מאַטעריעלער סובסטאַנץ, וואָס זייער זין אָבער איז נישט קיין פּראָדוקט פון מעכאַניש־כעמישע און פיזישע פּראָצעסן אין דעם מאַרמאָר־בלאָק, נאָר פון דעם קינסטלערישן געדאַנק, וואָס איז אויסגעדריקט אין זיי, אין וועלכן זיי אַלע, ביי זייער גאַנצער פאַרשידנקייט אין דעם דרויסנדיקן אויסזען, זענען צונויפגעבונדן אין איין איינציקער אידעע.

נאָך בעסער וואָלט אפשר געווען צו פאַרגלייכן די ספּינאָזיסטישע וועלט־איינהייט מיט דער אידעאישער איינהייט פון אַ מוזיקאַלישער סימ־פאָניע, וואָס רעאַליזירט איר אידעע אין דער ווירקלעכקייט דורך די כוואַליעס פון דער קלינגענדיקער לופט. אַ גוטער ביישפּיל איז אויך אַ גרויסע פּאָעמע, וואָס רעאַליזירט איר אינעווייניקסטן אינהאַלט דורך די פאָרמען פון די איינצלנע אותיות פון וועלכע זי איז צונויפגעשטעלט, וואָס איר זין אָבער ליגט נישט אין אָט די דרויסנדלעכע אותיות־פאָרמען, נאָר אין דער אידעע פון דעם גאַנצן ווערק.

לפי דעם האָט מען אַ רעכט צו זאָגן, אַז לויט דער ספּינאָזיסטישער קאָנצעפּציע פון דער וועלט־איינהייט, זענען אַזעלכע פאַרשידענע דער־

שיינונגען, ווי, זאָגן מיר, דער אַטענטאַט פון אַ רעוואָלוציאָנער אויף אַ טיראַן ערגעץ וואו אין רוסלאַנד און דער פאַקט, וואָס אין דער זעלביקער צייט האָט אַ פויגל אין זיד־אַפריקע איינגעשלונגען אַ וואָרעם, און די מיליאָנען און מיליאָנען אַנדערע וועלט־פּראָצעסן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דעם זעלביקן צייט־מאָמענט, זענען אין דער אמתן נישט קיין אָפּ־געריסענע פאַרשידענע דערשיינונגען, וואָס האָבן קיין ברעקל גייסטיקן שייכות נישט צווישן זיך, נאָר טענער פון פאַרשידענע אינסטרומענטן אין איין און דער זעלביקער וועלט־סימפאָניע, וואָס האָבן זייער זין און דעם גרונד פון זייער צייטלעכן צונויפזיין אין דעם זין פון דעם איינהייטלעכן וועלט־געדאַנק.

אַלע וועלט־דערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אין איין־און־דעמזעלביקן צייט־מאָמענט, זענען ווי אותיות אין אַ סטראָפע פון אַ פּאָעטישן ווערק. די וויסנשאַפט צעהאַקט די דאָזיקע דערשיינונגען און שטודירט יעדע באַ־זונדער, זוכנדיק אין די דרויסנלעכע פאָרמען פאַרשידנקייטן און צונויפ־שטימונגען. דער גענעטישער מאָניזם וועט זוכן דעם אינעווייניקסטן זין פאַר יעדער דערשיינונג באַזונדער אין דער אומענדלעכער קייט פון מעכאַנישע אורזאַכן, וואָס האָבן זיי אַרויסגעבראַכט: דעם רעוואָלוציאָנערן אַטענטאַט אין איין קייט פון דערשיינונגען, דעם אויפגעפרעסענעם וואָרעם אין אַ וועלכער עס איז אַנדער קייט. נאָר אין דעם סינטעטישן מאָניזם זענען זיי נישט אָפּגעטיילט איינס פון דעם אַנדערן, נאָר צונויפגענאָסן אינאיינעם אין אַ העכערן זין פון דעם וועלטלעכן געשעען, וועלכע מיר קאָנען נאָך לײדער נישט פאַרשטיין.

ג) דער „אַמאָר דעאי אינטעלעקטואַליס". די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט איז די קרוין פון דער גאַנצער ספּינאָזיסטישער מעטאַפיזיק און פון זיין עטיק. אין איר לויפן זיך צונויף אַלע ליניעס פון זיין געדאַנקלעכן בנין. זי זאָל אויך זיין דער פירנדיקער שטערן אין אונדזער וועג צו דער מאָראַלישער פולקומענהייט. דאָס שטימט אין גאַנצן צונויף מיט דער קאָנ־צעפּציע פון יענער וועלט־איינהייט, וועגן וועלכער מיר האָבן נאָר־וואָס גערעדט. אויב די וועלט איז אַ געטלעכע סימפאָניע, וואו יעדע איינצלנע דערשיינונג איז נישט נאָר אַבסאָלוט נויטווענדיק, נאָר אויך לאָגיש נייטיק פאַר דעם אויפבוי פון דעם גאַנצן, איז דעמאָלט אויך נאַטירלעך, אַז דער איינצל־מענטש זאָל זיך באַטראַכטן נאָר ווי אַ כוואַליע, וואָס הייבט זיך אויף אויף אַ ווײַלע פון דעם ים און פאַרשווינדט אין אים צוריק, און אַז דער צענטער פון זיין געלייטערטן אינטערעס דאַרף זיין דאָס לעבן פון

דעם גאַנצן וועלטלעכן זיין, דאָס זיך נישט פאַרלירן אין די איינצעלהייטן פון דעם לעבן. דאָס איז, אין דער לעצטער ליניע, די מאָראַל פון דער רעזיגנאַציע, פון דעם פרייוויליקן זיך אונטערוואַרפן אונטער דעם אַל־געמיינעם וועלט־פּראָצעס, דאָס איז אַ פרייוויליקער און ליבעפולער באַשלוס, אָנצונעמען די וועלט, ווי זי איז, ווייל זי איז אַזוי ווי זי מוז זיין לויט דעם געטלעכן פאַרשטאַנד, און ווי זי זאָל זיין ווי אַן אויסדרוק פון זיין געטלעכער פולקומקייט.

די פאַרשידענע פאַרוויקלטע וועגן, ווי אַזוי ספינאָזאַ האָט פון די נידערונגען אַרויפגעקלעטערט צו דער העכסטער הויך פון אָט דער מאָראַליש־רעליגיעזער הכנעה, זענען פול מיט פּרוכטבאַרע, ריין־וויסנשאַפטלעכע אַנט־פּלעקונגען און אויסבליקן. זיי זענען אָבער אויך נישט פריי פון ריין־לאָגיסטישן שפּינוועבס, אויף וואָס די קריטיק האָט שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן. אין דער אמתן איז דאָ ספּינאָזאַ היפּש איינזייטיק און נישט אינגאַנצן אין האַרמאָניע מיט זיין גרונד־טענדענץ פון סינטעטישן מאָניזם. די פּריידיקע הכנעה אונטער דעם געטלעכן ווילן, ווי ער דריקט זיך אויס אין דעם אַלגעמיינעם וועלט־געשעען, איז נאָר איין זייט פון דער מענטש־לעכער העכערער מאָראַל. עס איז אָבער דאָ נאָך אַן אַנדער זייט: דער רעוואָלט פון דעם מענטשן אַנטקעגן דעם גאַנצן באַשאַף אין דעם נאָמען פון זיינע אייגענע מענטשלעכע אידעאַלן. מיר האָבן דאָ ווידער צוויי פּאָליאַרע עלעמענטן, — פּריידיקע הכנעה אונטער דעם שיקזאַל, און שטורעמדיקן פּראָטעסט, רעוואָלט, אַ שטרעבן איבערצומאַכן די גאַנצע וועלט, סיי אין אונדז גופא, סיי אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, סיי אין דעם נאַטור־געשעען, לויט אונדזערע מענטשלעכע פאָדערונגען. ספּינאָזאַ פאַרזעט דעם מעטאַפיזישן באַדייט פון אָט דעם מענטשלעכן רעוואָלט, און איז דאָ גאַנץ זיכער איינזייטיק אָביעקטיוו. דער סוביעקטיווער עלעמענט קומט ביי אים אַרויס נאָר אין דער פאָרם פון אַ באַשטימטן געפיל, פון אַ ליבע, צו דער געטלעכער וועלט־סובסטאַנץ.

באַטראַכטן מיר אָבער דעם מאָראַלישן באַוואוסטזיין פון דער גאַנצער מענטשהייט אין זיין שטעלונג צו דעם וועלט־פּראָצעס און צו גאָט ווי צו דעם לעצטן גרונד פון אָט דעם וועלט־פּראָצעס, קאָנען מיר אָט דעם סוביעקטיוון פּראָצעס נישט נאָר אין די געפילן, נאָר אפילו אויך אין דעם ווילן און אין די מעשים בשום אופן נישט אַראָפּוואַרפן פון חשבון.

איוב איז אין זיינע ליידן, וואָס זענען זיכער געווען אַ פּראָדוקט פון דעם געטלעכן פיר אין זיין לעבן, נישט נאָר פּסיכאָלאָגיש געווען גע־

צוואונגען צו רעדן עזותקייטן אנטקעגן גאָט און צו שליידערן פלאמיקע פראָטעסטן אין זיין פנים אריין; ער האָט בלי ספק געהאַט אויך אַ מאָראַליש רעכט דערצו. ס'איז אמת, אַז ווען גאָט האָט זיך פאַר אים צום סוף באַוויזן, איז איובס רעוואָלטירנדיקער פראָטעסט איינגאַנצן אָפּגעשטופּט געוואָרן אָן אַ זייט און ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער ריינסטער הכנעה, אין דעם קינדישן צוטרוי צו זיין פאָטער אין הימל, וועמעס דרכים ער קאָן נישט פאַרשטיין. ביי דעם איינצל־מענטשן, איוב, זענען אָט די צוויי פּאָליאַרע קעגנזאַצן פון דעם העכסטן מאָראַלישן איינשטעל, דעם רעוואָלט אַנטקעגן דער וועלט און דער הכנעה, דעם ליבעפולן אונטער־וואַרפן זיך אונטער דעם נויטווענדיקן גאַנג פון די וועלטלעכע פאַסירונגען, פונאַנדערגעטיילט אין דער צייט, פריער — רעוואָלט, דערנאָך — הכנעה. ביי אַנדערע קומט דאָס אויס פאַרקערט: פריער — הכנעה, קוויעטיזם, דערנאָך — פלאַמיקער פראָטעסט און רעוואָלט. נעמט מען אָבער איובן, ווי אַ סימבאָל פון דער ליידנדיקער מענטשהייט בכלל, זעען מיר, אַז די צוויי פּאָליאַרע קעגנזאַצן אין דעם מאָראַלישן איינשטעל זענען ביי דער מענטשהייט גאָרנישט אַזוי אָפּגעריסן איינע פון דער אַנדערער, און אַז ביי גאָר הויכע מוסטערן פון אידעלע מענטשן גיסן זיי זיך צונויף האַרמאָניש אין איינעם. ספּינאָזאַ האָט פאַרזען, אַז דער רעוואָלט אַנטקעגן דער וועלט און דעם געטלעכן פּיר איז אַ נויטווענדיקע דערשיינונג אין דעם וועלט־פּראָצעס, ווען מיר טראָגן אין אים אַריין דעם מאָדערנעם באַגריף פון עוואָלוציע.

די עוואָלוציע פון דער וועלט ברענגט פריער אַרויס די אַנאָרגאַנישע ממשלה, אין וועלכער מיר מערקן נישט קיין איין שפּור פון אַן אינדיווי־דועלער עקסיסטענץ, וואָס זאָל זיך אַליין אַרויסשיידן און אַרויסהייבן פון דעם גאַנצן פּראָצעס. די אַנאָרגאַנישע עוואָלוציע ברענגט דערנאָך פון זיך אַרויס די אָרגאַנישע ממשלה, וואָס גרייט פאַר די אַרויסשיידונג פון „אינדיווידוען", פון יחידים, אין זייער פיזיש אַרומגעגרענעצטער געשטאַלט. מען קאָן אָבער נאָך נישט זאָגן, אַז אויך פּסיכאָלאָגיש ווערט אין דער אָרגאַנישער עוואָלוציע געבוירן די „אינדיווידואַליטעט". מען האָט דאָרטן אינדיווידוען אָבער נישט קיין אינדיווידואַליטעטן, נישט קיין פּערזענלעכ־קייטן. ערשט אויף דעם באַזיס פון דער אָרגאַנישער ממשלה הייבט זיך אויף די דריטע ספּערע פון דער אונדז צוגענגלעכער וועלט־עוואָלוציע, די היפּער־אָרגאַנישע ממשלה, אָדער דער קולטור־פּראָצעס פון דער מענטשהייט. אין איר ערשט ווערט געבוירן דער מענטשלעכער „איך", די אינדיווי־

דואַליטעט, וואָס שיידט זיך אַליין אַרויס פון דער גאַנצער וועלט און שטעלט זיך אַוועק, — צו געברויכן פיכטעס אַן אויסדרוק, — אין אַ שאַרפן קעגנזאַץ צו דעם „ניט־איך", און זוכט איינצואווירקן אויף דעם „ניט־איך" לויט זיינע אייגענע באַדערפעניש, שטרעבונגען, אידעען און אידעאַלן. אויף וויפיל אַט די אינדיווידואַליטעט לעבט נאָך מחוץ פון דער ספערע פון דעם מאָראַלישן באַוואוסטזיין, איז איר רעוואָלט אַ פּראָדוקט פון אַן עגאָאיסטישער אומצופרידנקייט מיט דעם אַרום, אַ שטרעבן איבער־צובויען דעם אַרום, לויט די אייגענע אינטערעסן, אָדער זיך אונטערצו־וואַרפן אונטער אים, אַלץ טאַקע נאָר, כדי אַליין נישט צו ליידן. ביי די העכערע אינדיווידועז אָבער, וואָס טרעטן אַריין אין דער ספערע פון דעם מאָראַלישן באַוואוסטזיין, באַקומען אַט די צוויי פּאָליאַרע מאָראַלישע פּראָצעסן פון רעוואָלט און הכנעה אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט. דער רעוואָלט ווערט געפירט נישט צוליב די אייגענע אינטערעסן, נאָר צוליב די אינ־טערעסן פון אַ העכערן כלל, ווי ענג אָדער ברייט דער דאָזיקער כלל זאָל נישט זיין, — קלאַס, פאָלק, פּאַרטיי, סעקטע, מענטשהייט אָדער די גאַנצע וועלט. אָבער גלייכצייטיק מיט אַט דעם רעוואָלט־עלעמענט און דעם שטרעבן איבערצובויען אַלץ, לויט די אייגענע אידעאַלן, קלינגט אויך אין זייער נשמה דער הכנעה עלעמענט בנוגע דעם אייגענעם שיקזאַל אין דעם געפירטן קאַמף. אַ דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, וואָס רעוואָלטירט אַנטקעגן דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער וועלט־אַנשויאונג, וואַרפט זיך אָבער פריידיק אונטער דעם גאַנג פון דעם שיקזאַל וואָס פירט אים אויף דעם פלאַקער פון דער אינקוויזיציע; אַ קריסטוס געשטאַלט, וואָס פאַרטרייבט די הענדלער פון דעם בית־המקדש, וואָס בעט זיך, אַז דער שווערער כוס פון דעם שיקזאַל זאָל פאַרבייגיין פאַר אים, וואָס איז אָבער אין דער זעלביקער צייט גרייט זיך מקריב צו זיין, ווי אַ קרבן, כדי עס זאָל מקוים ווערן דער געטלעכער ווילן (רצונך תקום!), — שטעלן מיט זיך פאַר אַט די סינטעטישע איינהייט פון רעוואָלט און הכנעה, — רעוואָלט נישט צוליב זיך, נאָר צוליב דער וועלט, און די הכנעה צו פירן דעם דאָזיקן קאַמף, וואָס עס זאָל נישט זיין דער רעזולטאַט זיינער פאַר דעם אייגענעם שיקזאַל.

ערשט אַט דיביידע עלעמענטן אינאיינעם קאָנען באמת אַרומגענומען ווערן מיט דעם מאָראַלישן פּרינציפּ פון ספּינאָזאַס עטיק, דעם „אמאָר דעי אינטעלעקטואַליס", וואָס ווייסט, אַז אויך דער קאַמף און דער רעוואָלט אַנטקעגן דער וועלט געהערט צו די שענסטע טענער פון דער געטלעכער וועלט־סימפאָניע.

## העררי וואַטאָן

# ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע און די יידן

ספּינאָזאַ איז איינציק און אייגנאַרטיק צווישן אַלע אַנדערע פילאָסאָפן, ווי די יידן זענען איינציק און אייגנאַרטיק צווישן אַלע אַנדערע פעלקער. ביידע האָבן זיי אָנגעהויבן מיט דעם אַבסאָלוט, אייביקן און אומענדלעכן, און האָבן משיג געווען און אָנגענומען די איינהייט. ביידע האָבן געדינט דער גאַנצער מענטשהייט און באַגריפן דעם שיקזאַל פון דער מענטשהייט און דעם וועג וואָס פירט צו גליק און באַפרייאונג. ביידע האָבן געוואָלט באַאיינפלוסן די מענטשהייט צו גיין אויף דעם וועג פון זייער גליק און באַפרייאונג, און ביידע האָבן דערפאַר געליטן און זענען פאַרטריבן געוואָרן. ספּינאָזאַ און די יידן זענען איינס אין זייער עצם און אין זייער גורל.

ספּינאָזאַ הייבט אָן מיט דעם אַבסאָלוט. דער אַבסאָלוט איז אין זיך אַליין און האָט נישט קיין שום שייכות צו עפּעס, וואָס איז דרויסן פון אים, אַחוץ אים איז גאָר נישטאָ. דער אַבסאָלוט איז די סבה פון זיך אַליין און זיין תמצית שליסט איין זיין עקסיסטענץ. דער אַבסאָלוט עקסיסטירט דורך דעם אומאויפהערלעכן פאַראורזאַכן זיך צו עקסיסטירן. דער אַב־סאָלוט איז סובסטאַנץ — זיין תמצית איז פון זיך אַליין. דער אַבסאָלוט איז לעבן, און לעבט אייביק. דער אַבסאָלוט איז דאָס דענקען — ער איז באַוואוסטזיניק און דענקט פון זיך. דער אַבסאָלוט אין דער נאַטור איז פריער פאַר דער וועלט.

ווי דאָס דענקען, רעפלעקטירט דער אַבסאָלוט אויף זיך אַליין, אָט די רעפלעקסיע שטעלט צונויף זיין אומענדלעכן אינטעלעקט. דער אומ־ענדלעכער אינטעלעקט באַגרייפט דעם אַבסאָלוט אויף אומענדלעכע אַספּעקטן, וועלכע זענען די אומענדלעכע אַטריבוטן. יעדער אַטריבוט דריקט אויס דעם אייביקן און אומענדלעכן תמצית פון דעם אַבסאָלוט. די אַטריבוטן זענען אין זיך, אַזוי ווי דער אַבסאָלוט, און האָבן נישט קיין שייכות צו עפּעס, וואָס איז דרויסן פונעם אַבסאָלוט. אַלע עקסיסטירן זיי אייביק און אומענדלעך, און איין אַטריבוט קאָן נישט דעטערמינירן אָדער שאַפן אַן אַנדער אַטריבוט. דער אומענדלעכער אינטעלעקט קאָנטעמפּלירט די אַטרי־בוטן אין אומענדלעכע און פאַרשידנאַרטיקע קאָמבינירונגען. אָט די פאַר־שידנאַרטיקע קאָמבינירונגען פון די אַטריבוטן אין דער קאָנטעמפּלירונג

פונעם אומענדלעכן אינטעלעקט שטעלן צונויף די אומענדלעכע מאָדוסן. די מאָדוסן קריגן זייער תמצית פון די אַטריבוטן, אָבער זייער עקסיסטענץ קריגן זיי פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט. ווען ער קאָנטעמפּלירט וועגן צוויי אָדער מערער אַטריבוטן צוזאַמען, קומט דעמאָלט אַ מאָדוס צו עקסיס־טענץ, און ווען ער הערט אויף צו קאָנטעמפּלירן די אַטריבוטן צוזאַמען הערט אויך אויף דער מאָדוס צו עקסיסטירן. דאָס אַבסאָלוטע דענקען ווערט רעפלעקטירט אין דעם אומענדלעכן אינטעלעקט און דער אומענד־לעכער אינטעלעקט ווערט רעפלעקטירט אין אַן אומענדלעכער רייע פון רעפלעקסיעס, וואָס שליסן איין די אומענדלעכע אַטריבוטן פון דעם אַב־סאָלוט. וואָס מער דערווייטערט די רעפלעקסיע איז פון דעם אַבסאָלוט, אַלץ ווייניקער פולקום און מער קערפּערלעך איז זי. מאַטעריע, איז די ווייטסטע רעפלעקסיע און דעריבער איז זי ווייניקער פולקום און מער קערפּערלעך. די מאָדוסן שטעלן צונויף די עקסיסטענץ פון דער רעאַליטעט. אַזוי אַרום הייבט זיך אָן די עקסיסטענץ פון דער וועלט.

די וועלט האָט נישט איר אייגענעם תמצית אָדער עקסיסטענץ. זי איז נישט מער ווי די רעפלעקסיע פון דעם אַבסאָלוט אין אַן אומענדלעכער רייע פון רעפלעקסיעס. דער אַבסאָלוט איז די סבה פון זיך אַליין, און רעפלעקטירט אייביק אויף זיך אַליין אין אַן אומענדלעכער רייע פון רעפלעקסיעס, און פון אָט די אייביקע רעפלעקסיעס אויף זיך אַליין איז צונויפגעשטעלט די וועלט. דער אַבסאָלוט באַנייט דעריבער אייביק דעם פּראָצעס פון דער יצירה. „המחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית". זאָל דער אַבסאָלוט אויפהערן רעפלעקטירן אויף זיך אַליין, וועט די גאַנצע וועלט אויפהערן צו זיין. אין דער נאַטור איז דער אַבסאָלוט קודם פאַר דער וועלט, אָבער ווי די סבה פון אַלע עפעקטן איז ער אייביק און אומ־ענדלעך מיט דער וועלט. אַזוי ווי דער אַבסאָלוט איז אייביק און רעפלעק־טירט אייביק אויף זיך אַליין, עקסיסטירט דעריבער די וועלט אייביק, און בנוגע צו דער אייביקייט איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי צייט. דער אַבסאָלוט חזרט איבער יעדן מאָמענט די אייביקע און אומענדלעכע יצירה. גאָט אַנט־האַלט אין זיך ביידע: דעם אַבסאָלוט און דעם באַשעפער. גאָט, ווי דער אַבסאָלוט, איז נישט דערקענבאַר, אָבער גאָט, ווי דער באַשעפער, ווערט דער־קענט דורך זיינע שאַפונגען. די עקסיסטירנדיקע זאַכן, וועלכע זענען מאָדוסן, קריגן זייער תמצית דורך די אַטריבוטן, ד. ה. פון דעם אַבסאָלוט; אָבער זייער עקסיסטענץ אין דער נאַטור קריגן זיי פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט. ווען עטלעכע אַטריבוטן ווערן צוזאַמען קאָנטעמפּלירט אין דעם

אומענדלעכן אינטעלעקט, קריגט די קאָמבינירונג אַ פורעם און ער באַשטימט די נאַטור פון דער רעאַליטעט. אויך באַשטימט ער די פונקציע און די געזעצן וואָס באַהערשן די נאַטור און די אויפפירונג פון דער רעאַליטעט, וועלכע איז אינעווייניק אין דעם פורעם. גאָט, ווי דער אַבסאָלוט און ווי דער באַשעפער, באַשטימט דעם תמצית, עקסיסטענץ און די נאַטור פון דער גאַנצער רעאַליטעט. אָן גאָט קאָן קיין זאַך נישט זיין אָדער באַגריפן ווערן.

דער אינטעלעקט פון דעם מענטש פּאַסט אויף נאָר צוויי פון די אומ־ענדלעכע אַטריבוטן פון דעם אַבסאָלוט: דאָס איז — דענקען און אויס־געשפּרייטקייט. דענקען איז אין זיך אַליין — אויסגעשפּרייטקייט איז דענקען וואָס רעפלעקטירט זיך דרויסנלעך. דאָס אַבסאָלוטע דענקען רעפלעקטירט זיך דרויסנלעך אין דעם אומענדלעכן אינטעלעקט, און עס רעפלעקטירט זיך דרויסנלעך דורך אַ רייע פון אומענדלעכע רעפלעקסיעס, אַזוי אַז דאָס אַבסאָלוטע דענקען ווערט די אומענדלעכע אויסגעשפּרייטקייט. אַזוי ווי עס איז די אייביקע נאַטור פון דעם אַבסאָלוטן דענקען צו רעפלעקטירן זיך דרויסנלעך, איז דעריבער די אויסגעשפּרייטקייט אַן אייביקער און אומענדלעכער אַטריבוט פון דעם אַבסאָלוט. פאַר דעם אינטעלעקט פון דעם מענטש דערשיינט די עקסיסטירנדיקע רעאַליטעט ווי מאָדוסן פון דענקען און אויסגעשפּרייטקייט, און דאָס וואָס איז אייביק און אומענדלעך איז אויך אייביק און אומענדלעך אין אַלע זיינע טיילן; ווייל דאָס אייביקע און אומענדלעכע קאָן נישט ווערן צונויפגעשטעלט פון צייט־ווייליקע און ענדלעכע חלקים. דעריבער איז דער תמצית פון דער רעאַליטעט אייביק און אומענדלעך, די עקסיסטענץ פון זאַכן אָבער איז צייטווייליק און ענדלעך. דער חלוק צווישן אַ דעטערמינירטער זאַך און דעם אַבסאָלוט איז אָט דער: דער אַבסאָלוט איז אומענדלעך בולט און מאַניפעסטירט זיך אין אומענדלעכער אויסגעשפּרייטקייט און אין אַן אומענדלעכער רעאַליטעט, אָבער אַ דעטערמינירטע זאַך איז אומענדלעך אומבולט; זי האָט אין זיך די אייביקע און אומענדלעכע נאַטור פון דעם אַבסאָלוט בלויז, אָבער אומ־בולט. אַ קערנדל, למשל, ווי קליין ס'זאָל נישט זיין, אַנטהאַלט אומבולט די אייביקייט און אומענדלעכקייט. ווען אַלץ וואָס עקסיסטירט זאָל פאַר־ניכטעט ווערן און בלויז אָט דאָס קערנדל זאָל בלייבן, וואָלט אָט דאָס קערנדל דורך דער ווירקזאַמקייט פון זיין אייביקער און אומענדלעכער אומבולטקייט זיך אויסגעשפּרייט אומענדלעך און וואָלט געוואָרן די אומ־ענדלעכע עקסיסטענץ. אַזוי ווי אָבער די גאַנצע רעאַליטעט פון דער

עקסיסטענץ איז מאָדוסן פון דענקען און אויסגעשפרייטקייט, איז דעריבער די אָרדנונג און די פאַרבינדונג פון זאַכן אין דעם אַספּעקט פון דעם דענקען די זעלביקע ווי די אָרדנונג און פאַרבינדונג פון זאַכן אין דעם אַספּעקט פון אויסגעשפרייטקייט.

דער מענטש איז אַ מאָדוס פון דענקען און אויסגעשפרייטקייט. זיין גייסט שטעלט צונויף דעם מאָדוס פון דענקען און זיין קערפּער שטעלט צונויף דעם מאָדוס פון אויסגעשפרייטקייט. דער גייסט און דער קערפּער זענען בלויז צוויי אַספּעקטן פון דער זעלביקער רעאַליטעט. די רעאַליטעט פון דעם מענטש, וואָס מאַכט אויס זיין תמצית, איז די אידעע פון גאָט. אָט די אידעע, וואָס ווערט אויפגעפּאַסט פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט, איז אַ טייל פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט. זי איז די נשמה פון דעם מענטש, וואָס מאַכט אויס זיין פּערזענלעכקייט און דערגרייכט צו דעם פורעם פון אינטעלעקט. די אידעע איז משיג דאָס דענקען און אויס־געשפרייטקייט און ברענגט אַרויס דעם גייסט און דעם קערפּער פון מענטש. אַרויסברענגענדיק דעם קערפּער און גייסט, דיפערענצירט זיך די אידעע אַליין, אין צוויי עיקר־פעאיקייטן: איינע פאַר פּערצעפּציעס און די אַנדערע פאַר פאַרשטיין. די ערשטע פעאיקייט פונקציאָנירט דורך דעם קערפּער און ברענגט אַרויס די פּערצעפּציע פון שפּירן און אינטואיציע; די צווייטע פעאיקייט פונקציאָנירט דורך דעם גייסט און ברענגט אַרויס די דער־קענטעניש און דעם פאַרשטאַנד. לכתחילה מאַניפעסטירן זיך די פּערצעפּציעס פון שפּירן און דערקענטעניש, און זייער קאָאָפּעראַציע שטעלט צונויף די אימאַגינאַציע. שפּעטער מאַניפעסטירט זיך די אינטואיציע און דער פאַרשטאַנד, און פון זייער קאָאָפּעראַציע ווערט צונויפגעשטעלט דער אינטעלעקט. אין דעם אינטעלעקט ווערט די נשמה פון דעם מענטשן צוריק פאַראייניקט און ווערט איינס. אויף דעם אופן אַנטפּלעקט זיך די אידעע פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט און גייט דורך אַ פּראָצעס פון דיאַלעקטיק. לכתחילה איז דער אַבסאָלוט איינס, שפּעטער דיפערענצירט ער זיך און צום סוף ווערט ער ווידער איינס. דער אינטעלעקט איז די העכסטע מדרגה פון דעם מענטש און איז זיין פאָרבאַשטימטער ציל. ווען די אידעע, וואָס איז אַ טייל פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט און וואָס איז די נשמה פון דעם מענטש, דערגרייכט צו דעם פורעם פון דעם אינטעלעקט, דעמאָלט באַגרייפט דער מענטש דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט.

דער קערפּער קומט אין באַציאונגען און באַרירונגען מיט אַנדערע

דרויסנלעכע קערפּערס. די באַציאונגען און באַרירונגען אַפעקטירן דעם קערפּער און די דרויסנלעכע קערפּערס. דער גייסט באַגרייפט די אַפעקטן פון דעם קערפּער און דורך די אַפעקטן ווערט ער באַוואוסטזיניק אויף זיין אייגענעם קערפּער און אויך אויף די דרויסנלעכע קערפּערס. דער גייסט אימאַגינירט דעמאָלט די נאַטור און דעם פורעם פון זיין אייגענעם קערפּער און אויך די דרויסנלעכע קערפּערס. דאָס שטעלט מיט זיך פאָר די אימאַגי־נאַציע. דורך דער אימאַגינאַציע קאָן דער גייסט נישט דערווערבן אַן אַדעקוואַט און זיכערדיק וויסן פון זיין אייגענעם קערפּער און אויך נישט פון די דרויסנלעכע קערפּערס. בלויז ווען דער מענטש דערגרייכט צום אינטעלעקט, קריגט ער דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין און אַן אַדעקוואַט און זיכערדיק וויסן פון דער דרויסנלעכער רעאַליטעט פון דער עקסיסטענץ. דאָס באַוואוסטזיין פון דעם גייסט וועגן די אַפעקטן פון זיין קערפּער, זענען די אַפעקטן פון דעם גייסט. דער גייסט ווערט דעריבער אַפעקטירט דורך די אַפעקטן פון דעם קערפּער.

אַלע אַפעקטן פון דעם גייסט זענען בלויז אַ קאָמבינירונג פון דריי עיקר־אַפעקטן: באַגער, פרייד און טרויער. באַגער איז די מאַניפעסטירונג פון דעם מענטשנס תמצית, ווען ער שטרעבט צו זיין זעלבסטדערהאַלטונג. פרייד איז די מאַניפעסטירונג פון דעם מענטש, ווען ער גייט אַריבער פון אַ קלענערער צו אַ העכערער פאָלקומקייט. און טרויער איז די מאַניפעסטירונג פון דעם מענטש, ווען ער גייט אַריבער פון אַ העכערער צו אַ נידעריקערער פאָלקומקייט. פאָלקומקייט איז די רעאַליטעט; וואָס מער אַ מענטש איז פאָלקום, אַלץ מערער רעאַליטעט באַזיצט ער, און אַלץ מערער איז ער אַקטיוו. דעם מענטשנס באַוואוסטזיניקייט וועגן אַ גרעסער־ווערנדיקער פאָל־קומקייט שטעלט מיט זיך פאָר פרייד, און דעם מענטשנס באַוואוסטזיניקייט וועגן אַ קלענער־ווערנדיקער פאָלקומקייט שטעלט מיט זיך פאָר טרויער. ווען דער מענטש גייט אַריבער צו אַ העכערער פאָלקומקייט, פאַרגרעסערט דער קערפּער זיין כח צו זיין אַקטיוו און דער גייסט צו דענקען; און ווען דער מענטש גייט אַריבער צו אַ נידעריקערער פאָלקומקייט, פאַרקלענערט זיך דער כח פון קערפּער צו זיין אַקטיוו און דער גייסט צו דענקען. אין דעם ערשטן צושטאַנד פילט ער פרייד און אינעם צווייטן פילט ער טרויער.

דער מענטש גייט דורך אַן עוואָלוציע. ער הייבט אָן ווי אַ פלאַנץ, שפּעטער ווי אַ חיה, און צום סוף ווערט ער אַ שכלדיק מענטשלעך וועזן. ווען ער איז נאָך ווי אַ פלאַנץ, איז זיין העכסטע פונקציע זעלבסטדערהאַלטונג און צו פאַרמערן זיין מין. זיין מאָגן און זיינע געשלעכט־אָרגאַנען זענען זיינע

הויפּט־אינסטרומענטן. ווען דער מענטש איז נאָך ווי אַ חיה, זענען זיינע העכסטע פונקציעס צו וואַנדערן איבער דער וועלט, צו אַנטדעקן, צו שאַפן און צו זיגן. די הענט, די פיס, די אויגן, די חושים און די דערקענטעניש זענען זיינע הויפּט־אינסטרומענטן. ווי אַ שכלדיק וועזן, איז דעם מענטשס העכסטע פונקציעס צו וויסן און צו פאַרשטיין זיך, די נאַטור און גאָט; די הויפּט־אינסטרומענטן פאַר אָט־די פונקציעס זענען די אינטואיציע און דער פאַרשטאַנד. דער מענטש איז און בלייבט אַ דריי־אייניקייט, פון אַ פלאַנץ, חיה און מענטש, אָבער אין פּראָצעס פון עוואָלוציע בייטן זיך זייערע ראָלן אין זייער ווירקטיקייט. לכתחילה איז די פלאַנץ־פונקציע דאָמינירנדיק, שפּעטער איז די חיהשע פונקציע דאָמינירנדיק, און לסוף ווערט די מענטש־לעכע פונקציע די העכסטע. אָט דאָס ווערט רעפלעקטירט אין דער באַ־ציאונג און אין דער מאַכט פון גייסט איבערן קערפּער. אין דעם צושטאַנד פון אַ פלאַנץ, איז די מאַכט פון גייסט און קערפּער גלייך איינער צום צווייטן. דער גייסט קאָן דעמאָלט נישט דעטערמינירן דעם קערפּער צו זיין אַקטיוו און דער קערפּער קאָן נישט דעטערמינירן דעם גייסט צו דענקען. זיין גייסט און קערפּער ווערן ביידע גלייך אַפעקטירט דורך דרויסנלעכע זאַכן און סבות. אין דעם צושטאַנד פון אַ חיה, געווינט שוין דער גייסט אַ געוויסע מאַכט איבערן קערפּער. דער גייסט קאָן שוין אימאַגינירן זאַכן, נישט זייענדיק אָפּהענגיק פונעם קערפּער, וואָס פאַרגרעסערט די מאַכט פון קערפּער צו זיין אַקטיוו און דעם גייסט צו דענקען. אַזוי אַרום באַפרייט זיך דער מענטש צו ביסלעך פון דער אַבסאָלוטער הערשאַפט פון די דרויסנלעכע זאַכן און סבות. און צום סוף, ווי אַ מענטשלעך וועזן, שטייגט ער אַריבער מיט דער הילף פון זיין אינטעלעקט די דרויסנלעכע זאַכן און סבות. דער מענטש ווערט דעמאָלט ווי גאָט, ער לעבט און איז אַקטיוו על פּי זיין אייגענער אמתער נאַטור. דער חילוק צווישן מענטש און גאָט איז נאָר דער: גאָט עקסיסטירט און איז אַקטיוו על פּי דער נויטווענדיקייט פון זיין אייגענער נאַטור, און דער מענטש לעבט און איז אַקטיוו על פּי דער נויטווענדיקייט פון דער נאַטור, וואָס איז אים געגעבן פון גאָט. ווען דער מענטש דערגרייכט צום אינטעלעקט, באַגרייפט ער, אַז גאָט איז די דירעקטע, אימאַנענטע, אייביקע און אומענדלעכע סבה פון אַלע עפעקטן, און אַז נאָר גאָט אַליין דעטערמינירט די נאַטור, עקסיסטענץ, האַנדלונג און עפעקטן פון דער גאַנצער רעאַליטעט פון דער עקסיסטענץ. אידענטיפיצירנדיק זיך מיט גאָט, שטייגט דער מענטש אַריבער די דרויסנ־לעכע רעאַליטעט.

דער מענטש איז אַקטיוו און פילט פרייד, ווען ער איז די אַדעקוואַטע סבה פון אַלץ וואָס קומט פאָר אין אים און דרויסן פון אים; ער איז פּאַסיוו און פילט טרויער, ווען ער איז נישט די אַדעקוואַטע סבה פון דעם וואָס קומט פאָר אין אים אָדער דרויסן פון אים. איידער דער מענטש האָט דערגרייכט צו דעם אינטעלעקט און באַגריפן, אַז גאָט איז די דירעקטע, אימאַנענטע, אייביקע און אומענדלעכע סבה פון אַלע עפעקטן, גלויבט ער, אַז ער איז דעטערמינירט אין זיינע האַנדלונגען פון די דרויסנ־לעכע קערפּערס און סבות. ער איז דעמאָלט אונטער דעם איינפלוס פון דער דרויסנלעכער וועלט, איז אונטערטעניק צו זיי, און איז נאָך פאַר־שקלאַפט צו זיי. ווען אָבער דער מענטש דערגרייכט צו דעם אינטעלעקט און אידענטיפיצירט זיך מיט גאָט, באַפרייט ער זיך דעמאָלט אינגאַנצן פון די דרויסנלעכע זאַכן און סבות. זיין פאַרשקלאַפונג פאַראורזאַכט אים צו פילן טרויער און לייד; און זיין באַפרייאונג, פאַראורזאַכט אים צו פילן פרייד און גליק. פרייהייט, גליק און פרייד, קאָן דער מענטש דערגרייכן נאָר דורך דעם אינטעלעקט.

ליבע איז פאַרבונדן מיט דער אידעע פון אַ דרויסנלעכער סבה. מיר האָבן ליב די זאַך, וואָס איז די אורזאַך פון אונדזער פרייד. בעת מיר באַגרייפן דורך אונדזער אינטעלעקט, אַז גאָט איז די איינציקע סבה פון אַלע עפעקטן און די סובסטאַנץ פון דער רעאַליטעט, אָנערקענען מיר דעמאָלט נישט קיין שום אַנדער סבה. אַזוי ווי גאָט האָט אַן אַדעקוואַטע און אומענדלעכע דערקענטעניש פון זיך אַליין, גיט אים דאָס אַן אומ־ענדלעכע פרייד. און בעת מיר דערגרייכן צו דעם אינטעלעקט, און באַ־גרייפן אַז אונדזער אינטעלעקט איז אַ חלק פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט, באַטייליקן מיר זיך דעמאָלט אין דער אומענדלעכער און אַדעקוואַטער דערקענטעניש, וואָס גאָט האָט פון זיך אַליין, און אין זיין אומענדלעכער פרייד. מיר באַגרייפן דאַן, אַז גאָט איז די סבה פון אונדזער פרייד. אַזוי ווי ליבע איז פרייד וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אידעע פון איר סבה, ליבן מיר דעריבער גאָט ווי די סבה פון אונדזער פרייד. דאָס איז די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט. און נאָר דורך דעם אינטעלעקט אונדזערן קאָנען מיר דערגרייכן צו אָט דער ליבע פון גאָט, און נאָר די ליבע קאָן אונדז געבן דאָס העכסטע, דויערנדסטע און אייביקע גליק און גליקזעליקייט. אין גאָט איז דאָס העכסטע גליק, וואָס איז דויערהאַפטיק און אייביק. ווען מיר דערגרייכן צו דעם אינטעלעקט, און דורך דעם אינטעלעקט צו דער אינטעלעקטועלער ליבע פון גאָט, האָבן מיר אַ חלק

דעמאָלט אין דעם העכסטן, דויערנדסטן און אייביקן גליק פון גאָט.

די נשמה אונדזערע איז אַן אידעע פון גאָט, און אָט די אידעע איז אַ חלק פון דעם אומענדלעכן און אייביק אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט. און דאָס וואָס איז אייביק און אומענדלעך, איז אויך יעדער חלק דערפון אייביק און אומענדלעך. די אידעע פון גאָט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די נשמה אונדזערע, איז דעריבער אייביק און אומענדלעך. די נשמה אין איר קערפּערלעכן צושטאַנד קאָן זיין ציטווייליק און ענדלעך, אָבער אין איר תמצית איז זי אייביק און אומענדלעך. און בעת ס׳קומט די צייט פאַר דעם מענטשן צו שטאַרבן, דעמאָלט טיילט זיך אָפּ די נשמה, וואָס איז די אידעע פון גאָט, פון דעם מענטשנס קערפּער און פון זיין גייסט. דער גייסט און דער קערפּער ווערן ווידער פאַרזונקען אין די אַטריבוטן פון דענקען און אויסגעשפּרייטקייט, און די נשמה ווערט פאַרזונקען אין דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט און פרייט זיך מיט אים. דאָס שטעלט מיט זיך פאָר די אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה. ווען מיר באַגרייפן, מיט דער הילף פון דעם אינטעלעקט, דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט, אַז גאָט איז די סבה פון אַלע עפעקטן און די סובסטאַנץ פון דער גאַנצער רעאַליטעט; אַז גאָט דעטערמינירט די עקסיסטענץ, די נאַטור און די פונקציעס פון דער גאַנצער רעאַליטעט אין דער עקסיסטענץ, און אַז דורך דער גאַנצער עקסיסטענץ רעאַליזירט גאָט אַן אייביקן און אומענדלעכן ציל, און אַז ס׳איז אונדז באַשערט צו דערגרייכן צו דער אינטעלעקטועלער ליבע פון גאָט און געניסן פונעם העכסטן, דויערהאַפטיקסטן און אייביקן גליק; דעמאָלט ווערט די גאַנצע עקסיסטענץ אויסגעלייטערט פון יעדן בייזס, אומגליק און ליידן, און ווערט אַ שכלדיקע און האָט אַ ציל. דעמאָלט פרייען מיר זיך, וואָס מיר זענען פאַראייניקט מיט גאָט. אָט די פאַראייניקונג גיט אונדז די העכסטע גליקזעליקייט און די העכסטע באַרואיקונג פאַר אונדזער נשמה.

אַזוי אַרום אַנטפּלעקט פאַר אונדז ספּינאָזאַ גאָטס נאַטור, דעם סדר און ציל פון דער עקסיסטענץ און דעם שיקזאַל פונעם מענטשן. וואָס ספּינאָזאַ האָט פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַזוי בולט איז דער תמצית און די נשמה פון יודאיזם. דער תמצית און נשמה פון יודאיזם איז געווען די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט. גאָט מאַניפעסטירט זיך דורך די אומענדלעכע אַטריבוטן, אָבער דער אומענדלעכע ראינטעלעקט פון גאָט, איז נאָר נוגע דעם מענטשן, ווייל זיין נשמה איז אַ חלק פון דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט, און ס׳איז איר באַשערט צו פאַרזונקען אין דעם אומענדלעכן

אינטעלעקט פון גאָט. די באַפרייאונג פון דעם מענטשן איז הויפּטזאַכלעך פאַרבונדן מיט דעם אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט, און דעם מענטש איז באַשערט צו דערגרייכן דורך זיין אינטעלעקט די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט.

*

דער שׂכל, ווי דאָס לעבן אַליין, דיקטירט אַז זעלבסטדערהאַלטונג איז די העכסטע טוגענד. די יידן, וועלכע שטרעבן צו זייער זעלבסטדערהאַלטונג, פירן אויס זייער העכסטע טוגענד. אָבער מיר דאַרפן זיין קלאָר, וואָס די טוגענד פון זעלבסטדערהאַלטונג איז. אַלע רעאַליטעטן וואָס עקסיסטירן, מחמת דעם, וואָס זיי האָבן אין זיך אַ געטלעכן כח, שטרעבן צו דער זעלבסט־דערהאַלטונג פון זייער וועזן; אָבער זייער זעלבסטדערהאַלטונג איז נישט מער ווי זייער עקסיסטענץ, זיי האָבן נישט קיין ציל צו רעאַליזירן אָדער פליכטן דורכצופירן. גאַנץ אַנדערש איז דער פאַל מיט דעם מענטש. דער מענטש האָט אַ ציל צו רעאַליזירן און פליכטן דורכצופירן. דער מענטש, ווי די תורה זאָגט, ווערט געבוירן ווי אַ יונג, ווילד אייזעלע, אָבער ער איז פאַרבאַשטימט צו דערגרייכן די מדרגה פון אַ בעל שׂכל, צו ווערן אַ ראַציאָנאַל מענטשלעך וועזן, און צו לעבן אַ שׂכלדיק און גליקלעך לעבן; און אָט דער פאַרבאַשטימטער ציל לייגט אַרויף אויף דעם מענטש אַ חוב צו שטרעבן ער זאָל דערגרייכן די מדרגה פון אַ בעל שׂכל און ווערן אַ ראַציאָנאַל מענטשלעך וועזן. דעריבער איז די זעלבסט־דערהאַלטונג אין דעם מענטשן נאָר דעמאָלט אַ טוגענד, ווען ער שטרעבט צו ווערן אַ ראַציאָנאַל מענטשלעך וועזן; אָבער זעלבסטדערהאַלטונג צוליב עקסיסטענץ בלויז, איז נישט קיין טוגנד אין דעם מענטשן. דאָס וואָס איז אמת בנוגע דעם מענטשלעכן כּלל, איז אין אַ העכערער מאָס אויך אמת בנוגע אויסנאַמס־באַגאַבטע מענטשן. מענטשן, ווי משה און ספּינאָזאַ זענען געווען אויסנאַמס־באַגאַבטע. Noblese oblige: באַגאַבטע נאָבלקייט טראָגט מיט זיך נאָבלקייט פון פליכט. עס איז נישט גענוג, פאַר מענטשן ווי משה און ספּינאָזאַ, דאָס שטרעבן צו דערגרייכן די מדרגה פון אַ בעל שׂכל, און ווערן אַ ראַציאָנאַל מענטשלעך וועזן; דאָס זענען זיי שוין געווען דורך דעם געטלעכן גנאָד. זיי האָבן געמוזט גיין ווייטער — זיי האָבן געמוזט שטרעבן צו פאַרשפּרייטן צווישן אַנדערע דאָס ליכט און וויסן, וואָס איז שוין געווען פאַר זיי אַנטפּלעקט, כּדי די וועלכע קאָנען נישט אַליין דערגרייכן דורך זייער אייגענעם כח צו דעם ליכט און וויסן, זאָלן דאָס דערגרייכן מיט זייער הילף. דעריבער איז, אין דעם פאַל פון

אַזוינע מענטשן ווי משה און ספינאָזאַ, די זעלבסטדערהאַלטונג נאָר דעמאָלט אַ טוגנד, ווען זיי פירן דורך זייער פליכט, וואָס איז איינגעבוירן אין זייער נאַבעלער נאַטור. דאָס וואָס איז אמת בנוגע די אויסנאַמס־מענטשן איז אויך אמת בנוגע אויסנאַמס־פעלקער און נאַציעס. אַ פאָלק, וואָס איז אויסנאַמס־באַגאַבט, האָט אויך די אויסנאַמס־פליכט צו העלפן אַנדערע פעלקער און נאַציעס צו דערגרייכן דאָס ליכט און וויסן, כדי אַלע מענטשן זאָלן קאָנען שטייגן העכער צו דערגרייכן דעם פאַרבאַשטימטן ציל פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

די זעלבסטדערהאַלטונג פון דעם יידישן פאָלק איז נאָר דעמאָלט אַ טוגנד, ווען עס שטרעבט ווערט צו זיין די הויכע פאָזיציע וואָס עס פאַר־נעמט צווישן די פעלקער און איבערגעבן דאָס ליכט און וויסן, וואָס איז אים אַנטפּלעקט געוואָרן, צו אַנדערע נאַציעס און ראַסן. די יידן האָבן זיך אַנטוויקלט דורך אַן אידעאַל, זיי פאַרקערפּערן אָט דעם אידעאַל, זיי עקסיסטירן צוליב דעם אידעאַל, און דער אידעאַל איז יודאַיזם. יודאַיזם האָט צוויי אַספּעקטן — אַ רעליגיעזן און אַ היסטאָרישן. ווי אַ רעליגיע נעמט ער נאָר אין באַטראַכט די שייכות צווישן מענטש און גאָט, און לייגט פאָר אַ מאָדוס וויווענדי עט אָפּעראַנדי [a modus vivendi et operandi], דורך וועלכן דער איינצלנער קאָן זיך אידענטיפיצירן מיט גאָט און דערגרייכן צו באַפרייאונג און גליק. יודאַיזם, ווי אַ היסטאָרישע פונקציע, לייגט אַרויף אויף דעם איינצלנעם די פליכט צו העלפן די רעשט פון דער מענטשלעכער ראַסע צו דערגרייכן זייער באַפרייאונג און גליק. גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, האָט אַרויסגעבראַכט די מענטשלעכע ראַסע, און האָט אויסדערוויילט די יידן צו זיין אַ מוסטערהאַפטיק און העכער פאָלק. נישט צוליב זייער אייגענער טובה, נאָר צוליב דער טובה פון דער גאַנצער מענטשלעכער ראַסע. אַזוי לאַנג ווי די יידן זענען נאָך געווען יונג און נישט רייף, איז יודאַיזם, ווי אַ רעליגיע, געווען דער וויכטיקסטער אַספּעקט, דאַן זענען די יידן דערצויגן און צוגעגרייט געוואָרן דורכצופירן אָט דעם היסטאָרישן אַספּעקט, און ווען די יידן זענען רייף געוואָרן, דאַן איז די היסטאָרישע פונקציע פון יודאַיזם געוואָרן די וויכ־טיקסטע. דער אינטעלעקט, ווען ער אַנטפּלעקט זיך צו אונדז, ווערט דער וועגווייזער און דאָס ליכט פאַר דעם מענטשן. פּונקט אַזוי איז דאָס יידישע פאָלק, דער אינטעלעקט פון דער מענטשלעכער ראַסע. דאָס יידישע פאָלק איז באַרופן פון דער עקסיסטענץ, זיי זאָלן העלפן אַלע אַנדערע צו דער־גרייכן די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט. ווען אַן אָרגאַן ווערט אַרויס־

געבראַכט און פאַרפולקומט, קאָן קיין אַנדער אָרגאַן נישט פאַרנעמען זיין פּלאַץ און דורכפירן זיין פונקציע. דאָס יידישע פאָלק איז ארויסגערופן געוואָרן אין דער עקסיסטענץ כדי דורכצופירן אַ באַשטימטע היסטאָרישע פונקציע, און אין משך פון פיר טויזנט יאָר האָבן זיי זיך פאַרפולקומט אין אָט דער פונקציע. קיין אַנדער פאָלק אָדער נאַציע קאָן נישט פאַר־נעמען דעם פּלאַץ פון די יידן דורכצופירן זייער פונקציע. די באַפרייאונג, ווי קריסטוס האָט געזאָגט, איז פון די יידן, און וועט נישט קומען דורך קיין אַנדער פאָלק אָדער נאַציע. אַזוי ווי גאָט האָט אַרויסגעבראַכט דאָס יידישע פאָלק כדי צו רעאַליזירן אָט דעם ציל, און האָט זיי דורך די פיר טויזנט יאָר פאַרפולקומט דורכצופירן זייער היסטאָרישע פונקציע, נעמט דערפאַר יודאַיזם אַרום אַלע פּראָבלעמען פון דער מענטשלעכער עקסיס־טענץ, און אָט די אַלע פּראָבלעמען וועלן נאָר דעמאָלט געלייזט ווערן, ווען יודאַיזם וועט רעאַליזירן זיין היסטאָרישן ציל. ספּינאָזאָס פילאָסאָפיע, וואָס איז בולטער יודאַיזם, וועט אויספלאַסטערן דעם וועג צווישן אַלע נאַציעס פאַר אַ בעסערער פאַרשטענדעניש פון יודאַיזם, און אָפּשאַצן די היסטאָרישע פונקציע פון די יידן. און אַזוי ווי ביז איצט האָבן די פעלקער נאָר געכאַפּט אַ קורצן בליק פונעם געטלעכן ליכט דורך די איינצלנע יידן, וועלן אָבער אין דער צוקונפט די פעלקער קריגן דאָס פולע געטלעכע ליכט דורך דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

## יוחנן טווערסקי

# ספינאָזאַ און לייבניץ

אין אַ נאָוועמבער טאָג פון 1676 פּאָרט איבער די גאַסן פון האַאַג לייבניץ און ער טראַכט וועגן מענטשן, מיט וועלכן ער וועט זיך באַלד באַקענען.

צי איז ספּינאָזאַ נישט אין אַ געוויסער מאָס אַ קאָמפּראָמעטירטע פּערזענלעכקייט? — די אידן האָבן אים אַריינגעלייגט אין חרם, און די קריסטן . . . פּראָפ. וואַן וועלטהויזען פון אוטרעכט וואַרפט אים נישט נאָר פּאָר זיין אָפּשטאַם, נאָר באַשולדיקט אים אין מבטל זיין יעדן קולט און רעליגיע בכלל, און גרעוויוס, לייבניצעס האָלענדישער קאָרעספּאָנדענט, באַצייכנט דעם טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט אַלס אַ liber pesti-lentissimus... אָבער ביי זיין גאַנצער אַכטונג צו אָט די געלערנטע לייט פילט לייבניץ: ס'רוב פּראָפעסאָרן ווילן בשום אופן נישט איינזען, אַז ס'איז איבערהויפּט נישטאָ קיין אידענטיטעט: נישטאָ קיין צוויי בלעטלעך אויף אַ צווייגל, וועלכע זאָלן זיין גלייך אין אַלע פּרטים, און אפילו צוויי טראָפּן וואַסער זענען נישט אַבסאָלוט גלייך. אַ כל שכן שוין מענטשן — ביי דער מאַקסימאַלסטער ענלעכקייט זענען זיי דאָך אַנדערש איינער פונעם אַנדערן, ווי ס'איז אַנדערש אַן עליפּסע פון אַ קרייז. די פּראָפעסאָרן ווילן דאָס נישט איינזען, און נייגט עמעץ אָפּ אויף אַ האָר פון זייערע הנחות, ברעכן זיי אויס אין שטורעמס און אין דונערן.

און די טעאָלאָגן... אין דער פּאָליטיק איז עס איצט אויס מיט הייליקע מלחמות. ווען ער האָט זיך משתדל געווען אין פּאַריז, אַז דער אַלקריסט־לעכער מלך זאָל שיקן אַן עקספּעדיציע קיין מצרים, כדי דאָרטן צו פאַרבייטן די האַלבע לבנה פון איסלאַם אויפן הייליקן קרייץ און באַהערשן דעם גאַנצן האַנדל צווישן אַזיע און אַפריקע, האָט מען זיינע פּלענער באַטראַכט פאַר כימעריש, ווייל צו טיילן דייטשלאַנד האָט אַ סך מער געררייצט דעם אַפּעטיט פון אַלקריסטלעכן קיניג, און בנוגע הייליקע מלחמות האָט איינער פון זיינע מיניסטאָרן געהאַלטן, אַז זיי ont cessé d'être à la mode depuis St. Louis...

אין קיניגרייך פון גייסט אָבער זענען די הייליקע מלחמות, אפּנים, נאָך ווייט נישט אַרויס פון דער מאָדע. אויב עמעצער וועט אַרויסזאָגן

אַ געדאַנק, וואָס האָט די מינדסטע שייכות צום הייליקן גלויבן און וואָס גייט אַ ביסל ווייטער פון דעם, וואָס מ'קנעלט מיט דרדקי־קינדער, הייבן אויף די טעאָלאָגן אַ יללה, און גייט דער דענקער נאָך אַ ביסל ווייטער, איז ער מי יודע אין אַ וואָסער סכנה. סיידן ס'שטעלט זיך איין פאַר אים אַ הייליקער פאָטער, וואָס זאָגט דאָס זעלבע וואָס ער in terminis. אָבער אויך זיין ערבות איז נישט גענוג אויב מ'קאָן זיך נישט אָנשפּאַרן אויף ברייטערע פּלייצעס.

דערפאַר איז אים צום האַרצן דאָס, וואָס ספּינאָזאַ פאָדערט אין זיין טראַקטאַט „משפּטן מעשים, רייד אָבער לאָזן פריי פון שטראָף". הייסט עס, אַז ער איז קעגן קאַמף קעגן שעדלעכע געדאַנקען בכלל? — ניין, ער איז בלויז קעגן פאַרשרייען, קעגן מחרים זיין איידער מ'הערט אויס, קעגן יענעם לאָגישן פעלער, וועלכן די אַלע הערן וועגדן על פּי הרוב אָן — אויפן אָרט צו באַווייזן איז זיי גענוג בלויז אָנצואווייזן: דער איז אַזוינער און אַזוינער! — און דערמיט פאַרחתמענען זיינע ליפּן ווי מיט צעגליטן בליי. ער אָבער, ווי סאָקראַטעס, איז גראָד צופרידן פון ספקות און שוועריקייטן, וועלכע ס'הייבט אויף אין אַ שמועס דער צד שכנגד. שיינט דען נישט אַרויס ליכט העלער פון שאָטן און ווערט אונדז דען נישט אַן אמת קלאָרער פון דעם, וואָס איז אַנטקעגנגעזעצט? — און טאַקע דערפאַר פאַרקניפּט ער פאַרבינדונגען מיט די צוויי פאָן־טרעגער פון דער נייער מעכאַניסטישער פילאָסאָפיע — מיט האָבסן שריפטלעך און איצטער מיט ספּינאָזאַן, מיט וועמען ער וועט אפשר אין גיכן צונויפקרייצן די ראַפּירן אין אַ ערלעכן לאָגישן דועל. אָבער זיין פאָרן איצט צו אים האָט אויך ביי־צילן, צו באַשמועסן געוויסע ענינים אין אָפּטיק און אַנד.

און פאָרנדיק באַטראַכט לייבניץ די שטאָט, די הויכע שמאָלע הייזער, געפאַרבט אין העלע קאָלירן, מיט גלייכע אָדער משופּעדיקע גאָפּל־דעכער, וואָס ברעכן די ליניע פון נידריקן האָריזאָנט און די איינטאָניקע גרויקייט פון הימל, און ס'וואַרפט זיך אים אין די אויגן דער אונטערשיד צווישן ענגלאַנד, פון וואַנען ער קומט איצט, מיט דעם פלאַכן לאַנד פון ווינט־מילן, הילצערנע שיך און פלאַקסענע קעפּ. ענגלאַנד קאָן זיך דערלויבן דעם לוקסוס צו זיין אָפּט אָפּגעלאָזן און גאָר נישט מעשה בריה. דער האָלענדער אָבער, וועמעס פאָלקס־ווערטל ס'זאָגט מיט שטאָלץ: „גאָט האָט באַשאַפן דעם ים און מיר די יבשה"; דער האָלענדער, וואָס מיט זיין גבורהדיקן אויסדויער און עקשנותדיקער גבורה האָט זיך מעגלעך געמאַכט צו וואווינען אונטערן ים־ניוואָ און אויסצוקעמפן פון זיין אור־שונא, דעם

ים, דאָ און דאָרט „פּאָלדערס", אַ וואָרט, וואָס האָט צוערשט באַטייט זומפּן, און פּעטע פּאַשע פּאַר זיינע רינדער, — ער מוז זיין שטענדיק איבער־פּינקטלעך און אין נצחונות פון קאַמף וויל ער באַצווינגען די נאַטור, זי געאָמעטריזירן — ער צעטיילט זיין גאַנץ לאַנד אין פּאַראַלעלאָגראַמען, צע־ווירעט די גאַסן פון די שטעט אין גלייכע ליניעס, און אַפילו די ביימער ווילט זיך אים מאַכן געהאָרכזאַם און אונטערטעניק צו זיין רצון, און בלומען מאַכן פּאַר אַ פּרנסה — גאַנצע אַקערס זענען פאַרזייט טיולפּאַנען און היאַצינטן אין גלייכווינקלדיקע בייטן.

לייבניצעס וועג פירט אים איצט פון רוישיקן צענטער אין עלטערן טייל פון שטאָט, וואָס דערמאָנט אַ סך אין קעלן. די גאַסן דאָ זענען שטיל און רואיק. דערפאַר וואוינען דאָ געלערנטע און קינסטלער, וואָס זוכן רו פאַר זייער אַרבעט. אָט ציט לאַנגזאַם אַ קאַנאַל. ס'קעסטלט זיך אויף דער טונקעלער פּירעק פון דעם שפּיטאָל פון הייליקן גייסט, אויפגעבויט אין 13טן יאָרהונדערט. צוזאַמענגעשרומפּענע הייזלעך, וואָס טוליען זיך אונטער איין דאַך. אויף דער לינקער זייט פונעם געראַכט שטייט דאָס שטיבל, וואָס איז דער ציל פון לייבניצעס רייזע. ווי ס'רוב אָרימע הייזער אין האָלאַנד, קוקט עס מיט דריי פענצטער אין פראָנט און באַשטייט פון אַן אונטערשטיבל און אַ קלענערן אויבערשטיבל מיט אַ גרויסן פענצטער.

הענדריק וואַן דער ספּיק, דער בעל־הבית, אַ שטוב־מאָלער, וועלכער גיט זיך אָפּ אויך מיט פּאָרטרעטירן, עפנט לייבניצן די טיר. ער דערפילט גלייך אין דער באַנעמונג פונעם גאַסט העפלעכקייט אין אורשפּרינגלעכן זין פונעם וואָרט, היינו, הויפישקייט. צי איז דען נישט לייבניץ אַ מקורב למלכות און נאָענט מיט שררות? — אָבער פונעם וואָרט „הויפיש" שטאַמט נאָך אַ וואָרט: „היבש", שיין — און פון דעם, ווי ס'באַמערקט גלייך דער מאָלער, איז דער גאַסט, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 30, וועמעס פאַר־שפּיצטער קאָפּ ס'איז באַדעקט מיט אַ שווערן פּאַריק אַ לאַ לואי דער פערצנ־טער, זייער ווייט... די באַלעבאָסטע, מאַרגאַרעטע וואַן דער ספּיק, איילט אַרויף רופן ספּינאָזאַן און קומט באַלד צוריק:

— אָט גייט ער, „מיינהער!"

פון די טרעפּ קומט אַראָפּ אַ מאַן פון מיטעלן וואוקס. דאָס פּנים האָט אין זיך עפּעס שפּאַניש, איילבירטנפאַרביק און פון אויס־געצערטקייט דרייעקיק. די אויגן זיינע ברוינע, דורכנעמענדיקע. די שוואַרצע האָר זיינע געקרייזלט אַ ביסל. זיינע קליידער, הגם נישט רייך, ריין און אין אָרדנונג. אייניקע דענקער און געלערנטע האָבן ליב אונטערשטרייכן

מיט אַ כיוון זייער נאָכגעלאָזנקייט אין אויסערלעכן, זייער בטלנות אין קליינ־קייטן, כדי געבן אָנצוהערעניש, אַז זייער גאַנצע צייט איז אַוועקגעגעבן בלויז דעם אינערלעכן, דעם גרויסן. פאַרקערט, אַנדערע גיבן אַוועק אַ סך צייט זייער חצוניות, מ'זאָל גלייך דערקענען פון זייערע קליידער, אַז מ'האָט צו טאָן מיט אַן אדם גדול — צי מאַכט עס אָבער זיי פאַר אַנדערע מענטשן ווי זיי זענען? —

ספינאָזאַ באַגריסט פריינדלעך זיין גאַסט און פירט אים אַרויף אין זיין אויבערשטיבל... דער גאַסט קוקט זיך אַרום. מ'זאָגט, אַז אין ראָטער־דאַם מאַכט מען אַ פּאַראַמעגן, אין אַמסטערדאַם פאַרגרעסערט מען עס און אין האַאַג גיט מען עס אויס. ספינאָזאַ אָבער גיט, אַפּנים, זייער ווייניק אויס. דאָס צימער איז אָרימלעך, אָבער זייער ריין און זויבער. נישט אומזיסט ווערטלט מען זיך, אַז דער עולם־הבא פון אַ האָלענדישער באַלעבאָסטע איז האָבן אין הימל אַ דירה, וואו זי זאָל קאָנען אייביק קערן, רייבן און רייניקן. איז אַ חידוש, וואָס אין אַ ווינקל הענגט דאָ שפּינוועבס. און אין דערבייאיקן קעמערל שטייט אַ בעט, די איינציקע חשובע זאַך, וואָס ספינאָזאַ האָט באַקומען בירושה פון זיינע עלטערן. אין אַרבעט־צימער — ספרים, קלענערע און גרעסערע, אין לאַטיין און העבּרעאיש (צווישן די לעצטע אַ תנ"ך מיט פּירוש רש"י, ראב"ע, רד"ק און רלב"ג, און אַ מורה נבוכים), אויך ביכער אין די מאָדערנע שפּראַכן (בתוכם Esperanza de Israel פון ר' מנשה בן ישראל), אַנגעלייגט און אָנגעשפּאַרט איינע אין די אַנדערע. אויפן טיש גלאַנצן אָנטקעגן דער נאָוועמבער־זון כלים צום שלייפן גלאָז און אַ מיקראָסקאָפּ.

ביידע זעצן זיך צום טיש, איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. ספינאָזאַ איז פריינטלעך צו זיין גאַסט מיט דער איינגעהאַלטענער פריינטלעכקייט פון „כבדהו וחשדהו". אמת, זיינע פריינט האָבן אים געשריבן וועגן לייבניצן, אַז ער איז „אַ בקי און אַ חריף אין פאַרשידענע וויסנשאַפטן און פריי פון די געוויינטלעכע פאָראורטיילן פון די טעאָלאָגן" און אַז „אין זיין רעדן איז ער קיינמאָל נישט ליידנשאַפטלעך און אויפגערעגט, נאָר שטאַרק מיושבדיק". אמת, ער אַליין האָט אויך באַקומען אַן איינדרוק פון לייב־ניצעס בריוו צו אים, אַז ער איז אַ מענטש פון פרייען גייסט און פון גרויס וויסן, און דאָך... צי טרייבט דען נישט אָט דער דאָזיקער קורפירשט־מיינצלעכער ראַט דיפּלאָמאַטיע? וואָס האָט ער געטון אין פראַנקרייך? איז זיין געהיימע שליחות נישט געווען פאַרבונדן מיט פּלענער קעגן די גענעראַל־שטאַטן פון נידערלאַנד?

און ספינאָזאַ פאַרפירט פאַרזיכטיק אַ שמועס איבער פראַנקרייך. אָבער די אָנגעצויגנקייט, וואָס הערשט די ערשטע פּאָר מינוטן צווישן ספינאָזאַן און זיין גאַסט, ווערט אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשוואַכט, ווען דער לעצטער, דערציילנדיק וועגן פּאַריז, קומט צום טראַגישן סוף פון וואַן דען ענדע, וועלכער האָט זיך גערופן אויך A Finibus... וואַן דען ענדע! — ספינאָזאַ האַלט איין מיט אַלע כחות זיין אויפרעגונג. — צי איז דאָס נישט געווען דער מאַן, וואָס האָט אים אויסגעלערנט לאַטיין און געגעבן אים אַ שליסל צו דער וועלט־פילאָסאָפיע? צי איז דאָס נישט געווען ער, וואָס האָט אין אים אָנגעצונדן דעם באַגער צו פאַרנעמען זיך מיט נאַטור־וויסנשאַפט, אַ באַגער, וואָס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן לייענענ־דיק דעקאַרטן? — לייבניץ דערציילט וועגן זיין באַזוך ביי וואַן דען ענדע. דער מייסטער האָט זיך מיט אים געוואָלט וועטן, אַז זיינע צוהערער וועלן זיין אויפמערקזאַם, וואָס ער זאָל זיי נישט זאָגן... ער דערציילט אויך וועגן אַ יונג מיידל, וואָס איז דאָרט געווען, און וועלכע האָט גערעדט לאַטיין און געווען שטאַרק באַהאַוונט אין געאָמעטריע. און ספינאָזאַ דער־מאָנט זיך פּלוצים אין דער קליינער קלאַראַ מאַריע, דער טאָכטער פון זיין לערער, וועלכע איז מיט גאַנצע 12 יאָר געווען אינגער פון אים (איצט האָט זי שוין חתונה געהאַט). דער גאַסט דערציילט דערווייל ווייטער — וועגן דער פאַרשווערונג, אין וועלכער דער מייסטער איז געווען פאַרמישט און וועגן זיין סוף, און פאַר ספינאָזאַס אויגן שוועבט דורך אַן אייזערנע שטייג (איינע פון יענע, וועלכע לויט דער עלטער האָט אָנגערופן זיינע filletes) אין דער פייכטער פינצטערניש פון דער באַסטיליע, און דערנאָך די ענד פון וואַן דען ענדען אין אַ ברוגזן הויף פון דער אכט־טורעמדיקער פעסטונג. און ער קלעמט צונויף אַ וויל די ציין: צו וואָס נוצט בכלל די חכמה, אויב גלייך אַרונטערפאַלן אונטער דער השפּעה פון געפילן?

לייבניץ באַמערקט די אויפרעגונג פון זיין ווירט און פירט איבער דעם שמועס. ער הייבט אָן רעדן וועגן אַן ענין, וואָס איז ספינאָזאַן נאָענט צום האַרצן, ווי יעדן קינסטלער־בעל־מלאכה, — וועגן זיין אַרבעט. ער חזרט איבער זיין מיינונג, וואָס ער האָט אויסגעדריקט נאָך פאַר פּינפיאָרן אין איינעם פון זיינע בריוו צו ספינאָזאַן, אַז אין דער אָפּטיק קומט עס דער עיקר אָן ס'זאָלן געזאַמלט ווערן בלויז די שטראַלן פון די פּונקטן, וואָס ליגן אויסערהאַלב ווי אויך אינערהאַלב דער אָפּטישער אַקס און דערפאַר דאַרף מען מאַכן די עפענונג פון די גלעזער וואָס ברייטער... ספינאָזאַ הייבט אָן דערקלערן ערנסט און מיט געניטשאַפט די שוועריקייטן,

ווייזנדיק דערביי מיט בלייכע בלוי־געאָדערטע הענט זיין געציינג. אוןביידע ווערן מער און מער אריינגעצויגן אין זייער שמועס. צי האָבן דען נישט די אָפּטיק און פילאָסאָפיע אַ געמיינזאַמע אויפגאַבע? קוים געפינט מען דעם פונקט, וואָס זאַמלט אַמבעסטן שטראַלן, ווערט דערמיט מעגלעך דאָס פאַרגרעסערן פונעם אומזעבאַר־קליינעם און דאָס דערנענטערן פונעם שטערן־ווייטן.

און פּאַמעלעך גייט איבער דער שמועס צו דעם, וואָס ס'אינטערעסירט באַזונדערס ביידע מענטשן. טשירנהויז און אַנדערע האָבן אַזויפיל דער־ציילט לייבניצן וועגן דער „עטיק", און ער וואָלט געוועז אַזוי צופרידן, ווען ספינאָזאַ זאָל אים ווען אײַנווייען אין זיינע געדאַנקען... ספינאָזאַ קווינקלט אַ ווייל. ס'רוב חלוקי דעות צווישן מענטשן קומען דאָך אָדער צוליב דעם, וואָס זיי קאָנען נישט אויסדריקן זייערע געדאַנקען ווי געהעריק, אָדער ווייל זיי טייטשן פאַלש אויס די געדאַנקען פון אַנדערע. ווען איר לייבניץ ריכטיק פאַרשטיין? און דאָך ווילט זיך אים פאַרלייענען. דען אַלץ וואָס וואַקסט אויס — וויל זיך אויספּיקן צום לעבן, אויסשטרעקן דעם קאָפּ צו דער זון, און מער ווי אַלץ אַן אמת, וואָס איז אויסגעטראָגן און אויסגעוואָרעמט געוואָרן לאַנגע, לאַנגע יאָרן אין דער שטיל. און ער, וועלכער האָט געמיט זיך צו ברענגען זיינע באַהויפּטונגען און מיינונגען ווי מעסיק ס'איז נאָר מעגלעך צום אויסדרוק; ער, וואָס צוליב זיין מורא אויפצורייסן פרעמדע, חשדנותדיקע אויגן, דערלאָזט נישט די האָלענ־דישע איבערזעצונג פונעם „טראַקטאַט" און האָט דן געוועזן לגניזה אין שופלאָד דעם כתב־יד פון דער „עטיק", פילט, אַז ס'וועט זיין פּאַר אים אַ טאָפּלטער פאַרגעניגן צו לייענען פאַר אַ מענטשן, וואָס שטייט אַזוי העכער איבער דער אַרומיקער פּלאַטשיקייט. און צי וועט אים נישט, אַלס מאַטעמאַטיקער, באַזונדערס אינטערעסירן די געאָמעטרישע מעטאָדע פון דער „עטיק"?

ספינאָזאַ עפנט דעם שופלאָד. אין שטרענגער אָרדנונג ליגן כתב־ידן: אַ קיצור פון אַ העברעאישער גראַמאַטיק, אויך געשריבן אין געאָ־מעטרישער מעטאָדע, אַ העפט צייכענונגען, מיט וועלכע דער איינזאַמער דענקער גיט זיך אָפּ אין אַ פרייער שעה און אין וועלכן ער האָט זיך געמאָלט אַלס מאַזאַניעלאָ, דער נעאַפּאָליטאַנישער בונטאַר, מיט אַ נעץ אויף די פּלייצעס. ער נעמט אַרויס אַ דיקן כתב־יד. די בלעטער זענען באַזייט מיט קליינע אותיותלעך, אין דער פּאַרקיילעכדיקייט פון וועלכע ס'פילט זיך על פּי הרוב רואיקע לויטערקייט פון געמיט, וועלכע זענען אָבער דאָ

און דאָרט קריגעריש פאַרשאַרפט און פאַרשפּיצט מיט אַ שאַרפן עקשנות־דיקן ווינקל. די קליינע לאַטייניִשע דליתן דרייען פאַרזיכטיק אויס זייערע פאַרצווייגטע קעפּלעך אויף צוריק. איז דען נישט דער דעוויז פון זייער שרייבער „זיי פאַרזיכטיק?” די שורות פאַרענדיקן זיך אָפט מיט לאַנגע ליניעס, וואָס זענען אַרויסגעפעדימט פון לעצטן אות פון וואָרט. ווייזן אויס די שורות ווי אויסגעמושטירטע איבערגעוואַלט אין סימעטרישע רייען, אויסגעשטעלט אונטער שטרענגער דיסציפּלין אין גלייכע זיילן.

און מיט אַ שטילער, הייזעריקלעכער, אָבער דאָך וואוילקלינגענדיקער שטים הייבט ספּינאָזאָ אָן צו לייענען. און דער צוהערער באַפרייט אין זיך דאָס פאָרגעלייענטע פון דער שטרענגער געאָמעטרישער פאָרם און פרעסט צונויף די הויפּט־געדאַנקען אין אַ תמציתדיקן רעזומע:

פריי ווערט אָנגערופן עפּעס, וואָס עקסיסטירט און האַנדלט בלויז דורך דער נויטווענדיקייט פון זיין נאַטור; פאַרקערט, געצוואונגען — דאָס, וואָס ווערט באַשטימט דורך אַן אַנדערן צו זיין און צו ווירקן אויף אַ געוויסן אופן. בלויז גאָט, אַלס אַ פולקום וועזן, עקסיסטירט, הגם נויט־ווענדיק, דאָך פריי; בלויז ער אַליין איז אַ פרייע סיבה, ווייל ער האַנדלט בלויז אויס די געזעצן פון זיין נאַטור. אָבער הייסט עס, אַז ווי באַלד גאָט איז אַ פרייע סיבה קאָן ער לויט זיין באַגער נישט דערלאָזן זאַכן, וועלכע זענען זיך מתחייב פון זיין עצם נאַטור? ניין, ס'פּונקט ווי מ'וואָלט געזאָגט, אַז גאָט קאָן פאַראורזאַכן, אַז פון דעם מהות פון אַ דרייעק זאָל נישט אַרויסקומען, אַז זיינע דריי ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע, אָדער פּונקט ווי מ'זאָל אָפּלייקענען די אַקסיאָמע, אַז פון אַ געוויסער אורזאַך קומט נישט אַרויס מיט אַ נויטווענדיקייט אַ פּועל־יוצא. היינט אויב ס'איז נישט ריכטיק דער קוק פון די פילאָסאָפן אויף דער פרייהייט פון גאָט, ווי זיי פאַרשטייען דאָס, אַ כל שכן שוין דער קוק פונעם המון, וואָס באַטראַכט גאָט ווי אַ קיניג, פאַר וועלכן זיין און נישט זיין פון עפּעס איז בלויז אַ צופעליקע שפּיל, און וועלכער קאָן לויט זיין באַגער חרוב מאַכן אַ וועלט. באמת אָבער איז נישטאָ קיין שום צופעליקייט אין דער נאַטור. אַלץ שטאַמט אַרויס מיט אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט, ווי ס'פאָלגט אומ־פאַרמיידלעך אַ פּועל־יוצא פון אַ סיבה. דערפון איז אַלזאָ געדרונגען, אַז דאָס אייביקע און אין־סופדיקע וועזן, די אור־סיבה פון אַלץ און אַלעם, ווירקט נישט דורך פרייהייט פון ווילן.

ספּינאָזאָ, ווי אַ מענטש פון שאַרפע, שטענדיק וואַכע חושים, דערפילט אין דער אומרואיקייט פון זיין גאַסט, אַז דורכן לייענען האָבן זיך ביי

אים אָנגעזאַמלט אַזויפיל געדאַנקען, אַז ס׳וועט אים איצט שווער זיין ווייטער צו הערן. ער לייגט רואיק אַוועק דעם כתב־יד, שטאָפּט אָן די לאַנגע, האָלענדישע פּייקע, שלאָגט אויס מיט אַ צינד־שטיינדל פייער און פאַררויכערט. בלוי־גרויע רינגעלעך רויך קרייזלען זיך און צערינען אייניציק־ווייז אין דער לופט. ספּינאָזאַ וואַרט אויף דער מיינונג פון זיין גאַסט. לייבניץ בלעטערט דעם כתב־יד שווייגנדיק. צי זאָל ער רעדן? ס׳אַ שווערער ענין אַ וויכוח. ס׳רוב מענטשן, אַפילו ווען זיי הערן אויס זייער קעגנער, ענטפערן נישט אויף דעם, וואָס מ׳האָט זיי געזאָגט, נאָר אויף דעם, וואָס זיי מאָלן זיך אויס. משמעות, ווייל אויף דעם איז לייכטער צו ענטפערן. אמת, דער גרויסער אינטעלעקט הייבט זיך אויף העכער פון דער קליינלעכער קנאה־שנאה, אָבער צווישן זיינע פילע מעלות איז דאָ אויך אַ קליינער חסרון: האָבנדיק אַ גרונט צו גלויבן זיינע אייגענע כחות, איז אים זייער שווער צו באַאיינפלוסן.

— Pulchra cogita, — הייבט ער אָן פריינטלעך, בלעטערנדיק אין כתב־יד, — שיינע געדאַנקען... אונטער אַ סך פון זיי וואָלט איך זיך אונטערגעשריבן מיט דער גרעסטער הנאה.

ער האָט איבער אויף אַ וויילע און ספּינאָזאַ טוט אַ לייכטן שמייכל צו זיך: ווען אַ קריטיקער הייבט אָן מיט שבחים, דאַרף מען באַלד וואַרטן אויף אַן „אָבער”, וואָס זאָל אַלץ מבטל זיין. און ווירקלעך, לייבניץ הייבט אָן צו רעדן, — אויפגעשטורעמט פון געדאַנקען, רעדט ער איצט שנעל און האַסטיק, נישט ווי זיין שטייגער.

— יאָ, שיינע געדאַנקען, אָבער.... צוהערנדיק צו אייך, ווען איר האָט פאָרגעלייענט, און מעיינדיק זיין איצט אין מאַנוסקריפּט, דוכט זיך מיר אַ סך מאָל, אַז בלויז דער שטאָף איז מאַטעמאַטיש, ד. ה. אָביעקטיוו און אומפּערזענלעך, דער תוך אָבער אָפּט — דערלויבט מיר צו זאָגן — טרוימעריש מטושטש און פּאַראַדאָקסאַל. אפשר איז עס דערפאַר, וואָס נאָך אַלעמען איז אַ סך שווערער צו באַווייזן מעטאַפיזישע אמתן איידער מאַטעמאַטישע. ווען מיר האָבן צו טון מיט צאָלן אָדער זייערע סימבאָלן, האָבן מיר געוויסע מיטלען פון קאָנטראָל, מיר האָבן נאָכפּרואוון, וועלכע פירן אונדז שנעל צו אַנטדעקן אַ געמאַכטן גרייז. אין מעטאַפיזיק אָבער איז נישטאָ אָט דער קאָנטראָל... זייער אָפּט האָבן פילאָסאָפן די בעסטע כוונות און זיי גלויבן באמונה שלמה, אַז זיי האָבן מאַטעמאַטיש־זיכער באַוויזן זייער הנחה; ס׳רוב שטעלט זיך עס אָבער אַרויס פאַר זעלבסט־אָפּנאַרעריי... אפשר דערפאַר באַזיצן מיר אַזוי ווייניק מעטאַפיזישע באַווייזן, וועלכע

זענען ווערט דעם נאָמען. אויב איר ווילט, זענען אפשר די יוריסטן בכלל די איינציקע שרייבער, וואָס דערנענטערן זיך אין זייערע געזעץ־ביכער צום סטיל פון די געאָמעטרן... אָבער דערלויבט מיר זיך אומצוקערן צום ענין... אויף וויפיל כ׳בין עם איצט תופס, איז דער ערשטער אונטערשיד צווישן אונדז פאָלגנדיקער: איר הייבט אָן ווי אַ טעאָלאָג און ענדיקט ווי אַ פילאָסאָף, איך אָבער הייב אָן ווי אַ פילאָסאָף און ענדיק ווי אַ טעאָלאָג. אין פלוג הייבט איר אויף גאָט צו דער העכסטער מדרגה — פאַר אייך איז בלויז ער אליין די סובסטאַנץ און אַלע איבריקע עצמים בלויז מאָדי־פיקאַציעס פון אים. באמת אָבער זענט איר אים משעבד צו אייזערנער נויטווענדיקייט. ווי איינער פון די קדמונים, דער פעריפּאַטעטיקער סטראַטאָן, האַלט איר, אַז אַלץ קומט פון דער ערשטער סיבה, פון דער אור־נאַטור דורך אַ בלינדער און געאָמעטרישער נויטוועדיקייט, פּונקט ווי די אייגנ־שאַפטן פון אַ קרייז פאָלגן פון זיין עצם מהות... אייער גלויבן איז נישט קיין גלויבן, נאָר אַ לאָגיש סיסטעם... אייער גאָט, ווי דער גאָט פון עפיקורן און אפשר אויך ־אָבסן, קאָן נישט וועלן, דערפאַר אויך נישט ענדערן און ממילא אויך נישט שאַפן קיין נסים. — ווי קאָן מען אַזאַ מאַכטלאָזן גאָט ליב האָבן, ווי קאָן מען שפּרייטן צו אים הענט אין האָפנונג און בעטן צו אים? אייער גאָט דאַרף נישט, ווי דער גאָט פון חומש, וועלכער פילט זיך אַלס אַלמעכטיקער שעפער פון דער וועלט, באַטראַכטן דערנאָך זיין שאַפונג און געפינען עס גוט... גוטס און שלעכטס זענען דאָך פאַר אייך בלויז מענטשלעכע כימערעס. מיר אָבער ווייזט זיך אויס, אַז ביי דער גאַנצער רעלאַטיוויקייט פון גוטס און שלעכטס איז די וועלט גוט אין זיך, — און די וואָס זענען אומצופרידן מיט גאָט ווייזן מיר אויס ווי אומצופרידענע אונטערטאַנען, וועמעס באַנעמונג ס׳איז נישט אַנדערש ווי פון בונטאַרן און רעבעלן.

ספינאָזאַ ציט רואיק זיין ליולקע. ער דערמאָנט זיך אין ווייטע טעג, ווען ער איז אַרוים פון דער ישיבת „עץ חיים” און זיך אָנגעהויבן פאַר־טיפן אין חקירה־ספרים און דער רמב״ם האָט פאַר אים אַנטדעקט אַ נייע וועלט, האָט פאַר אים אַריינגעטייטשט אַ נייעם פשט אין פסוק: „יסד ארץ על מכוניה בל תמוט עולם ועד” און אין אָן אַנדער פסוק פון דוד המלך: „הללו את ה׳ מן השמים וכו׳, כי הוא צוה ונבראו ויעמידם לעד לעולם, חק נתן ולא יעבור”, דאָס מיינט, אַז די נאַטור־געזעצן זענען אייביק... אויב אָבער דער רמב״ם האָט אים אויסגעוויזן אַזוי ניי אין זיין אַלטקייט, ווייזט אים אויס אָט דער מאָדערנער מענטש, וואָס זיצט

קענען אים, אַזוי אַלט אין זיין נייקייט... און ספינאָזאַ ווענדט זיך מיט אַ טרויעריקן שמייכל צו זיין גאַסט:

— פון אייך, אַ פרייען גייסט, האָב איך דערוואַרט מער — נייע געדאַנקען. כ'האָב דערוואַרט צו הערן אייך רעדן ווי אַ פילאָסאָף, אָבער אויך איר פאָדערט פון גאָט פרייהייט, וואָס מיינט, אייגנטלעך, ווילקירלעכ־קייט, אומגעזעצמעסיקייט, נסים, ד. ה. פאַסירונגען, וועלכע מ'פאַרשטייט אַמווייניקסטן און דערפאַר באַוואונדערט מען זיי אַממערסטן... דער המון באַגרענעצט אַזוי די נאַטור, אַז דער מענטש ווערט איר מיטלפּונקט... און נישט דער מענטש בכלל, נאָר סתם אַ מענטש, וועלכער איז זוכה צו געפינען חן און לייטזעליקייט אין די אויגן פון אויבערשטן און פון זיין כבוד וועגן ענדערט ער דעם געפּלאַנטן גאַנג פון די געשעענישן און מבטל אַלע נאַטור־געזעצן... און די קליינגייסטער.... וואָס! — טענהט דר. וועלט־הויזען, — דער אויבערשטער קאָן נישט מאַכן אַ לייכטע משא אויפהייבן אַ שווערערע משא, און אַ קערפּער, וואָס באַוועגט זיך לאַנגזאַם, אָניאָגן און איבעריאָגן אַ צווייטן, וואָס באַוועגט זיך צוויי מאָל אַזוי שנעל... איז דאָס אויך אייער מיינונג? אויב נישט, אויב איר וועט צוגעבן, אַז אין דער נאַטור געשעט גאָרנישט, וואָס שטייט אין ווידערשפּרוך מיט אירע אַלגעמיינע געזעצן, ד. ה. אויב איר גיט צו געזעצמעסיקייט גיט איר אויך צו אומפאַרענדערלעכקייט, ד. ה. נויטווענדיקייט — אייך פאַר גאָט.

לייבניץ הייבט אויף זיין קול אַ ביסל העכער, ווי אַ מענטש, וועלכן מ'רירט אָן אין אַן אָנגעווייטיקטן פּונקט.

— געוויס שטעל איך מיר נישט פאָר וואונדער ווי דער המון. אָבער... כ'בין זיך מודה ומתודה: איך בין נישט קיין אינאָוואַטאָר. אפשר זענען בכלל דאָ דרייערליי דענקער: דענקער, וואָס שעצן איבער אַלע ווערטן, צעשטערן בנינים, וואָס דורות האָבן אויפגעשטעלט שטיין נאָך שטיין און ציגל נאָך ציגל; ווידער דענקער, וועלכע בויען בלויז איבער דאָ און דאָרט דעם אַלטן בנין, כדי אים צו צופּאַסן צו די פאָדערונגען פון דער נייער צייט; און צולעצט דענקער, וועלכע לאָזן די אַלטע נחלה נישט גערירט און בויען בלויז צו — ווער אַן אויבערשטיבל, ווער אַ גאַנצן פליגל... וואָס אַנבאַלאַנגט מיר... אפשר וועט עס אייך קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער איך געפין, אַז על פּי הרוב זענען די סאַמע עלטסטע און די סאַמע אָנערקענטסטע מיינונגען די בעסטע. כ'בין איבערצייגט, אַז ווען אַ פאָר־זיכטיקער און לאָגישער גייסט זאָל זיך נעמען די מי קלאָר צו מאַכן די געדאַנקען פון די טעאָלאָגן, באַזונדערס פון הייליקן אויגוסטין און פון

די אַזוי־גערופענע סכאָלאַסטישע פילאָסאָפן, און זיי פאָרמולירן אויף דעם שטייגער פון די אַנאַליטישע געאָמעטרן, וואָלט ער אין זיי געפונען אַ גרויסן אוצר פון חשובע אמתן, לחלוטין דערווייזבאַרע. אפשר דאַרפן נישט נאָר ווערק פון פרעמדע פעלקער איבערזעצט ווערן אין אונדזער לשון, כדי אונדז ווערן צוגענגלעך; אפשר דאַרפן אויך ווערק פון ווייטע דורות איבערגעטראָגן ווערן אין דער אַטמאָספער פון אונדזער דור, כדי אונטער דער פרעמדער שאָלעכץ זאָלן מיר דערפילן אַ אייביקן, ממילא, אַ געמיינ־זאַמן קערן... איך וויל איבערזעצן און — פאָרטזעצן, ווייל כ'בין מיטן גאַנצן האַרצן פאַראינטערעסירט אין דער אַלטער, אָבער אויך אין דער מאָדערנער פילאָסאָפיע און כ'גיב אַוועק אַ סך צייט אויף עקספּערימענטן אין פיזיק און אויף געאָמעטרישע באַווייזן. לייט זאָגן, כ'האָב צוגעבויט אַ פליגל צום אַלטן בנין פון דער געאָמעטריע, כ'ווייס אָבער נישט צי ס'איז לייכט אָנצוואַווייזן אויטאָריזירטע אמתן, וועלכע איך ווידערליג. איר אָבער ——

— איך אָבער, — חזרט ספּינאָזאַ שטיל איבער און וואַרט ערנסט און מיט גרויס כונה אויפן ווייטערדיקן.

— איר... — לייבניץ ווערט פאַרזיכטיקער, מורא האָבנדיק ווי צו טון דעם, ביי וועמען ער איז צו גאַסט. — דער הויפּט־אונטערשיד, גלויב איך, צווישן אונדז איז דאָס, וואָס פאַר אייך איז דער עיקר דער „מוז", פאַר מיר דער „זאָל"; פאַר אייך איז אַלץ וואָס עקסיסטירט — דאָ, ווייל אַזוי מוז עס זיין; פאַר מיר — ווייל ס'דאַרף זיין; איך זע גאָטס פאַר־נונפט שעפעריש, אַקטיוו. זענען אפשר גערעכט די, וואָס רופן אייך אַטע־איסט: איר זענט אויף אַזויפיל אַטעאיסט אויף וויפיל איר נעמט צו ביי גאָט זיין מאַכט און אויף וויפיל איר דערלאָזט נישט, אַז ס'דאָ אַן השגחה, וואָס גיט שכר די גערעכטע און שטראָפט די אומגערעכטע. איך קאָן מיר נישט אויסמאָלן ווי מיט אייערע טעאָריעס זאָלט איר קאָנען איבערצייגן ס'רוב מענטשן צו דערפילן זייערע פליכטן.

— מיין ליבער הער לייבניץ, צי רעכנט איר נישט, אַז ס'פּאַסיקער פאַרן מענטשן צו האַנדלען אויס אינערלעכער איבערצייגונג און נישט קנעכטיש, אויס מורא פאַר הימלישער אָדער ערדישער שטראָף?

— געוויס... און איך ווייס אויך, הויכווירדיקער פריינט, אַז ס'זענען דאָ אַזעלכע, וועלכע, ווי די סטאָאיקער אָדער ווי איר... יאָ, יאָ, ווי איר — טוען מעשים טובים און פאַרמיידן שלעכטס נישט אויס האָפנונג אויף באַלוינונג אָדער אויס אַנגסט פאַר שטראָף... אפשר איז בלויז טאַקע אַזאַ

לעבן ראוי אָנגערופן ווערן גוט און ריין... אָבער ס׳רוב מענטשן... איר גייט אָבער נאָך ווייטער — איר נעמט צו ביי דער מענטשהייט די גרעסטע האָפנונג — דעם גלויבן אין יענער וועלט. אמת, איר לייקנט נישט אומ־שטערבלעכקייט, אָבער א וואָסער אומשטערבלעכקייט איז דאָס! אונדזער זעל, זאָגט איר, איז אייביק, ווי אייביק ס׳איז דער באַגריף „קרייז" אָדער „דרייעק" אָדער יעדער אַנדערע פּלאַטאָנישע אידעע... וואָס קומט מיר אָבער ארויס פון אזא מין השארת הנפש! וואָס נוצט מיר די פּלאַטאָנישע אידעע, ווען איך אליין בין מער נישטאָ?... איר פּעגטעט גאָט כדי צו באפרייען דעם מענטשן. באַפרייט איר אים אָבער? איר נעמט צו ביי אים יענע וועלט און אויך די וועלט, ווייל איר נעמט צו ביי אים גאָט און די האָפנונג און פאַרשקלאַפּט אים צו דער טראַגישער נויטווענדיקייט!

— אנטשולדיקט, מיין ליבער הער לייבניץ, געזעצמעסיקייט פון דער נאַטור באַטייט נישט פאַרשקלאַפּונג.... גראָד אומגעקערט: ווען בלויז איין מענטש איז גליקלעך צווישן א סך אומגליקלעכע, איז זיין גליקזעליקייט בלויז שיינבאר; ווען איינער בלויז איז אומגליקלעך, איז זיין בראָך א ביטערער אמת. וואָס מער אָבער מיר דערקענען א צרה נישט אלס א פּערזענלעכן דורכפאַל, אלס אייגענע שלימזלדיקייט; וואָס מער מיר דער־קענען זאַכן אלס נויטווענדיק, אַלץ מער ווערט אונדזער זעל אויסגעלייזט פון צעדריקנדיקן טרויער... און אָפט איז גאָר נישטאָ קיין טרויער... צי האָבן מיר רחמנות אויף א קינד, וואָס ער קאָן נישט הערן, גיין, טראַכטן? ניין. וואָלטן אָבער ס׳רוב מענטשן געבוירן געוואָרן דערוואַקסענע, וואָלט אונדז די קינדהייט אויסגעוויזן ווי עפּעס א צופעליקער חסרון און פאַר־קריפּלונג פון דער נאַטור... און אפילו דער טויט... ביי זיין גאַנצער טראַגישקייט מאַכט דאָך נישט אויף אונדז דער טויט פון אַן עלטערן מענטשן דעם איינדרוק, וואָס ס׳מאַכט אויף אונדז דער טויט פון א יונגנ־מאַן אָדער פון א מענטשן אין די מיטעלע יאָרן... פאַרוואָס? ווייל מיר אָנערקענען אים פאַר מער נאַטירלעך, ד. ה. געזעצמעסיק, און מיר טרייסטן זיך: קיין אינגערע פון אים זאָלן נישט שטאַרבן! ניין, מיין ליבער הער לייבניץ, נישט די קאָסמישע נויטווענדיקייט באַטייט פאַרשקלאַפּונג, נאָר די אונטערוואָרפנקייט פון מענטשן צו זיינע אַפּעקטן... (ספּינאָזאַ פאַר־לאַנגזאַמט אויף א ווייל זיינע רייד, אין זיין מח שוועבט דורך א מאמר פון רמב״ם: „וכל הפּעלות רע"). ווייל אין די בלינדע, פּייערדיקע ליידן פון זיינע ליידנשאַפטן איז דער מענטש נישט מער דער בעל־הבית איבער זיך, נאָר אין דער מאַכט פון זיין גורל, וואָס געוועלטיקט איבער אים, און

אָפט זעט ער דאָס בעסערע און טוט דאָס שלעכטע... די לעצטע יאָרן האָב איך געזוכט דעם וועג צו דער פרייהייט פון גייסט און געפונען אים אין דער ממשלה פון פארשטאַנד איבער די אַפעקטן.

לייבניץ שאָקלט מיטן קאָפּ.

— כ׳האָב מורא, אַז אויך בנוגע דער אָפּשאַצונג פון פארשטאַנד צע־גייען מיר זיך... איר דערנידעריקנדיק גאָט דערהייבט דעם מענטשלעכן שכל, וועלכער קאָן אַלץ משיג זיין... איר שטעלט אים בכלל אַוועק אין צענטער פון דער מענטשלעכער נשמה און דער וועלט... מיר אָבער... מיר ווערט מער און מער קלאָר, אַז אין אונדזער נשמה זענען דאָ טונקעלע טיפענישן, וואו קליינע שפּירונגען, נישט קלאָר אויפגענומענע, סומירן זיך, קאָמבינירן זיך און פאַראייניקט דערגרייכן אונדזער באַוואוסטזיין... מיר ווייסן מער, וויפיל מיר ווייסן... אָפט דערמאָנט מיך אונדזער נשמה אין כינעזיש לשון. האָבן דען נישט די כינעזער אַרטיקולירטע קלאַנגען פּונקט ווי מיר? אָבער האָבנדיק אַן אַנדער מאַניר צו שרייבן, האָבן זיי נאָך נישט קיין א״ב פאַר זייערע איינצלנע קלאַנגען. אויך מיר קאָנען נישט שטענדיק אויסדריקן חתוך־הדיבורדיק, וואָס מיר ווייסן און פילן.

ספּינאָזאַ שמייכלט טרויעריק.

— יאָ, דער אָרימער פאַרשטאַנד, — זאָגט ער שטיל, — פון אַלע זייטן ווערט ער אַטאַקירט... אָט איר באַווייזט, אַז ער, אָדער ריכטיקער דער באַוואוסטזיין, זענען נאָך נישט אַלעס... פון דער אַנדערער זייט — בעקאָן דער ווערולאַמער... דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד, זאָגט ער אַ ביסל מליצהדיק, איז אַ ציטריק ליכט, וואָס ציט זיין יניקה פון בוימל פון ווילן. און ווייס איך דען אַליין נישט פון אייגענער דערפאַרונג, ווי שוואַך און בייגזאַם ס׳איז אָפט דער פאַרשטאַנד בשעת גרויסע אויפטרעסלונגען און אומגליקן? פאַר פיר יאָרן, בשעת אויף די גאַסן פון האַאַג האָט דער המון צעריסן כמעט פאַר מיינע אויגן מיינע פריינט, די ברידער דע וויט, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזאַ פיינלעך געפיל פון צאָרן און צער... און דאָך — איז עס נישט געווען דער פאַרשטאַנד, מיט וועלכן כ׳האָב געצוימט מיינע געפילן און זיך באַהערשט? אַן אַנאַליזירטער טרויער איז ווי אַ וואונד, וואָס האָט זיך שוין געעפנט... צווינגענדיק זיך טראַכטן פילאָסאָפיש און, ממילא, אָנערקענען, אַז דער מענטש שטייט נישט לחוץ דעם געזעץ און האָט נישט קיין אַבסאָלוטע מאַכט איבער זיינע מעשים, האָט עס אין אַ גרויסער מאָס געשטילט מיינע געפילן. אויפן אָרט פון שעלטן און זידלען זיך, האָב איך אין דער שטילקייט פון מיין צימער אָנגעהויבן מער

נאָכצוטראַכטן איבערן מענטשן. כ'האָב מיר געזאָגט, מענטשן, ווי אַלץ איבעריקס, זענען דאָך בלויז אַ טייל פון דער נאַטור, און אפשר בלויז דערפאַר, וואָס איך וויים נישט ווי דער טייל פּאַסט זיך אַריין אין דעם גאַנצן, ווייזן מיר אויס געוויסע נאַטורן, וועלכע איך באַגרייף בלויז טייל־ווייז, אַלס אויסטערליש, אַלס חוץ לשיטהדיק און אַבסורד. פאַרשטיין דעם מענטשן הייסט באַטראַכטן אים אין צוזאַמענהאַנג מיטן גאַנצן. נישט צו מוסרן אָדער לויבן אים איז נייטיק, נאָר פאָרשן זיינע מעשים און אינסטינקטן אָביעקטיוו און רואיק, ווי געאָמעטרישע ליניען, פלאַכן און קערפּערס. און רואיק האָב איך אויך געטראַכט איבערן המון, וואָס האָט פאַרגאָסן ס'בלוט פון מיינע פריינט... שטענדיק אַזוי עלנד; שטענדיק צווישן אַנגסט און האָפנונג, כאַפּט זיך אָן די גרויסע מאַסע אין אַלערליי נאַרישע גלויבנס, ווי ס'כאַפּט זיך אָן דער וואָס טרינקט זיך אין אַ שטרויעלע. צעברעכט זי איין געטשקע — און קניט גלייך פאַר אַ צווייטער. איז דען דאָס נישט פונקט אַזוי אויך מיטן פּרט? אַ מענטש, וואָס פאַרלאָזט זיך, בשעת ער איז גליקלעך, אויף זיין שכל, איז גרייט אין אַ עת־צרה צו פאָלגן יעדע עצה, ווי נאַריש און אומגעלומפּערט זי זאָל נישט זיין. דער פּחד ברענגט אויף דער וועלט דעם אַבערגלויבן און קעכלט אים און נערט אים און שטאַרקט אים. דער פאַרשטאַנד אָבער שיינט אויף אין דער לויטערקייט פון געמיט, און ביי זיין גאַנצער בייזאַמקייט זע איך אים דאָך נישט ווי אַ ציטריק ליכטל, נאָר ווי אַ ליכט־טורעם, וואָס באַלויכט דעם שטורמיקן וועג צום רואיקן האַפן און וואָס ברענגט גליק פון רואיקייט.

לייבניץ הייבט אויף דעם קאָפּ.

— רואיקייט — אפשר, אָבער גליק? ווען איר אָנערקענט די נויט־ווענדיקייט פון געשעענישן, ווערן נוצלאָז און לעכערלעך אַלע אונדזערע דאגות און זאָרגן! דאָס אָבער גענוגט צו זיין רואיק, נישט גליקזעליק... ווי אַנדערש איז אָבער מיין fatum christianum פון אייער fatum stoicum! ווי אַנדערש איז אָבער, ווען איר זאָגט: דערפאַר דיינע פליכטן, מענטש, און זאָג „גם זו לטובה" אויף אַלץ וואָס קומט, נישט נאָר דערפאַר, ווייל דו קענסט זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דער געטלעכער השגחה אָדער דער נאַטור פון זאַכן, נאָר אויך דערפאַר, ווייל דו דאַרפסט האָבן בטחון אין דיין גוטן טאַטן אין הימל! און צי איז דער וועג צו אייער גליק נישט אַ ביסל צו שווער פאַרן מענטשן?

— יאָ, דאָס איז נישט לייכט. אַלץ וואָס ס'איז דערהויבן איז שווער פונקט ווי זעלטן, און דאָך לאָזט זיך עס געפינען.

איבערן קאַנאַל רויכערט און קנוילט זיך אַ נעפּל. אין דער גרויער פינצטערניש גליען אויף העלע, קרומע פירעקן פון פענצטער. און איינקאָרטשענדיק זיך פון הארבסטיקער קעלט אין זיין מאַנטל, טראַכט לייבניץ אויף זיין צוריקוועג וועגן איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט אויף ספּינאָזאַן. ווי ס'רוב נישט שיינע מענטשן, האָט ער ליב צו שיינען (דאָס אויסערלעכע מאַכט גלייך אַן איינדרוק, דאָס אינערלעכע פאָדערט אַן אַנאַליז, אויף וועלכן בלויז ווייניקע זענען פעאיק). איז ער סענסיטיוו בנוגע דעם איינדרוק, וואָס ער מאַכט אויף זיינע נייע באַקאַנטע. צי וועט ספּינאָזאַ אים נישט פאַלש פאַרשטיין, ד. ה. פאַלש אָפּשאַצן? צי וועט ער נישט טראַכטן וועגן אים, אַז ער שטייט מיטביידע פיס אין דער פרום־פּאַרצייטיקער וועלט, אַז זיין גאָט איז אַ asylum ignorantiæ?

געווים, צווישן זיי ביידע איז אַ גרויסער מהלך: ער איז נישט אַזוי גלייך, אַזוי לינעאַר אויסגעהאַלטן און אויסגעצויגן ווי ספּינאָזאַ. ער איז ענלעך אויף דער דערפינדונג פון זיין פריינט היגענס: זיין גאַנץ לעבן צאַפּלט ער מיט דער אומרואיקייט פון אַן אומרו, וואָס וואַרפט זיך פון רעכטס אויף לינקס. ער איז געבויגן, ווי ס'איז געבויגן יעדע בריק — איבער צוויי פאַרשידענע דורות.

די מעכאַניסטישע פילאָסאָפיע רייסט אַלץ מער אָפּ דור פון דור, די וויסנשאַפט פון גלויבן. דערביי איז אינטערעסאַנט פאָלגנדיקס: די פאָןטרעגער פון אָט דער פילאָסאָפיע זענען גראָד נישט קיין גרויסע מאַטעמאַטיקער. האָבס, למשל, „קאָמבינירט אַ מערקווירדיק דורכדרינגענדיקן שכל מיט אַ מאָדנער באַגרענעצטקייט. ער האָט זיך נישט גענוג פאַרטיפט אין מאַטעמאַטיק, צו זיכערן זיך פון אומלאָגישקייטן.‟ וואָס אָנבאַלאַנגט ספּינאָזאַן, איז „זיין ידיעה אין אַנאַליז און געאָמעטריע בלויז מיטלמעסיק און באַנוצט אַמבעסטן צום מאַכן מיקראָסקאָפּ־לינזן.‟ אָבער גראָד אָט די מיטלמעסיקע מאַטעמאַטיקער שטרעבן צו מאַטעמאַטיזירן און מעכאַניזירן די וויסנשאַפט: פון דער פיזיק פאַרטרייבן זיי די ענד־סיבות, און אפשר וועלן זיי אינגיכן אויסמאָלן אויך דעם מענטשן ווי אַ מאַשין, וואָס פּראָדוצירט געדאַנקען, שפּירונגען און געפילן... אָבער צו וואָס זענען אַזעלכע ריין־מעכאַניסטישע דערקלערונגען געגליכן? — צו אַ היסטאָריקער, וואָס אויפן אָרט פון וועלן באַריכטן, ווי אַזוי אַ מלך האָט חכמהדיק אויסגעוויילט די פּאַסיקע צייט און מיטלען פאַר זיין זיג, זאָל זען די אורזאַך פונעם נצחון אין דעם, וואָס די טיילעכלעך פון פּולווער וואָס אין האַרמאַט, ווערנדיק אָנגערירט דורך אַ פונק, האָבן זיך צעשפּרייט מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז

זיי האָבן אַרויסגעשטופּט אַ פּעסטן, מאַסיוון קערפּער לענגס דער רער, א. אז. וו. און הגם די סינאַגאָגע האָט אַריינגעלייגט ספּינאָזאַן אין חרם, וואָרצלען אפשר אַ סך פון זיינע געדאַנקען אין גלויבן פון זיין אַלטן פאָלק.

געוויס, באַטראַכט מען דאָס אידישע פאָלק, קאָן מען זיך חידושן, ווי אָט די איינוואוינער פון אַ קליינעם לאַנד האָבן זיך אויפגעהויבן אין זייער גלויבן העכער ווי אַלע איבריקע אומות העולם פון זייער צייט. צי איז אָבער געווען אין זייער גלויבן גאולה פאַר דער וועלט? ניין, ווייל משה האָט זיי נישט געבראַכט דעם גלויבן אין אומשטערבלעכקייט. ביז ס'איז געקומען יעזוס און אויפגעהויבן דעם שלייער פונעם גרויסן סוד און אויסגעלייזט די מענטשן פון זייער מורא פאַרן טויט. דאָס האָט ער געלערנט, אַז די אומשטערבלעכע נשמות גייען איבער פון איין וועלט אין דער אַנדערער, וואו זיי וועלן באַקומען באַלוינונג פאַר זייערע מעשים. דאָס איז אויך געווען ער, וואָס האָט געלערנט, אַז דער כביכול זאָרגט זיך אַ סך מער פאַר דער סאַמע לעצטער פון די מענטשלעכע נשמות ווי פאַרן גאַנצן מעכאַניזם פון דער וועלט. ווי קאָן דאָס אָבער אַלץ איינזען דער איד און אַפּאָסטאַט, ספּינאָזאַ? — אויב ער טיילט בלויז אָפּ פילאָסאָפיע פון טעאָלאָגיע, וועלן די, וואָס וועלן קומען נאָך אים, אפשר איבערהויפּט אויפהערן צו רעדן וועגן גאָט און זיי וועלן אויפבויען אַ ריין־מעכאַניסטישע פילאָסאָפיע, וועלכע וועט באַטראַכטן די וועלט פאַר אייביק, ד. ה. אויסמעקן דעם שעפער אויך פון ספר בראשית. אַ מעכאַניסטישע וועלט־אָנשויאונג, וואָס באַזייטיקט אַ העכערן ווילן, אַלזאָ אַ פּלאַן, איז אַ זינלאָזע און, ממילא, אַ טראַגישע וועלט־אָנשויאונג. און אפשר פּאַסט זיך מער אַריין אין דעם רעמל האָבס קוק אויף דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ווי ספּינאָזאַס. האָבס זעט נישט, ווי די בעסטע מענטשן פאַראייניקן זיך צוליב צוזאַמענאַרבעט און קאָאָפּעראַציע; ער זעט נישט ווי אַלע פייגל פאַראייניקן זיך צו פליען שיירותווייז; ער זעט נישט, ווי די ביבערס אין די טייכן נעמען זיך צונויף כדי בעסער אָנגיין מיט זייער אַרבעט; ער זעט בלויז קאַמף פון אַלץ קעגן אַלץ און לויט אים איז דער מענטש, וואָס איז אומגעזעלשאַפטלעך על פּי זיין נאַטור, געצוואונגען צו געזעלשאַפט דורך דער נויטווענדיקייט און דער חיהשקייט פון מענטשלעכן מין... און אַזוי: אַ בלינדער גאָט, אַ פאַרשקלאַפטע וועלט און חיהשע מענטשן.

און אָט קעגן דער זינלאָז־טראַגישער וועלט־אָנשויאונג וויל ער, וועט ער קעמפן. האָט דען זיין פאָטער נישט געהאָפט אין זיין פריסטער קינדהייט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער ריטער פון הייליקן גלויבן? דער

אַלטער האָט פאַרשריבן די געבורט פון זיין זון (וועלכער איז, אגב, געבוירן געוואָרן זונטיק) בזה הלשון אין הויז־פנקס: „כ׳האָף און גלויב, אַז דער דאָזיקער זון מיינער וועט הייליקן זיין לעבן צו גאָט * * * און אַז ער וועט אויפטון גרויסע מעשים פאַר זיין הייליקן נאָמען וועגן און באַשיינען און דערהייבן די קריסטלעכע קירך פאַר זיין טובה און פאַר אונדזער אַלעמענס טובה וועגן...״ אפשר וועט זיין פּאָטערס ברכה מקוים ווערן... אָבער קעמפנדיק קעגן דער מעכאַניסטישער וויסנשאַפט הייסט עס דען, אַז ער וויל שטענדיק נאָכזוכן די לעצטע סיבה און זיך לגמרי אָפּזאָגן פון פאָרשן די ווירקנדיקע סיבות? ניין,ביידע דערקלערונגען זענען גוט און זיי דער־גאַנצן זיך איינס דאָס אַנדערע. און דערפאַר דאַרפן נישט די פאָרשער, וואָס האָבן אויסגעוויילט דעם אָדער יענעם וועג, אָפּלאַכן און רעדן שלעכטס איינע איבער די אַנדערע. צי איז נישט דער ריכטיקער וועג צו פאַראייניקן ביידע אופנים פון טראַכטן אויפן אָרט זיך צו זיין דם שונאים?...

און דאָך, טראַכטנדיק וועגן זיין וויזיט ביי ספּינאָזאַן, פילט לייבניץ, אַז ער וועט האָבן אַ גרויסע השפעה אויף זיין גאַנץ לעבן. זייער אָפט בשעת אַ וויכוח זאָגן מיר פּונקט דעם היפּוך פונעם צד שכנגד. שפּעטער אָבער, בלייבנדיק אַליין, פילן מיר, אַז נישט ווילנדיק זענען מיר באַווירקט געוואָרן און מיר חזרן איבער יענעמס געדאַנקען... און לייבניץ פילט, אַז די יאָרן 1673-76, די יאָרן פון זיין זיין אין פּאַריז, און דער היינטיקער באַזוך ביים איינזאַמען אידישן דענקער וועלן געבן די ריכטונג זיין ווייטער־דיקער פילאָסאָפישער טעטיקייט. Le present est gros de l’avenir.

*

די וואָן דער ספּיקס קוקן זיך איבער און חידושן זיך אַ ביסל. על פּי הרוב איז ספּינאָזאַס שטייגער אַראָפּצוקומען צו זיי אין די אָוונטן נאָך דער אַרבעט, אויסרויכערן אין זייער געזעלשאַפט אַ ליולקעלע, זיך נאָכ־פרעגן אויף דער לעצטער דרשה פונעם לוטעראַנישן פּאַסטאָר אָדער צו שמועסן מיט די קינדער... אַ סך מאָדנע קלאַנגען האָבן זיי געהערט איבער זייער קוואַרטיראַנט, אָבער מאַלע וואָס בייזע צינגער רעדן! זיי האָבן אין אים נישט געזען קיין שום שלעכטס. די באַלעבאָסטע האָט אים אַמאָל געפרעגט, צי וועט איר זעל געראַטעוועט ווערן דורך דער קירך, צו וועלכער זי געהערט, און ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז יאָ, בתנאי, אַז זי וועט דער־ביי פירן אַ יושרדיק און רואיק לעבן... היינט אָבער איז ער נישט אַראָפּ־געקומען. צי איז ער ווידער נישט מיט אַלעמען?

אָנגעטאָן אין אַן אַלטן כאַלאַט, זיצט ספינאָזאַ אין זיין אויבערשטיבל אָנגעבויגן איבער זיין אַרבעט, פיילט און שלייפט און שלינגט דעם גלעזערנעם שטויב, וואָס רייצט זיין האַלדז און קראַנקע לונגען. אין צימער איז האַלב־טונקל. פון ציטריקן פלעמל פון ליכט צעהערגערן זיך אַרויף, אַראָפ און איןביידע זייטן דינע שטראַלן און ס'ווייזט אויס, דאָס ליכט איז איינגעוועבט אין אַ גאָלדענעם שפּינגעוועב. מיט אַמאָל דערהערט זיך אַ שטיל זשומען פון אַ ווינקל צימער. ספינאָזאַ שטייט אויף, הייבט אויף דאָס ליכט. מאַט־רעגנבויגנדיק גיט אַ גלאַנץ פון ווינקל דאָס שפּינגעוועב.

שפינען! קליין, באַמערקט זיי כמעט נישט דער מענטש, וואָלטן זיי גרעסער געווען — ווי וואָלט זיך דער מענטש געשראָקן פאַר זייער קלוגשאַפט און אכזריות! פון קיינעם נישט געלערנט געאָמעטריע און שפינעריי, און ווי וואונדערלעך איז זייער געוועב: געבויט אין אַרויסשטראַלנדיקע קאָנצענטרישע ליניעס, שפּאָרט די שפין איין צייט און זייד, און הגם שטאַרק און פּראַקטיש, איז די נעץ אַזוי דין און אומבאַמערקבאַר, ווי נאָר מעגלעך... און איז דען נישט דאָס שפינען־לעבן אַזוי וואונדערלעך סימבאָליש? זע, ווי ס'קומט זיך צונויף דער „ער" מיט דער „זי" — ער קליין און ליכטיקער געפאַרבט, זי שטאַרקער און פרעסעריש, אַ שפינען־דלילה, און ווי זי פרעסט אים אויף פאַרן אָדער נאָכן צונויפפאָרן זיך... איז עס נישט דער אייביקער קאַמף צווישן ער און זי? איז עס נישט די סכנה, וואָס אין ס'רוב משפחה־לעבנס מוז איינער פון די צדדים, מערסטנס דער מאַן, אַוועקגעבן אָפּט זיך גופא, זיין צייט און הויפּט־אינטערעסן צוליב מינוטן פון גליק? — און זע דעם קאַמף פאַר לעבן אין זיידענעם געוועב: אָט זיצט איצט אין אַ ווינקל אַ שפין און וואַרט גערולדיק — זיכער ווי דער גורל, אויף איר קרבן. אמת, זי קאָן זען בלויז אויף אַ קליינעם שטח פאַר זיך, דערפאַר אָבער קאָן זי זיך פאַרלאָזן אויף איר שאַרפן חוש־השמיעה און חוש־המישוש... אָט קלאַפּט זיך אָן אַ פליג אין דער נעץ, פאַרטשעפּעט זיך און הייבט זיך אָן יאושדיק צו שלאָגן און פאַרטשעפּעט זיך נאָך מער, און די אויפטרייסלונג, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך איר קאַמף, טראָגט זיך איבער דורך אַ דינעם זיידענעם שטראַל צום צענטער און פון דאָרט וויברירט עס איבער צום באַהעלטעניש, וואו ס'לאָקערט די שפין און וואַרט אויף אַ סיגנאַל... און גלייך לעבט זי אויף און הייבט אָן אַרונטערצוקלעטערן צום צענטער און אָנטאַפנדיק די עקן פון די זיידענע פעדימלעך מיט אירע פאָדערשטע פיס, וועלכע דינען איר אויך אַלס פילערס, דערטאַפּט זי: אָט די סטרונע וויברירט אַמשטאַרקסטן!

—און זי הייבט אָן צו איילן מיט דער גאַנצער פלינקייט פון אירע פיר פּאָר „לויפערס” און קומט מיט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט צום קרבן. די פליג, דערפילנדיק איר גורל, הייבט אָן שטאַרקער צו זשומען, וואַרפט זיך מיט די לעצטע כחות און די שפּין וועבט דערווייל אַרוים פון זיך אַ זיידן פעדימל, בינדט עס צו ערגעץ וואו נאָענט און הייבט אָן אַרומ־צירקלען הקפה נאָך הקפה דעם קרבן און פאַרפּלאָנטערט און פאַרשטריקט אים ביז צו לעצט, און דאָס זשומען ווערט אַלץ שטילער און שטילער... נאָך איין גיפטיקער שטאָך — און אַ סוף.

ספּינאָזאַ קערט זיך אום צו זיין פּלאַץ און שפּאַרט אָן די קאַלטע האַנט אין גליענדיקן שטערן. דער פאַרצוימטער טרויער פאַרכאַפּט אים אויף אַ ווייל, סך־הכלט צונויף די לעצטע יאָרן אין אַ שוואַרצן סך־הכל... צי לויפט אויך נישט אַרום אים דער גורל קרייז נאָך קרייז און פאַרפּלאָנטערט און פאַרדרייט אים אַלץ מער און מער? — צוריק מיט זעקס יאָר איז ער איבערגעפאָרן קיין האַאַג, ווייל די האַאַגער לופט איז געזינטער און ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט זיין אַ סגולה צו זיין געזונט... מיט הונדערטער יאָרן צוריק איז גאַנץ האַאַג געווען איין גרויסער פּאַרק און אַהער פלעגן קומען די גראַפן פון האָלאַנד און נאָכלויפן מיט האָרן־שאַל, הינט־געביל און פערד־גאַלאָפּ נאָך פלינקע, צווייג־הערנערדיקע הירשן (פון דאַנען דער נאָמען פון דער שטאָט — ”S Graven Hage” — דעם גראַפס פּאַרקן, פּאַרק). אויך ער איז אַהער געקומען צוליב געיעג — נאָך זיין געזונט, וואָס איז אַלץ מער און מער אַנטלאָפן פון אים. ער האָט געזוכט רו. אין זיין בלוט האָט זיך אָפּגעקילט דער יוגנטלעכער ברען. איצט האָט ער גע־וואָלט לאָזן יעדן לעבן און אַפילו שטאַרבן לויט זיין פאַרשטאַנד און באַגער, בתנאי מ׳זאָל אויך אים לאָזן לעבן פּאַר זיין אמת. אָבער דאָס שטורמישע לעבן האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין התבודדות־קעמערל. זיינע בעסטע פריינט געהרגעט דאָ, זיין לערער — געטויט אין דער באַסטיליע, און ער אַליין... ס׳צאַנקט דאָס ליכטל, איין בלאָז נאָך פון אַ שוואַך ווינטל — און אוים!

און ספּינאָזאַ דערפילט באַזונדערס קלאָר, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער וועג זיך באַפרייען פונעם טרויער, פון לעצטן טרויער, ווי אויסצואוואָרצלען פון האַרצן די איבערטריבענע ליבע צו אַלץ, וואָס איז שאָטנהאַפט, וואָס ענדערט זיך און פאַרגייט ווי רויך, צו אַלץ וואָס איז קיינמאָל נישט אין אונדזער רשות. ווען אַ מענטש האָט ליב אַ באַשעפעניש שוואַך ווי ער גופא — צו וואָס איז ער געגליכן? צו איין קריפּל, וואָס וויל טראָגן

דעם אַנדערן. ס'איז נישטאָ קיין אייביקע ליבע אויסער דער אינטעלעק־טועלער. דערפאַר קאָן בלויז די ליבע צו גאָט ברענגען שטענדיקע לויטערע פרייד דעם מענטשן. הייבסטו זיך אויף העכער די וואָלקן — איז דער הימל שטענדיק קלאָר און לויטער; לאָזטו זיך אַראָפּ אונטערן שטורמיקן אויבערפלאַך פון אוקינוס —זענען די טיפענישן אייביק רואיק... ווייל אין דער הייך (און וואָס איז טיפעניש, אויב נישט הייך אין פאַרקערטער ריכטונג?) איז שטענדיק רו...

ספינאָזאַ פאַרהוסט זיך. דאָס פּנים ווערט כמעט בלוי. אויף דער בלייכער האַנט צינדן זיך אָן טונקל־רויט אַ פּאָר טראָפּן בלוט.

אין דרויסן איז שטאָק־נאַכט און אַ שוואַרצער הימל איז אויסגעוועלבט איבער דער וועלט, און מיט קאַלטער, ווייטער שיין פון אייביקייט שײַנען די שטערן אין דער פינצטער.

### ביבליאָגראַפיע פון באַניצטע קוואַלן

*Leibniz*. Correspondence with Arnold. Chicago, 1931.

*R. Zimmermann*. Leibniz bei Spinoza. (Sitzungsbericht d. Kais. Ak. d. Wiss., Bd. CXXII, Wien, 1890.)

*W. Bolin*. Spinoza. Berlin, 1894.

*J. Freudenthal*. Spinoza. 1904.

*Leibniz*. Oeuvres. Paris, 1846.

*H. W. Carr*. Leibniz. Boston, 1929.

*L. Roth*. Spinoza. Boston, 1929.

יעקב קלצקין. ברוך שפינוזה. ברלין, 1923.

*L. Roth*. Spinoza, Descartes and Maimonides. Oxford, 1924.

*L. Stein*. Leibniz und Spinoza. Berlin, 1890.

דר. יעקב שאַצקי. ספינאָזאַ און זיין סביבה. ניו־יאָרק, 1927.

יעקב מילד

# ספּינאָזאַ און מאַרקס — אַ פּאַראַלעל

I

אין די פאָלגענדע בלעטער זאָל געמאַכט ווערן אַ פּאַרזוך צו פירן אַ פּאַראַלעל צווישן די פונדאַמענטאַלע פילאָסאָפישע באַגריפן פון ספּינאָזאַ און פון מאַרקס. איך זאָג די פונדאַמענטאַלע באַגריפן מיט אַ כיון. איך וויל אין פאָראויס באַגרענעצן און באַשרענקען מיין טעמע. צווישן די צוויי פילאָסאָפישע סיסטעמען אַלס גאַנצע, לאָזט זיך קיין פּאַראַלעל נישט ציען. די מאַרקסיסטישע סיסטעמע פאַרשווייפט זיך און לויפט אַוועק אין אַ ריכטונג, פון וועלכער ספּינאָזאַ האָט קיין אַנונג נישט געהאַט, און נישט געקענט האָבן. אין דער צייט ווען ספּינאָזאַ איז שוין געווען פאַרטיק מיט דעם ערשטן טייל פון זיין הויפּט־ווערק, „די עטיק" (אַרום דעם יאָר 1663, זיבן יאָר נאָך דעם חרם), האָט די וויסנשאַפט נאָר־וואָס אָנגעהויבן זיך צו שטעלן אויף די פיס. זי האָט נאָך אַפילו ניוטאָנען נישט געקענט (ניוטאָן איז געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר 1642), און אַוואַדע נישט די מיינסטע פון די פראַגן, וואָס האָבן באַשעפטיקט מאַרקסן. עס איז אומזיסט צו וועלן געפינען עטוואָס ביי ספּינאָזאַן, וואָס מען זאָל קענען אַוועקשטעלן זייט ביי זייט מיט מאַרקס עקאָנאָמישע לערן, מיט זיינע טעאָריעס פון רעוואָלוציע אָדער מיט זיינע פּאָליטישע טעטיקייטן. גאַנץ אַנדערש איז דאָס מיט די פילאָסאָפישע גרונד־באַגריפן. דאָרט האָט ספּינאָזאַ אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, צו וועלכע די היינטיקע וויסנשאַפט, קנאַפּע 300 יאָר שפּעטער, הייבט ערשט אָן צו עפענען די אויגן. עס איז אין די דאָזיקע גרונד־באַגריפן, ווי מיר שיינט, וואו מען קען לייכט געפינען אַ נאָענטע קרובהשאַפט צווישן ספּינאָזאַ און מאַרקס. נאָך מער: עס איז גראָד אין אָט־די באַגריפן, וואו זיי ביידע זענען גלייך מיספאַרשטאַנען געוואָרן, און וואו זיי ווערן פאַלש אויסגעטייטשט. עס איז ספּינאָזאַס הויפּט־געדאַנק פון „אויסשפּרייטונג און דענקען", וואָס קומט אַרויס ביי מאַרקסן אין דער פאָרמע פון „זיין און באַוואוסטזיין", און די עטלעכע געדאַנקען וואָס פאָלגן פון דעם, ביי איינעם ווי ביי דעם אַנדערן, אַרום וואָס עס האַנדלט זיך דאָ הויפּטזאַכלעך.

מיר איז נישט אומבאַקאַנט די שוועריקייטן און שטרויכלונגען, וואָס איך קען דערוואַרטן צו באַגעגענען אויף דעמדאָזיקן וועג; מיר איז קלאָר

די גענויקייט פון דעם שריט צו ווען מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן ספּינאָזאַ און מאַרקס, פאַרשידן ווי זיי זענען אין טעמפּעראַמענט, אין דער מעטאָדע פון דענקען, אין דער אַרט פון שרייבן, אין דעם סטיל, אין דעם אויסוואַל פון מאַטעריאַל, אין דער באַווייזפירונג און דער אויספירונג, אין דער פאַרשידנקייט פון די לעבנסצייטן, אין די שטופּן פון די וויסנשאַפטן און אין די אוממיטלבאַרע רעזולטאַטן, וואָס יעדער פון די צוויי האָט געזוכט צו דערגרייכן. נאָך ריזיקאַלישער, שיינט מיר, איז צו ווען אַריינפּרעסן דעם דאָזיקן געדאַנקענגאַנג, וואָס פאָדערט פאַר זיך אַליין אַ גרויסע אַרבעט, אין אַ באַשרענקטן פּלאַץ, אין שכנות מיט אַנדערע, וואו דער רעדאַקטאָר ציילט אייך די שורות. עס האָט מיר דערפאַר גענומען אַ גאָר לאַנגער ישוב־הדעת, איידער איך האָב ביי זיך געפּועלט אונטערצונעמען די אַרבעט. ווען איך האָב זיך ענדלעך באַשלאָסן זיך אונטערצואוואַרפן די אַלע שוועריקייטן און געפאַרן, איז דאָס דערפאַר, ווייל דער געדאַנק רייסט זיך אַרויסצוקומען אויף דער ליכטיקער וועלט. איך וויל האָפן, ער וועט נישט אַרויסקומען קיין קאַליקע.

II

לאָמיך באַלד אין אָנהייב פאָרמולירן מיין געדאַנק, און נאָכדעם אים פאַרטיידיקן, אויף וויפיל עס וועט מיר געלינגען.

צוליב דעם העגעלשן גייסט, וואָס שוועבט איבער דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע פון איין זייט, און די נאָענטע פאַרוואַנדשאַפט פון דעם מאַרקסיזם מיט דעם דאַרוויניזם פון דער אַנדערער זייט, איז, אַזוי שיינט מיר, פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן די פילאָסאָפישע קרובהשאַפט וואָס עקסיסטירט אָן שום ספק צווישן מאַרקסן און ספּינאָזאַן.

אויב די העגעלשע פילאָסאָפיע ביז מאַרקסן, לויט זיין אייגענעם אויסדרוק, איז געשטאַנען אויף דעם קאָפּ, און ערשט מאַרקס האָט זי געשטעלט אויף די פיס, איז דער גראַנדיעזער פילאָסאָפישער בנין פון ספּינאָזאַן היינט־צו־טאָג שטאַרק משופּע. אין ספּינאָזאַס געביידע קען מען היינט־צו־טאָג נישט וואוינען. עס פעלן דאָרט אַלע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן, אַזוי צו זאָגן. ווען עס זאָל מעגלעך זיין צוצובויען אַ מאַרקסיסטישן פליגל צו ספּינאָזאַס געביידע, וואָלט דאָס געוואָרן אַ פּאַלאַץ און אַ פעסטונג פון דעם מענטשלעכן געדאַנק, וואָס קיין שטורעם וואָלט נישט געקענט אומשטירצן.

איך וויל דאָס געזאָגטע מאַכן קלאָר.

ספּינאָזאַ האָט אַריינגעצויגן אין זיין געדאַנקען־צירקל גאָט, די נאַטור, דעם מענטש, די נשמה, די רעליגיע, די מאָראַל, דעם שטאַט, די געזעצ־

געבונג, — אַלץ, אַלץ אויסער איין וויכטיקן ענין — די מענטשלעכע געזעל־שאַפט! דעם באַגריף „געזעלשאַפט" האָט ספינאָזא נישט געקענט. דער באַגריף איז געווען פרעמד זיין צייט. די אידעע פון דעם כּלל האָט זיך אויסגעדריקט אין דער אידעע פון מלוכה, פון דעם שטאַט.

וואָס איז דער חילוק צווישן געזעלשאַפט און שטאַט?

וועגן דעם איז דאָ אַ סך צו רעדן. בקיצור וויל איך זאָגן, אַז עס איז די געזעלשאַפט (נישט דער יחיד), וואָס באַשאַפט דעם שטאַט ער זאָל איר דינען, הגם עס איז דער שטאַט וואָס באַהערשט אָפט די געזעלשאַפט אַנשטאָט איר צו דינען. דאָך ענדערט זיך דער שטאַט ווען עס ענדערט די געזעלשאַפט איר פאָרמע, און נישט פאַרקערט. „אַ מנהג ברעכט אַ דין", זאָגט אַ ווערטל. דער „מנהג", דאָס איז דער דין פון דער געזעלשאַפט, און ער איז שטאַרקער פון דעם דין וואָס עס מאַכט דער שטאַט. דאָס געזעץ פון נאָכפראַגע און אָנגעבאָט, דאָס געזעץ פון פאַרקלענערטע פאַרדינסטן (דימינישינג רעטורנס), דאָס זענען געזעצן פון דער געזעלשאַפט, און זיי זענען שטרענגער ווי די געזעצן פון דעם שטאַט. אָבער לאָמיר נעמען מאַרקסעס אייגענעביישפּילן. ווען דער שטאַט, זאָגט מאַרקס, דערקלערט, אַז יעדער איינער קען זיך באַטייליקן אין דער רעגירונג אַלס ווילער, אַלס געזעצגעבער אָדער אַלס ריכטער, עס מאַכט גאָר נישט אויס וויפיל ער פאַרמאָגט, פיל צי ווייניק, האָט דער שטאַט, אין דעם פאַל, פּאָליטיש אָפּגעשאַפט פּריוואַט־אייגנטום; אָדער ווען דער שטאַט דערקלערט רעליגיע אַלס פּריוואַט־זאַך, און יעדער איינער קען אין דעם פאַל טון ווי ער וויל, האָט דער שטאַט פּאָליטיש אָפּגעשאַפט די רעליגיע. די געזעלשאַפט אָבער האָט מיט דעם נאָך לאַנג נישט אָפּגעשאַפט פּריוואַט־אייגנטום אָדער רעליגיע. די צוויי בלייבן נאָך אַלץ דער הויפּט־פונדאַמענט, וואָס אויף זיי האַלט זיך דער שטאַט.*)

ספינאָזאַן איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויך געווען אינגאַנצן פרעמד די אידעע פון עוואָלוציע און ממילא אויך די לערע ווי זי ווערט אָנגעווענדט אויף דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. דערפאַר איז ספינאָזא טיילמאָל נכשל געוואָרן אין זיין שטרענגער לאָגיק, און ער האָט זיך געמוזט אַרויסהעלפן מיט זיין אומגעוויינטלעכן שאַרפזין. ווען ספינאָזא קומט צום שטאַט, צו דער געזעצגעבונג און צו דער מאָראַל, נעמט זיין שטרענגער דעטערמיניזם זיך וואַקלען. ער מוז זיך דעמאָלט אינגאַנצן וואַרפן אויף דער פּסיכאָלאָגיע

*) זע מאַרקסעס „צור אידענפראַגע", ליטעראַרישער נאַכלאַס, ערשטער באַנד, זייט 406. אַרויסגעגעבן פון מערינג.

פון דעם יחיד, און אויף דעם פאַקט, אַז דערדאָזיקער יחיד איז אַ טייל פון דער גאַנצער נאַטור. איז דאָס אַלץ אפשר גוט געווען אין דעם 17טן יאָרהונדערט. ווי אַזוי אָבער קען מען היינט־צו־טאָג פילאָסאָפירן אָן די אידעען פון דער געזעלשאַפט און פון עוואָלוציע? מען וואָלט געמוזט פאַרוואַרפן דעם גאַנצן ספינאָזיזם. קומט מאַרקס און ראַטעוועט די סיטואַציע. מאַרקס איז ממלא דעם חסרון פון ספינאָזאַ. ערשט מיט מאַרקסן קען מען היינט־צו־טאָג זיין אַ ספינאָזיסט. מיט אַנדערע ווערטער, ווען מען פירט אַריין אַ מאַרקסיסטישן קאָרעקטיוו אין דעם ספינאָזיזם, קען מען אָנגיין מיט ספינאָזאַ.

III

דער ספינאָזיזם איז נישט אַליין, וואָס קען געווינען פון אַזאַ פאַרגלייך. אויך דעם מאַרקסיזם שטייט פאָר צו געווינען, לכל הפחות, אין דעם אָנזען פון אַ סך מענטשן, וואָס ווילן מאַכן דעם איינדרוק אַז מאַטעריאַליזם שטייט זיי גישט אָן, אָדער אַז דאָס איז אַ פאַרוואַרפלעכע פילאָסאָפיע.

אָט איז איין ביישפיל אַלס הקדמה:

דעם ערשטן גרויסן שטודיום, וואָס מאַרקס האָט אונטערגענומען, ווען ער האָט זיך באַפרייט פון דער העגעלשער פילאָסאָפיע און האָט זיך פאַרנומען אויף זיין אייגענעם וועג, וואָס האָט שליסלעך געפירט צו די עפּאָכע־מאַכנדיקע לערן, וואָס ווערן באַצייכנט אַלס מאַרקסיזם, איז געווען אַן אונטערזוכונג פון העגעלס רעכטס־פילאָסאָפיע. מער ווי די איינלייטונג האָט מאַרקס נישט אָנגעשריבן. דעם רעזולטאַט פון יענעם שטודיום האָט אונז מאַרקס געגעבן בקיצור אין זיין באַרימטער פאָררעדע אין „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע”, פון וועלכער מיר וועלן נאָך האָבן די געלעגנהייט צו רעדן. אָבער דידאָזיקע איינלייטונג איז אין אמתן דער אָנהייב פון מאַרקס גאַנצער טעטיקייט. זי איז דערפאַר דער פאַסנדער גרונד־שטיין פאַר דעם געדאַנקענגאַנג, וואָס איך וויל דורכפירן. איך וועל דערפאַר מאַכן אַ לענגערן אויסצוג פון דעם. מאַרקס שרייבט:

„פאַר דייטשלאַנד איז די קריטיק פון דער רעליגיע אין תוך געענדיקט. און די קריטיק פון דער רעליגיע איז די התחלה (די פאָר־אויסזעצונג) פון אַלע קריטיק. . . . דער יסוד פון דער אומרעליגיעזער קריטיק איז: דער מענטש מאַכט די רעליגיע. די רעליגיע מאַכט נישט דעם מענטשן. און אין אמתן איז די רעליגיע דאָס זעלבסטבאַוואוסטזיין און דאָס זעלבסטגעפיל פון דעם מענטשן, וואָס האָט זיך זעלבסט אַנט־וועדער נאָך נישט דערוואָרבן אָדער וואָס האָט זיך שוין ווידער פאַרלוירן. אָבער דער מענטש, דאָס איז נישט קיין אַבסטראַקט באַשעפעניש, וואָס

בלאָנקעט זיך אַרום אויסער דער וועלט. דער מענטש, דאָס איז די וועלט פון דעם מענטשן, שטאַט, סאָציעטעט. דער דאָזיקער שטאַט, די דאָזיקע סאָציעטעט פּראָדוצירן די רעליגיע, אַ פאַרקערט באַוואוסטזיין, ווייל זיי זענען אַ פאַרקערטע וועלט. די רעליגיע איז די אַלגעמיינע טעאָריע פון דער וועלט, איר ענציקלאָפּעדישע קאָמפּענדיום (זאַמלבוך), איר לאָגיק אין פּאָפּולערער פאָרם, איר ספּיריטואַליסטישער point d'honneur, איר מאָראַלישע סאַנקציע און פייערלעכע דערגענצונג, איר אַלגעמיינע טרייסט און רעכטפּערטיקונגס־גרונד. זי איז די פאַנטאַסטישע פאַרווירקלעכונג פון דעם מענטשלעכן וועזן, ווייל דאָס מענטשלעכע וועזן באַזיצט נישט קיין אמתע ווירקלעכקייט. דער קאַמף קעגן דער רעליגיע איז אַלזאָ מיטלבאַר דער קאַמף קעגן יענער וועלט, וועמעס גייסטיקער אַראָמאַט עס איז די רעליגיע.

דאָס רעליגיעזע עלנד איז אין איינעם דער אויסדרוק פון דעם ווירקלעכן עלנד, און אין איינעם דאָס פּראָטעסטירן קעגן דעם ווירקלעכן עלנד. די רעליגיע איז דער זיפץ פון דער באַדרענגטער קרעאַטור, דאָס געמיט פון אַ וועלט אָן אַ האַרץ, ווי זי איז דער גייסט פון גייסטלאָזע צושטאַנדן. זי איז דאָס אָפּיום פון דעם פאָלק.

דאָס אָוועקנעמען (אויפהייבן) פון דער רעליגיע אַלס דאָס אילו־זאָרישע גליק פון דעם פאָלק, איז די פאָדערונג פון זיין אמתן גליק. די פאָדערונג ער זאָל אויפגעבן די אילוזיעס איבער זיין צושטאַנד, איז די פאָדערונג אויפצוגעבן אַ צושטאַנד, וואָס באַדאַרף אילוזיעס. די קריטיק פון דער רעליגיע איז אַלזאָ אין די זאָמען די קריטיק פון דעם יאָמערטאָל, וואָס זיין הייליקנשיין עס איז די רעליגיע.

די קריטיק האָט צעפליקט די אימאַזשינערע בלומען אָן דער קייט, ניט צוליב דעם כדי דער מענטש זאָל טראָגן אַ קייט אָן בלומען און אָן טרייסט, נאָר כדי ער זאָל אַראָפּוואַרפן די קייט און פליקן די לעבעדיקע בלומען.

די קריטיק פון דער רעליגיע אַנטוישט דעם מענטשן, כדי ער זאָל דענקען, האַנדלען און זאָל געשטאַלטן זיין ווירקלעכקייט ווי אַן אַנטוישטער, צום פאַרשטאַנד געקומענער מענטש; כדי ער זאָל זיך באַוועגן אַרום זיך אַליין, און דורך דעם אַרום זיין אייגענער זון. די רעליגיע איז נאָר די אילוזאָרישע זון, וואָס באַוועגט זיך אַרום דעם מענטשן אַזוי לאַנג ווי ער באַוועגט זיך ניט אַרום זיך אַליין. . . .

די קריטיק פון דעם הימל פאַרוואַנדלט זיך אַזוי אַרום אין דער קריטיק פון דער ערד, די קריטיק פון דער רעליגיע אין דער קריטיק פון רעכט, די קריטיק פון דער טעאָלאָגיע אין דער קריטיק פון דער פּאָליטיק. . . ״ *)

---

*) אוים דעם ליטעראַרישן נאַכלאַס פון מאַרקס, ענגעלס און לאַסאַל. אַרויס־געגעבן פון פראַנץ מעהרינג. ערשטער באַנד, זייטן 385־384.

ווען מען נעמט די ציטאַטע, אַליין פאַר זיך, און מען שטעלט זי אַנטקעגן די אָפּטע ווידערהאָלונגען פון ספּינאָזאַ וועגן גאָט, וועגן גאָטס אַלמאַכט, וועגן דעם אַז אַלץ איז אין גאָט, און וועגן דער ליבע צו גאָט, קען מען קומען צו דער מיינונג, און גאָר פילע זענען אין דער מיינונג, אַז מאַרקס איז בלויז גשמיות, דורכגעדרונגען מיט אפיקורסות, און ספּינאָזאַ איז לויטער רוחניות, אָנגעשיכורט מיט גאָטהייט, ווי מען האָט אים ווירקלעך גערופן, און עס איז דערפאַר נישט דאָ קיין שום בריק, וואָס זאָל פירן פון איינעם צו דעם אַנדערן.

קיין זאַך איז נישט ווייטער פון דעם אמת, ווי אַזאַ געדאַנק. אוואַדע איז דאָ אַ גרויסער חילוק אין דעם אויסדרוקסווייז, און דעם סטיל, פון די צוויי גאונים. ספּינאָזאַ, דער צאַרטער, דער קראַנקער, דער איינזאַמער, דער רואיקער און הייטערער פילאָסאָף פון דעם 17טן יאָרהונדערט, רעדט מיט דעם לשון פון זיין אומגעבונג און פון זיין צייט, וואָס האָט נאָך געשטעקט טיף אין דעם מיטלאַלטער. דערצו איז אים אוואַדע נישט געווען אומבאַקאַנט דער גורל פון גאַלילעי, און פון דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ. ער האָט זיכער נישט געהאַט פאַרגעסן זיין אייגענעם גורל. נאָך מער, פאַר זיין צייט איז די קריטיק פון דער רעליגיע נאָך נישט געווען צו ענדע, ווי מאַרקס האָט על פּי טעות אָנגענומען, זי איז געווען פאַר דייטשלאַנד אין דער מיט פון דעם 19טן יאָרהונדערט. אין ספּינאָזאַס צייט האָט די קריטיק פון דער רעליגיע, קען מען זאָגן, זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן, טאַקע מיט אים אַליין, און האָלאַנד, מיט אַלע אירע פרייהייטן, איז אין זאַכן פון רעליגיע גאָר־נישט געווען אַזוי פריי. עס איז דערפאַר זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די שפּראַך פון ספּינאָזאַ איז אינטואיטיוו געווען אַ ביסל געצאַמט.*)

*) אין אַ בריוו צו זיין פריינד יאַריג יעללעס, דאַטירט פעברואַר דעם 17טן, 1671 (בריוו 44), שרייבט ער, אַז מען האָט אים געזאָגט, יאַז עמעץ האָט איבערזעצט דעם „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט" און וויל עס לאָזן אָפּדרוקן אין נידערלענדיש. און ער לייגט צו:

„איך בעט אייך זייער ערנסט זיך דאַריבער געבוי צו דערקונדיקן, און ווי מעגלעך פאַרהינדערן דעם דרוק. דאָס איז ניט נאָר מיין וואונטש, זאָנדערן אויך דער וואונטש פון פילע פון מיינע גוטע באַקאַנטע, וואָס וואָלטן ניט וועלן זען ווי מען וועט פאַרביטן דאָס בוך, ווי עס וועט בלי ספק זיין דער פאַל, ווען עס וועט אַרויסקומען אין דער נידערלענדישער שפּראַך."

אַלע ספּינאָזאַ ציטאַטן אין דער אַרבעט קומען פון די קאַרל געבהאַרט, א. בעניש און א. בוכענאו דייטשע איבערזעצונגען. פאַרלאַג פעליקס מיינער אין לייפּציג, 1922.

מאַרקס ווידער רעדט מיט דעם לשון פון דער ערשטער העלפט פון דעם 19טן יאָרהונדערט און ער איז איבערהויפּט אַן אומפאַרגלייכלעכער וואָרט־קינסטלער און סטיליסט. דערצו איז ער באַקאַנט מיט ספינאָזאַ; ער האָט שוין דורכגעמאַכט די שולע פון דעם פראַנצויזישן מאַטעריאַליזם פון דעם 18טן יאָרהונדערט; ער קען וואָלטעיר, סאַן סימאָן און פוריע; ער האָט שוין גובר געווען העגעלן; ער קען די אידעען פון דאַוויד שטראוס און פייערבאַך; פּויזיש איז ער אַ קרעפּטיקער מענטש, אַליין אַ שטורעם־צענטער, און זיין איינראָפּע? זיין איינראָפּע קאָכט און זידט מיט רעוואָלוציע. — אַוואַדע איז די שפּראַך אַן אַנדערע. ווי קען דאָס אַנדערש זיין? קוקט מען אָבער אַריין טיפער אין דעם אינהאַלט פון די צוויי, דערזעט מען גלייך די איבעראיינשטימונג, צום טראָץ פון דער פאַרשידנאַרטיקייט. עס איז געווען גראָד ספינאָזאַ, וואָס איז באַשטאַנען דאַרויף, „אַז די קריטיק פון דער רעליגיע איז די התחלה פון אַלע קריטיק". זיין גאַנץ לעבן, און זיין גאַנצע פיזישע און גייסטיקע קראַפט, האָט ער געווידמעט צו דער דאָזיקער אויפגאַבע. זיין גאַנצע פילאָסאָפישע און ליטעראַרישע טעטיקייט איז אין גרונד געווען ניט מער ווי דאָס. און זיין שפּראַך? נאָך אַלעם, איז ספינאָזאַס שפּראַך גאָר נישט אַזוי ווייט פון מאַרקסעס. איר פעלט גאָר נישט אין גענויקייט, ענערגיע און שאַרפקייט. אין איר אַרט איז זי נישט ווייניקער קלאַסיש ווי מאַרקסעס. אויף וויפיל דאָס געזאָגטע איז אמת, וועלן מיר נעמען אַ טייל פון ספינאָזאַס פאָררעדע צו זיין טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט און זי אַנטקעגנשטעלן מאַרקסעס איינלייטונג.

ספינאָזאַ הייבט אָן זיין פאָררעדע מיט דעם לשון:

„ווען די מענטשן וואָלטן געווען אימשטאַנד צו פירן אַלע זייערע אָנגעלעגנהייטן לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, אָדער ווען דאָס גליק וואָלט צו יעדער צייט געווען גינסטיק צו זיי, וואָלטן זיי קיינמאָל נישט געווען אונטערוואָרפן דער קללה פון אַבערגלויבן. אַזוי אָבער ווי זיי קומען אָפט אין אַזעלכע פאַרלעגנהייטן, אַז זיי קענען זיך גאָר קיין עצה נישט געבן, און ווייל ביי זייער שטרעבן אָן אַ מאָס נאָך אומזיכערע גליקן און גיטער וואַקלען זיי זיך קלעגלעך צווישן שרעק און האָפנונג, איז זייער זין בדרך כלל שטאַרק נוטה צו גלייבן אַליץ וואָס איז נאָר מעגלעך.

. . . . יעדער וואָס האָט געלעבט צווישן מענטשן, האָט אויך געמאַכט די דערפאַרונג, אַז די מייסטע פון זיי, אין גליקלעכע אומשטענדן, מעגן זיי זיין נאָך אַזוי אומדערפאַרן, האָבן אַן איבערפלוס פון חכמה, און זיי האַלטן דאָס פאַר אַ פערזענלעכער באַליידיקונג ווען מען גיט זיי אַן עצה. קומט אָבער אַן אומגליק, ווייסן זיי נישט וואו איין און וואו אויס, בעטן זיי ביי יעדן איינעם עצות און פאָלגן אים, מעגן זיי זיין

נאָך אַזוי אומפּאַסיק, יאָ אַפּילו אומזיניק און אוואַנטוריסטיש. די נישטיקסטע אורזאַכן, מאַכן זיי שוין האָפן אויף בעסערס, אָדער זיך שרעקן פאַר ערגערס. . . . ווען עטוואָס אומגעוויינלעכס דערוועקט אין זיי גרויס דערשטוינען, האַלטן זיי דאָס פאַר אַ וואונדער, וואָס פאַר־קינדיקט דעם צאָרן פון די געטער, אָדער פון דעם העכסטן וועזן. און זיי מיינען, אַבערגלויביש און אומרעליגיעז ווי זיי זענען, אַז זיי מוזן בעטן מחילה דורך קרבנות און תפילות. אַזעלכע זאַכן טראַכטן זיי אויס אָן אַ שיעור, און דערקלערן די נאַטור אויף אַ משונהדיקן אופן, פּונקט ווי די נאַטור וואָלט געווען משוגע ווי זיי זענען.

ווייל דאָס איז אַזוי, געפינען מיר אין דער ערשטער ליניע, אַז די לייט וואָס פאַלן אַריין אין יעדן געשטאַלט פון אַבערגלויבן, זענען די יעניקע וואָס טראָגן אַ צו גרויסן פאַרלאַנג נאָך אומזיכערע זאַכן, און אַלע אַנדערע זעען מיר צום מיינסטן דעמאָלט, ווען זיי זענען אין סכנה, און ווייסן נישט ווי אַזוי זיך צו העלפן, און זיי ווילן זיך אויסבעטן הילף מיט מחילה בעטן און וויינערשע טרערן. די פאַרנונפט . . . . רופן זיי בלינד, און די מענטשלעכע חכמה פּוסט . . . . פאַרקערט, האַלטן זיי די אויסוואוקסן פון זייער פאַנטאַזיע, חלומות און קינדערשן אומזין פאַר דעם ענטפער פון דער גאָטהייט. . . . די אורזאַך וואָס ברענגט אַרויס דעם אַבערגלויבן, דערהאַלט אים און נערט אים, איז די מורא.

דאַרף איך נאָך מער ציטירן, אַרויסצוברענגען מיין פּונקט? זאָל דער לעזער אַליין נאָכלעזן די גאַנצע פאָררעדע. טאָמער אָבער איז דאָס נישט גענוג, וועל איך ברענגען עטלעכע זאַצן פון ספּינאָזאָס אַ בריוו צו אַלדענ־בורג (בריוו 30). דאָרט שרייבט ער, אַז ער האָט פאַרפאַסט דעם טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט צוליב:

„די פאָראורטיילן פון די טעאָלאָגן; די דאָזיקע פאָראורטיילן פאַר־הינדערן, ווי איך ווייס, די מענטשן זאָלן זייער גייסט צואווענדן צו צו דער פילאָסאָפיע. . .

די פרייהייט צו פילאָסאָפירן און צו זאָגן וואָס מען דענקט. די דאָזיקע פרייהייט וואָלט איך וועלן פאַרטיידיקן אויף יעדן אופן, ווייל זי ווערט דאָ צופיל אונטערדריקט צוליב דעם גאָר צו גרויסן אומזין און די פרעכהייט פון די פּריידיקער.“

שטעלט צו דידאָזיקע ווערטער עטלעכע זאַצן פון מאַרקס איינלייטונג, ווי למשל:

„אין אמתן איז די רעליגיע דאָס זעלבסטבאַוואוסטזיין און דאָס זעלבסטגעפיל פון דעם מענטשן, וואָס האָט זיך זעלבסט אַנטוועדער נאָך נישט געפונען, אָדער וואָס האָט זיך שוין ווידער פאַרלוירן.“

און איר וועט נישט ווייסן, צי דאָס האָט געשריבן ספּינאָזאַ, צי מאַרקס.

האַלט ספּינאָזאַ, פון איין זייט, מיט מאַרקסן, „אַז די קריטיק פון דער רעליגיע איז דער אָנהייב פון אַלע קריטיק", קען מען פון דער צווייטער זייט גאַנץ באַשטימט זאָגן, אַז מאַרקס האָט געדינט צו דעם גאָט פון ספּינאָזאַ, דעמזעלביקן גאָט, וועמעס קנעכט אַלבערט איינשטיין האָט נישט לאַנג צוריק זיך דערקלערט צו זיין. דאָס איז דערזעלביקער גאָט, וואָס אַלע פאַרנונפטיקע מענטשן דינען, וואָס יעדער אמתער וויסנשאַפטסמאַן האָט אין זינען ווען ער דערמאָנט גאָטס נאָמען.

IV

דאָס אויבנגעזאָגטע איז, אין קורצן, מיין טעזיס און צו דערזעלביקער צייט אַ מוסטער פון דעם, ווי אַזוי איך האָב בדעה מיין טעזיס צו באַגרינדן. פון איין זייט, קרעפטיקן דעם ספּינאָזיזם דורך דעם מאַרקסיזם, פון דער אַנדערער זייט, ווייכער מאַכן דעם זאָגענאַנטן מאַרקסיסטישן מאַטעריאַליזם דורך דעם ספּינאָזיזם.

אָבער ערשט דאָ הייבן זיך אָן די שוועריקייטן, די הויפּט־שוועריקייט פון וועלכע באַשטייט אין דעם געבן אַ לויפנדיקע, קורצע און דאָך קאָרעקטע אויסטייטשונג פוןביידנס פילאָסאָפיעס, דער עיקר אָבער פון ספּינאָזאַ. כדי אויף וויפיל מעגלעך גובר צו זיין די דאָזיקע שוועריקייט, האָב איך אַלס דעם ערשטן שריט אין דער ריכטונג באַשלאָסן צו טון אין אַ קליינעם פאָרמאַט מיט ספּינאָזאַ און מאַרקסן, וואָס ספּינאָזאַ האָט געטון אויף אַ גרויסן שטייגער מיט דער אויסטייטשונג פון דער הייליקער שריפט. איך וועל פון דער אַרבעט נישט מאַכן קיין געלערטן שטודיום מיט אומצייליקע אויטאָרן און אויטאָריטעטן, ווי עס איז היינט די מאָדע צו שרייבן „וויסנשאַפטלעך". איך וועל זיך נישט באַשעפטיקן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פילאָסאָפיע ביז ספּינאָזאַ, איך וועל לייגן אָן אַ זייט אַלע מפרשים און זיך צוקוקן נאָר צו דעם, וואָס די מייסטערס אַליין זאָגן, און וואָס דער שכל הישר איז מחייב, אויף אַזוי פיל אויף וויפיל מיין פלאַץ וועט דערלויבן, און נאָר אויף אַזוי פיל וויפיל עס פאָדערט זיך פאַר מיין טעמע. אוודאי קען פּאַסירן, איך אַליין זאָל דאָ און דאָרט שלעכט פאַרשטיין אָדער שלעכט אויסטייטשן איינעם אָדער דעם אַנדערן, אָדער גאָר ביידע צוזאַמען. אָבער אַזאַ ריזיקע מוז אויף זיך נעמען יעדער, וואָס וויל אָנהענגען זיינע געדאַנקען אויף אַנדערע. אויב דאָס וואָס איך וויל זאָגן האָט וואָסער עס איז ווערט, וועלן זיך שוין געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן מיך קאָרעגירן. אגב, וויל איך דאָ באַמערקן אַלס כלל, איז דאָס אַ גוטע מעטאָדע צו שטודירן די פילאָסאָפן. אין מיין לאַנג־יעריקן אומגאַנג מיט די ליבנסווירדיקע אָבער שטרענגע

ביז גאָר פילאָסאָפן, האָבן איך געלערנט אַז עס איז לייכטער צו פאַרשטיין דעם שווערסטן פילאָסאָף איידער זיין בעסטן קאָמענטאַטאָר. מען דאַרף זיך נאָר פאַרנעמען איינצולעבן זיך אין דעם פילאָסאָפס געדאַנקען־אַטמאָספערע און זיין אויסדרוקסווייז.

„ווילל מען דעם פילאָסאָף פאַרשטיין,
מוז מען אין זיין לאַנד גיין",

און זיך אויסלערנען די שפּראַך פון דעם „לאַנד". יעדער פילאָסאָף האָט זיין שפּראַך, און דערלערנט מען איינמאָל די דאָזיקע שפּראַך, איז דאָס איבריקע לייכט. און גראָד ביי ספינאָזאַ, פּאַראַדאָקסאַל ווי דאָס מעג קלינגען, איז דאָס לייכטער ווי ביי אַנדערע פילאָסאָפן. ספינאָזאַ האָט נישט נאָר אַליין פאַרטייטשט און גענוי באַשטימט די באַדייטונג פון די שווערסטע ווערטער, ער האָט נאָך דערצו אַליין געשריבן דעם בעסטן פּירוש אויף זיין פילאָסאָפיע. דאָס זענען זיינע בריוו.

ספינאָזאַס הויפּט־ווערק איז פאַרפאַסט געוואָרן אויף אַ גאַנץ אייגנ־אַרטיקן וועג. קיין פילאָסאָפיש ווערק איז נישט קריטיקירט געוואָרן אין פאַראויס אַזוי שאַרף און אַזוי דורכדרינגלעך, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט ספינאָזאַס „עטיק", איידער עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דאָס ווערק איז פאַרפאַסט געוואָרן אונטער אַ באַשטענדיקער קריטיק פון אַ צאָל געלערנטע, ערלעכע, פלייסיקע און טיפזיניקע פריינד, נאָכפאָלגער און תלמידים, וואָס האָבן ערנסט געזוכט צו פאַרשטיין די באַדייטונג פון יעדן וואָרט, יעדן זאַץ און יעדן לערזאַץ. יעדער געדאַנק און יעדער לערזאַץ פון ספינאָזאַ איז דערפאַר געוואָרן דיסקוטירט און אַנאַליזירט פון אַלע זייטן. דאָס איז מיינסטנס געטון געוואָרן מיט גרויס דרך ארץ, זאָגאָר מיט יראת הכבוד, אָבער צו דערזעלבער צייט גרינדלעך, מיט איינגעשפּאַרט־קייט, מיט קענטעניש, מיט וויסן און מיט פאַרנונפט. קיין וואָרט, קיין געדאַנק, קיין באַהויפּטונג, קיין זאַץ איז נישט דורכגעלאָזן געוואָרן אָן אַזאַ דורכדרינגלעכן עקזאַמען פון איינעם אָדער אַן אַנדערן פון זיינע פריינד.*) מען האָט אַפילו נישט דורכגעלאָזן זיין געאָמעטרישע מעטאָדע. די שונאים,

*) סימאָן דע וורייס שרייבט צו ספינאָזאַ (בריוו 8): „. . . אונדזער קאָלעגיום פירט זיך אויף אַזאַ אופן: איינער לעזט פאָר (נאָך דער ריי יעדער איינער) אייערע לערזאַצן, דערקלערט נאָך זיין אויפפאַסונג און באַווייזט אַלץ, אַנטשפּרעכנד דער פאָלגע און דער אָרדנונג. ווען עס טרעפט, אַז מען קען נישט באַפרידיקן איינס ס'אַנדערע, האַלטן מיר עס ווערט די מי דאָס צו פאַרצייכענען, און אייך צו שרייבן, כדי איר זאָלט אונדז ווי מעגלעך געבן אויפקלערונג."

די קנאים, די „פּרעכטיקע פּריידיקער", האָבן נישט ווייניק צוגעהאָלפן אין דעם פּראָצעס. און ספּינאָזאַ אַמפּערט זיך און ער קעמפט מיט זיך אַליין, מיט דער פּראָזע, מיט זיינע קריטיקער, און ער ענטפערט, און ער פאַרטייטשט, און ער דערקלערט יעדע שוועריקייט און יעדע מיספאַרשטענדעניש. פון די עטלעכע בריוו צו אים, און פון זיינע ענטפערס וואָס זענען פאַרבליבן, קען מען זען דעם פאַרגאַנג פון דעם גיגאַנטישן קאַמף, און מען קען זיך אויך פאָרשטעלן וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן אים און זיינע פריינד בעל פּה. דאָס ווערק איז אַזוי אַרום בלי ספק אַלע מאָל אויסגעבעסערט געוואָרן אונטער דעם דרוק פון דער פערזענלעכער קריטיק.

ווען ספּינאָזאַ איז נאָך אַלעם דעם שווער פאַרשטענדלעך; ווען ער איז אַזוי פיל מיספאַרשטאַנען געוואָרן, איז דאָס נישט צוליב זיין געאָ־מעטרישע מעטאָדע, אָדער צוליב זיין שפּראַך, ווי אַ סך מיינען. די געאָ־מעטרישע מעטאָדע דאַרף נישט זיין אַזוי געפערלעך פאַר געבילדעטע מענטשן (קיין אַנדערע לייענען דאָך אַזעלכע ווערק סיי ווי נישט), און זיין שפּראַך איז, פאַרקערט, זייער אָפט באַריידזאַם, דייטלעך און קלאָר. מיר שיינט, אַז דאָס איז גיכער צוצושרייבן צו דעם פאַקט, וואָס עס איז שווער משיג צו זיין דעם גאָט, וואָס ספּינאָזאַ האָט אויסגעפורעמט. דער גאָט פון ספּינאָזאַ, פון מאַרקסן און פון איינשטיין, איז אַ סך מער קאָמפּליצירט, און אַ סך שווערער צו באַגרייפן, איידער עס איז דער גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב.

לאָמיר זוכן זיך צו באַקענען מיט דער נאַטור פון דעם גאָט.

## V

איצט האָבן מיר ווי עס איז אַ ביסל אָפּגעראַמט דעם וועג, וואָס פירט צו דעם גאָט פון ספּינאָזאַ. אָבער איידער מיר פאַרנעמען זיך אויף דעם וועג, איז נייטיק, נאָך די אַלע הקדמות, נאָך אַ שטיקל הקדמה:

פאַר אַלעם מוז מען זיין קלאָר אין דער פאָלגענדער פראַגע: האָט ספּינאָזאַ געגלויבט אין גאָט ווי עס האָבן געגלויבט די אידישע רעליגיאָנס־פילאָסאָפן פון דעם מיטלאַלטער, ווי, לאָמיר זאָגן, איבן גבירול, ר' יהודה הלוי, מיימאָנידוס און די אַנדערע פון דעמזעלבן שניט? דער ענטפער איז: ניין! דער פונדאַמענט פון זיין גאַנצער פילאָסאָפיע איז די קריטיק אויף דעם גלויבן פון יענע פאָעטן און פילאָסאָפן.

דער גלויבן פון יענע אַזוי־גערופענע פילאָסאָפן באַשטייט אין דעם, אַז גאָט איז נישט קיין גוף, אַז ער איז איבער דער וועלט; אַז ער האָט

באַשאַפן די וועלט פון גאָרנישט לויט זיין ווילן, און ער קען ענדערן די נאַטור פון דער וועלט ווען ער זאָל וועלן; אַז ער איז געווען פאַר דער וועלט און וועט זיין ווען די וועלט וועט שוין מער נישט עקסיסטירן (ואחרי ככלות הכל לבדו ימלוך נורא). צו דער זעלביקער צייט, שרייבן זיי צו דעם גאָט וואָס איז אָן אַ גוף די העכסטע מעלות, וואָס נאָר אַ מענטשלעכער גוף קען האָבן. גאָט איז קלוג, שטאַרק, אַלמעכטיק, אַלוויסנדיק, באַרמ־הערציק א. אַז. וו. — שבחים אָן אַ שיעור. אַזוי זענען געווען אַלע מיט־אַלטערלעכע רעליגיאָנס־פילאָסאָפן — אַ געמיש פון רעליגיע און פילאָסאָפיע, וואו די פילאָסאָפיע האָט געמוזט קענען באַווייזן דעם אמת פון דער רעליגיע און איז פאַרוואָרפן געוואָרן ווען זי איז געקומען אין קאָנפליקט מיט איר. זיי האָבן געענדיקט מיט וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן, און זיי האָבן געוואוסט דעם ענטפער נאָך איידער זיי האָבן געפרעגט. ספּינאָזאַ האַלט פאַרקערט. ביי אים איז גאָט און די וועלט איינס, און דאָס איינע איז אייביק, און אַלץ וואָס געשעט אין דער נאַטור איז נויטווענדיק (דעטערמינירט); און גאָט האָט נישט קיין ווילן און קיין פאַרשטאַנד, און אַלץ וואָס געשעט דורך גאָט געשעט דאָס נישט דורך זיין פרייען ווילן אָדער פאַרשטאַנד, נאָר דורך דער נויטווענדיקייט פון זיין נאַטור.

## VI

אָט ביי דעם פּונקט הייבט זיך אָן ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע וועגן גאָט. זיין גאַנצע אַרבעט איז נישט מער ווי אַ קריטיק אויף דעמדאָזיקן געמיש פון רעליגיע און פילאָסאָפיע. די אַלע אייגנשאַפטן, וואָס מענטשן שרייבן צו צו גאָט, באַהויפּטעט ער, זענען נישט מער ווי מענטשלעכע אייגנשאַפטן און מדות פאַרגרעסערט צו פולקומענהייט, לויט דעם ווי דער מענטש באַגרייפט די זאַכן, אָבער זיי פּאַסן זיך בשום אופן נישט פאַר גאָט. די חכמה, די אַלוויסנהייט א. אַז. וו. זענען נישט די חכמה און די אַלוויסנהייט פון גאָט. „צו דער נאַטור פון גאָט", זאָגט ספּינאָזאַ, „געהערט נישט קיין פאַרשטאַנד און קיין ווילן".

פון דער צווייטער זייט קען ספּינאָזאַ נישט באַגרייפן קיין גאָט וואָס איז לויטער נעגאַציע, וואָס באַשטייט אַליין פון גאָרנישט, און וואָס האָט באַשאַפן די וועלט פון גאָרנישט. ווען נישט באַשאַפט נישט איז דער רעזולטאַט נישט. ספּינאָזאַס גאָט איז אַ פּאָזיטיווער גאָט — אַ גאָט וואָס זיין נאַטור שליסט אין זיך איין די עקסיסטענץ. איך נעם זיך די דרייסטקייט צו זאָגן, אַז ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע באַווייזט גיכער די געטלעכקייט פון

דער עקסיסטענץ, איידער די עקסיסטענץ פון דער געטלעכקייט. ער דער־הייבט דאָס זיין צו דער מדרגה פון גאָט, און קיין אנדער גאָט ווי דאָס זיין קען ער נישט.

אין דער אָנמערקונג צו לערזאַץ 15 אין דעם ערשטן טייל פון זיין „עטיק" שרייבט ספינאָזאַ:

„מאַנכע בילדן זיך איין, גאָט באַשטייט, פונקט ווי דער מענטש, אויס גוף און נשמה, און איז אונטערוואָרפן די לײדנשאַפטן. פון דעם וואָס איז באַוויזן געוואָרן ביז אַהער, גייט קלאָר אַרויס ווי ווייט זיי אַלע זענען פון דער אמתער דערקענטניש פון גאָט. . . . אַלע די וואָס האָבן נאָר אַ ביסל נאָכגעדענקט איבער דער געטלעכער נאַטור, פאַרנייענען די קערפּערלעכקייט פון גאָט. . . . פון אַנדערע אַרגומענטן, מיט וואָס זיי ווילן באַשטעטיקן זייערע באַווייזן, לאָזט זיך דייטלעך דערקענען, אַז זיי ווילן אין גאַנצן דערווייטערן פון דער געטלעכער נאַטור דאָס קערפּערלעכע אָדער די אויסגעשפּרייטע סובסטאַנץ מיט דעם וואָס זיי באַהויפּטן, נעמלעך, אַז די קערפּערלעכע סובסטאַנץ איז ערשט באַשאַפן געוואָרן פון גאָט. דאָבײ ווייסן זיי אָבער לחלוטין נישט דורך וועלכער געטלעכער מאַכט זי האָט געקענט באַשאַפן ווערן, וואָס דאָס צייגט קלאָר, אַז זיי אַליין פאַרשטייען נישט וואָס זיי זאָגן."

גאָט איז, אַזוי אַרום, לויט ספינאָזאַ, נישט דאָס און נישט דאָס אַנדערע. די וואָס בילדן זיך איין, „אַז גאָט באַשטייט פון אַ גוף מיט אַ נשמה, זענען זייער ווייט פון דער אמתער דערקענטעניש פון גאָט", און די וואָס ווילן אין גאַנצן דערווייטערן דאָס קערפּערלעכע פון דער געטלעכער נאַטור, פאַרשטייען אַליין נישט וואָס זיי זאָגן. מיט איין גרויסן שפּרייז קערט ספינאָזאַ זיך אָפּ פון די טעאָלאָגן און פון די פילאָסאָפן, און לאָזט זיך אויף זיין אייגענעם וועג.

וואָס זשע איז ספינאָזאָס גאָט? פון וואָס באַשטייט ער? וואָס איז זיין תמצית? ספינאָזאַ ענטפערט: סובסטאַנץ! גאָט איז סובסטאַנץ — סובסטאַנץ איז גאָט.

וואָס איז סובסטאַנץ? צו וואָס דאַרף מען דאָס נייע וואָרט?

אָט דאָ הייבן זיך אָן ספינאָזאָס, און אויך אונדזערע, שוועריקייטן. זיין גאַנץ לעבן לאַנג האָט ער געקעמפט מיט דעם דאָזיקן באַגריף. זיין גאַנצע גייסטיקע קראַפט האָט ער פאַרוועגדט צו דערקלערן דעם באַגריף סובסטאַנץ און, מען מוז מודה זיין, עס איז נאָך היינט נישט גאַנץ קלאָר. די נייעסטע פיזיקאַלישע און כעמישע וויסנשאַפט, ווי עס שיינט, זענען ערשט געקומען אויף דעם וועג, וואָס וועט אפשר פאַרענטפערן די פראַגע. דערווייל האַלטן זיי נאָך אויך ווייט פון דעם.

לויט ספינאָזאַ, איז סובסטאַנץ, קודם כל, איר אייגענע אורזאַך. איר תמצית שליסט איין עקסיסטענץ; זי איז אומבאַדינגט, אומענדלעך און נויטווענדיק; זי איז אין זיך אַליין און דורך זיך אַליין, און זי קען באַגריפן ווערן נאָר דורך זיך אַליין. זי איז אומטיילבאַר, און זי איז אַליין. מער ווי איין סובסטאַנץ קען נישט זיין.

„1) אונטער אורזאַך פון זיך אַליין, פאַרשטיי איך דאָס וועמעס תמצית (essentia) שליסט איין אין זיך עקסיסטענץ, אָדער דאָס וועמעס נאַטור מען קען נאָר באַגרייפן אַלס עקסיסטירענד.

3) אונטער סובסטאַנץ פאַרשטיי איך דאָס, וואָס איז אין זיך און וואָס ווערט באַגריפן דורך זיך. ד. ה., וואָס, אום מען זאָל זיך קענען בילדן אַ באַגריף פון דעם, באַדאַרף מען נישט דעם באַגריף פון קיין אַנדער זאַך.“ („עטיק“, ערשטער טייל, ערשטע און דריטע דעפיניציע).

דאָס ערשטע אין דער סובסטאַנץ איז דאָס, וואָס איר נאַטור שליסט איין עקסיסטענץ. אָבער דאָס איז נישט די איינפאַכע עקסיסטענץ, ווי מיר פאַרשטייען דאָס. עס איז פאַראַן אַ תמצית, וואָס שליסט נישט דוקא איין די עקסיסטענץ. למשל, „דער תמצית פון דעם מענטשן שליסט נישט דוקא איין עקסיסטענץ“ („עטיק“, צווייטער טייל, גרונדזאַץ איינס). דער אָדער יענער מענטש קען עקסיסטירן אָדער אויפהערן צו עקסיסטירן, דאָס ענדערט אָבער נישט דעם תמצית פון דעם מענטשן. איין מענטש איז די אורזאַך פון דער עקסיסטענץ פון אַן אַנדער מענטש, אָבער נישט פון זיין סובסטאַנץ. תמצית און עקסיסטענץ זענען צוויי פאַרשידענע זאַכן.

„אין דעם באַשטייט דער אונטערשיד צווישן שאַפן און געבערן (ערציִיגן, פּראָדוצירן). שאַפן באַטייט אַוועקשטעלן אַ זאַך לויט תמצית און עקסיסטענץ צו גלייך, געבערן אָבער באַטייט, דאָס אַ זאַך אַנטשטייט נאָר לויט דער עקסיסטענץ.“ („קורצע אָפּהאַנדלונג“, זייט 24).

אין דער סובסטאַנץ איז דער תמצית און די עקסיסטענץ איינס און דאָס זעלביקע. דער באַגריף תמצית איז אין איין צייט דער באַגריף זיין.

נאָכדעם ווי ספינאָזאַ זאָגט אונדז די אַלע זאַכן וועגן דער סובסטאַנץ, ווערן מיר מיט אַמאָל געוואויר, אַז גאָט און סובסטאַנץ און נאַטור איז איינס און דאָס זעלביקע. די דריי ווערטער זענען נאָר באַזונדערע נעמען פאַר איין זאַך, למשל, ווי יעקב אבינו האָט געהייסן יעקב און ער האָט אויך געהייסן ישראל. צוויי נעמען פאַר איין און דעמזעלביקן מענטש.

נאָכדעם, לערנען מיר: „אויסער גאָט קען קיין סובסטאַנץ נישט זיין און קיינע קען נישט באַגריפן ווערן“. (לערזאַץ 14, „עטיק“, ערשטער טייל).

פון דעם אַלעם, און פון דעם אַליין, קענען מיר נאָך אַלץ נישט די

נאַטור, און מיר ווייסן נישט וואָס איז אַזוינס די סובסטאַנץ, וואָס איז אויך גאָט.

אין דער אָנמערקונג צו לערזאַץ 11, וואָס מיר האָבן שוין פריער ציטירט, גיט אונדז ספינאָזאַ אַן אָנצוהערעניש וואוהין זיין געדאַנק פירט. נאָך אַ לאַנגן אַרגומענט וועגן דער אומצעטיילבאַרקייט פון דער סובסטאַנץ, שרייבט ער:

„אָבער אויך אָן דעם, קען איך נישט איינזען, פאַרוואָס די מאַטעריע זאָל זיין אומווירדיק פאַר דער געטלעכער נאַטור, אַזוי ווי אויסער גאָט קען דאָך קיין סובסטאַנץ נישט זיין.“

דאָ האָבן מיר אַ וואונק פון וויכטיקער באַדייטונג. „מאַטעריע איז נישט אומווירדיק פאַר דער געטלעכער נאַטור“, ד. ה. פאַר דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ. איך זאָג, מיר האָבן אַ וואונק, ווייל מער ווי דאָס איז עס דערווייל נישט. וואָרים סוף כל סוף ווייסן מיר דאָך נישט מער וואָס מאַטעריע איז, ווי וואָס די סובסטאַנץ אָדער גאָט איז. אָבער עס איז דאָך וויכטיק, ווייל דאָס ציינגט אונדז אויף וועלכן וועג ספינאָזאַ זוכט זיין גאָט. ספינאָזאַס פילאָסאָפיע צייגט אונדז נישט נאָר ווי צו זוכן גאָט, זי דערלויבט אונדז אויך צו כאַפּן אַ בליק אין דעם תוך פון מאַטעריע. מיט אַנדערע ווערטער, לויט ספינאָזאַס פילאָסאָפיע איז נישט נאָר גאָט עטוואָס אַנדערש ווי מען נעמט געוויינטלעך אָן, אויך די מאַטעריע טראָגט אַן אַנדער כאַראַקטער ווי מען מיינט. כדי דאָס קלאָר צו מאַכן, מאַכט ספינאָזאַ אַ צווייטן געוואַגטן שריט אויף זיין שווערן וועג. צו דעם באַגריף „סובסטאַנץ“ שטעלט ער צו דעם באַגריף „אַטריבוט“, וואָס מאַכט די שוועריקייט נישט אַ האָר וויניקער.

## VII

וואָס איז אַן אַטריבוט?

די מייסטע וואָס האָבן זיך אָנגעשמעקט מיט ספינאָזאַ, פאַרמישן דאָס מיט דעם באַגריף אָביעקטיוו (אייגנשאַפט). דאָס איז פאַרפירעריש און שטערט דער ריכטיקער פאַרשטענדעניש פון ספינאָזאַס פילאָסאָפיע. אמת, ספינאָזאַ אַליין פאַרמישט אַמאָל די צוויי באַגריפן, אָבער דאָס טוט ער נאָכדעם, ווי ער האָט קלאָר געמאַכט וואָס ער פאַרשטייט אונטער אַטריבוט, און זיין דעפיניציע איז אַזוי קלאָר, אַז מען קען דאָס נישט מיספאַרשטיין, ווען מען האָט איינמאָל געכאַפּט דעם שניט.

„אונטער אַטריבוט פאַרשטיי איך דאָס, וואָס דער שכל באַנעמט אָדער פאַרנעמט (וואַרנעמונג perceptio) — אָן דער סובסטאַנץ אַלס דאָס וואָס מאַכט אויס איר תמצית.“ (פערטע דעפיניציע).

דאָס קלינגט ווי סתרי תורה פאַר דעם נישט געניטן, אָבער עס איז זייער איינפאַך. ווי געזאָגט, מען מוז מאַכן אַן אונטערשיד צווישן אייגנשאַפט און אַטריבוט ווי ספּינאָזאַ פאַרטייטש דאָס וואָרט. צו זיין שיין, למשל, איז אַן אייגנשאַפט פון אַ זאַך, אָבער נישט קיין אַטריבוט, ווייל דאָס שיין זיין דריקט נישט אויס דעם תמצית פון דער זאַך. אַ מענטש קען זיין שיין, אָבער דאָס איז נישט זיין תמצית. מען קען זיין אַ מענטש און נישט זיין שיין. פון דער אַנדערער זייט זענען דאָ זאַכן, וואָס זענען שיין און זענען נישט קיין מענטשן. דענקען איז אַן אַטריבוט, אָבער דאָס איז אַן אַטריבוט פון גאָט, ד. ה. פון דער סובסטאַנץ, לויט ספּינאָזאַ. דער מענטש אייגנטלעך האָט נישט קיין אַטריבוטן. ער האָט נאָר אייגנשאַפטן. עס איז גאָט וואָס האָט אי אייגנשאַפטן, אי אַטריבוטן. אָבער די אַטריבוטן זענען נישט מער ווי געדאַנקענזאַכן, דאָס הייסט אַ מין סימן, וואָס דורך זיי פאַרנעמט דער מענטשלעכער שכל דעם תמצית פון דער סובסטאַנץ. דער אַטריבוט איז אין אמתן אין קיין שום פּרט נישט אַנדערש פון דער סובסטאַנץ. אין אַן אינטערעסאַנטן בריוו צו סימאָן דע וורייס, אַ יונגער סטודענט, באַגייסטערט פאַר ספּינאָזאַ, וואָס האָט אים געפרעגט עטלעכע פראַגן, שרייבט ספּינאָזאַ:

„די דעפיניציע גופא, ווי איך האָב עס אייך געגעבן, ווי איך גלויב, לויטעט: אונטער סובסטאַנץ פאַרשטיי איך דאָס וואָס איז אין זיך און וואָס ווערט באַגריפן דורך זיך. . . . דאָס זעלבע פאַרשטיי איך אונטער אַטריבוט, אויסער וואָס מען רופט עס אַטריבוט צוליב דעם שכל, וואָס ער שרייבט צו אַזאַ באַשטימטע נאַטור צו דער סובסטאַנץ.“ (בריוו 49).

די סובסטאַנץ איז נאָר איינע, אָבער אירע אַטריבוטן זענען אומענדלעך אין צאָל. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך — „וואָס מער רעאַליטעט אַ זאַך האָט, אַזוי פיל מער אַטריבוטן קומט איר צו“ (לערזאַץ 9, „עטיק“, ערשטער טייל). אָבער די אַלע אומצייליקע אַטריבוטן שטייען נישט פון דרויסן פון דער סובסטאַנץ. זיי זענען נישט אַ טייל פון איר, זיי זענען די סובסטאַנץ גופא. יעדער אַטריבוט, פּונקט ווי די סובסטאַנץ, איז אייביק און אומענדלעך. די סומע פון אַלע אַטריבוטן איז גאָט, אָדער, די סומע פון אַלע אַטריבוטן איז די סובסטאַנץ. גאָט איז די סובסטאַנץ, די סובסטאַנץ איז גאָט.

„אונטער גאָט פאַרשטיי איך דאָס אומבאַדינגט, אומענדלעכע וועזן, דאָס הייסט די סובסטאַנץ, וואָס באַשטייט אויס אומענדלעך פיל אַטרי־

בוטן, וואָס יעדע איינציקע דריקט אויס אייביקן און אומענדלעכן תמצית." (זעקסטע דעפיניציע).

VIII

אַצינד ווייסן מיר, אַז די סובסטאַנץ איז גאָט, און גאָט איז די סובסטאַנץ, און אַז דאָס איז דאָס זעלביקע וואָס די נאַטור. מיר ווייסן אויך, אַז דער תמצית פון דער סובסטאַנץ שליסט איין אין זיך די עקסיס־טענץ, דאָס זיין. מיר ווייסן, אַז די אַטריבוטן זענען דאָסזעלביקע וואָס די סובסטאַנץ, בלויז דורך זיי קען דער שכל משיג זיין איר תמצית. ווען עס וואָלט אַלזאָ מעגלעך געווען צו דערגייין די נאַטור פון די אַטריבוטן, וואָלט אפשר מעגלעך געווען צו דערקענען גאָט. דאָס וואָס די אַטריבוטן זענען אומענדלעך דאַרף אונדז נישט אָפּשרעקן, ווארים ספּינאָזאַ זאָגט אונדז, אַז פון די אַלע אומצייליקע אַטריבוטן, קען דער מענטשלעכער שכל מער ווי צוויי נישט תופס זיין.

די שוועריקייט באַשטייט אין דעם, וואָס גראָד די צוויי אַטריבוטן זענען אַזוי שווער תופס צו זיין, ווי עס זאָגט עדות דער פאַקט, אַז נאָך היינט ווייסן מיר נישט פיל מער וועגן זיי, הגם די וויסנשאַפטן זענען אַזוי־פיל ווייטער, ווי מען האָט געוואוסט אין ספּינאָזאַס צייטן.

די דאָזיקע צוויי אַטריבוטן רופט ספּינאָזאַ אויסשפּרייטונג (extensio) און דענקען (cogitatio).

„אויסשפּרייטונג", ווי דעקאַרט האָט דאָס שוין גערופן, איז אַ שם הכולל פאַר דער גאַנצער עקסיסטירנדער מאַטעריע, פאַר אַלע מאַטעריעלע זאַכן. וואָס עס זאָל נישט זיין די נאַטור פון אַ מאַטעריעלער זאַך, מיט וואָס זי זאָל זיך נישט אונטערשיידן פון אַן אַנדער מאַטעריעלער זאַך, צי זי איז האַרט, צי ווייך; פליסיק, צי פאַרגליווערט; אַ לעבעדיקע, צי טויטע מאַסע; אַ געוויקס, צי אַ חיה; אומענדלעך גרויס אָדער אומענדלעך קליין, — מיט איין וואָרט: וואָס עס זאָל נישט זיין די נאַטור, די פאָרמע, דער קאָליר, אָדער די מאָס פון אַ זאַך, וואָס אונטערשיידט זי פון די אַלע אַנדערע זאַכן, איין כאַראַקטעריסטיק באַזיצן זיי אַלע — זיי פאַרנעמען פּלאַץ אין רוים, זיי שפּרייטן זיך אויס. די אויסשפּרייטונג (דאָס זיין, די עקסיסטענץ) איז איין אַטריבוט, וואָס דער מענטשלעכער שכל קען תופס זיין, און וואָס דורך איר קען ער תופס זיין די סובסטאַנץ אויף ווי ווייט זי איז אויסשפּרייטונג. דאָס דענקען לאָזט זיך אַזוי לייכט נישט דערקלערן. אייניקע ווילן האָבן, אַז „אויסשפּרייטונג און דענקען" איז דאָסזעלביקע ווי מאַטעריע און גייסט. דערביי זוכן זיי צו מאַכן דעם

איינדרוק, אַז די מאַטעריע איז עפּעס אַ שפּל׳ע זאַך, לייכט צו באַשאַפן אָדער צו באַגרייפן, בעת דער גייסט איז עטוואָס, וואָס קומט פון אונטערן סאַמע כסא הכבוד, וואָס וועט זיך גאָר נישט וועלן מטמא זיין מיט אַזאַ נישטיקער זאַך ווי מאַטעריע. וואָלטן זיי אונדז כאָטש געזאָגט, וואָס איז די נאַטור פון דעמדאָזיקן גייסט, אָבער דאָס צו טון היטן זיי זיך זייער שטאַרק. פון דעם וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן די אַטריבוטן, וועט יעדער פאַרנינפטיקער לעזער לייכט איינזען ווי ווייט יענע מענטשן זענען פון דעם ספּינאָזיזם. ספּינאָזאַ קען נישט קיין געטלעכן גייסט, אָדער אַ וועלט־גייסט. אומעטום וואו ער געברויכט דאָס וואָרט גייסט, מיינט ער דאָס אין אַ מענטשלעכן זין, דער מענטשלעכער גייסט.

„דער צייט־גייסט איז דער הערן אייגענער גייסט", ווי געטע דריקט זיך אויס, אפשר אונטער דעם איינפלוס פון ספּינאָזאַ.

„דענקען" איז נישט דער גייסט. דאָס דענקען, אַלס אַ טייל פון דער נאַ־טור, איז נישט מער ווי אַ דענק־מעגלעכקייט, די מעגלעכקייט צו דענקען. דער מענטש דענקט. דאָס איז זיכער. און אין דער איבריקער נאַטור איז פאַראַן אַ דענק־מעגלעכקייט. דעם מענטשנס דענקען איז ענדלעך, די דענק־מעגלעכקייט אין דער סובסטאַנץ, דאָס הייסט אין דער נאַטור, איז אומ־ענדלעך. דאָס דענקען אַלס אַן אַטריבוט פון גאָט, דאָס הייסט פון דער סובסטאַנץ, איז אַזוי אַרום נישט מער ווי אַ דענק־מעגלעכקייט.*)

מיר זענען אַצינד ווי עס איז צוגעקומען צו אַ שטיקל פאַרשטענדעניש פון ספּינאָזאַס סיסטעמע. צוליב קלאָרקייט וועגן וויל איך דאָס ווידערהאָלן בקיצור.

די גאַנצע נאַטור איז אומענדלעכע סובסטאַנץ. דער תמצית פון דער סובסטאַנץ איז דאָס אייביקע, אומענדלעכע זיין, דאָס עקסיסטירן אין זיך אַליין — די עקסיסטענץ. אָבער דאָס דאָזיקע זיין, די דאָזיקע עקסיסטענץ באַשטייט נישט פון אַ לעבלאָזער מאַסע. צו דעם זיין קומט נאָך צו די מעגלעכקייט צו דענקען. פּונקט ווי עס געהער צו איר אייביקער נאַטור צו עקסיסטירן, אַזוי געהערט צו איר אייביקער נאַטור די מעגלעכקייט פון

*) „דענקמעגלעכקייט", אַזוי איבערזעצט קאַרל געבהאַרד דאָס לאַטיינישע (potentia cogitandis) אויף דעם פּלאַץ. אַנדערע דייטשע איבערזעצער מאַכן דערפון „דענקקראַפט". אָבער געבהאַרד ווייזט אָן אין אַ באַמערקונג, אַז אַזאַ איבערזעצונג איז נישט ריכטיק, און פאַרשאַפט אַ פאַלשן באַגריף פון ספּינאָזאַס גאַנצע סיסטעמע. דער ריכטיקער זין פון דעם זאַץ איז נישט די קראַפט צו דענקען, נאָר די מעגלעכקייט צו דענקען.

דענקען.*) די דאָזיקע סובסטאַנץ איז די נאַטור, אָדער גאָט, רופט עס ווי איר ווילט. פון דער סובסטאַנץ זענען אַנטשטאַנען די אַלע אומ־ציילִיקע איינצלנע זאַכן, וואָס געפינען זיך אין דעם אוניווערס. די איינצלנע זאַכן רופט ספינאָזאַ מאָדי (לשון רבים פון מאָדוס). יעדע זאַך איז אַ מאָדוס פון דער אייביקער סובסטאַנץ און איז אַ טרעגער, אויף אַ באַגרענעצטן און ענדלעכן אופן, פון די אייגנשאַפטן פון דער אַלגעמיינער סובסטאַנץ, וואָס איז אומבאַגרענעצט און אומענדלעך.

ווען מען האָט דאָס אין זינען שטודירנדיק ספינאָזאַ, און אומעטום וואו ער געברויכט דאָס וואָרט גאָט שטעלט מען אין געדאַנק אַוועק דאָס וואָרט סובסטאַנץ, באַקומט מען אַן אַנדער זין און אַן אַנדער בילד פון דער ספינאָזיסטישער סיסטעמע. ערשט דעמאָלט באַגרייפט מען ספינאָזאַן ריכטיק און מען פאַרשטייט אויך וואָס ער האָט געמיינט, ווען אין סאַמע אָנפאַנג פון זיין פילאָסאָפישער קאַריערע (אין דער ערשטער העלפט פון דעם יאָר 1662) האָט ער געשריבן צו אָלדענבורג: „איך טייל נישט אָפּ גאָט פון דער נאַטור, ווי דאָס האָבן געטון אַלע וואָס זענען מיר באַקאַנט.“ (בריוו זעקס).

## IX

פאַר דעם אורשפּרינגלעכן צוועק פון מיין אַרבעט, וואָלט איך אייגנט־לעך געקענט זיך דאָ אָפּשטעלן, און גלייך איבערגיין צו די פילאָסאָפישע אָנשויאונגען פון קאַרל מאַרקס. אָבער אין דעם פאַל וואָלט איך געווען אויסגעלאָזן פון דער באַטראַכטונג אַ וויכטיקן פונקט, אפשר דעם וויכ־טיקסטן, אין ספינאָזאַס פילאָסאָפישער סיסטעמע. וואָרים אויב מען וויל באַגרייפן דעם תוך פון ספינאָזאַס פילאָסאָפיע, טאָר מען נישט אַרויס־לאָזן פון אויג, אַז איר שווער־פּונקט איז נישט גאָט, נאָר דער מענטש און זיין גליק. ספינאָזאַ פילאָסאָפירט אַזוי טיף וועגן גאָט, ווייל ער זוכט אַ וועג צו דער גליקזעליקייט פון דעם מענטש. זיין פאַרטיקע פילאָסאָפישע סיסטעמע, גייט פון דער סובסטאַנץ אָדער גאָט צו דעם מענטשן, זיין פילאָסאָפירן אָבער גייט פון דעם מענטשן צו גאָט. ווי אַן אמתער מאַטע־מאַטיקער, הייבט ער אָן מיט דעם באַוואוסטן, און פון דעם באַוואוסטן וויל ער קומען צו דעם אומבאַוואוסטן, כדי נאָכדעם צוריק צו קומען צו דעם באַוואוסטן. מען קען דאָס זען פון דעם, וואָס די סאַמע ערשטע

*) די צוויי אַטריבוטן, וויל ספינאָזאַ האָבן, קענען אייגנס דאָס אַנדערע נישט באַגרענעצן אָדער מאָדיפיצירן.

פילאָסאָפישע אַרבעט פון ספּינאָזאַ איז געווען זיין אָפּהאַנדלונג „וועגן דער פאַרבעסערונג פון דעם פאַרשטאַנד“, אין דער זעלביקער צייט, ווי עס איז איצט פעסטגעשטעלט, ווען ער אַרבעט אויף זיין קורצן טראַקטאַט, „וועגן גאָט, דעם מענטשן און זיין גליק“. זיין הויפּט־ווערק, וואו זיין גאָט־פילאָסאָפיע איז אַנטוויקלט אין איר גאַנצער פולקייט און פּראַכט, רופט ער די „עטיק“, און זיין סאַמע לעצט ווערק איז „וועגן דעם שטאַט“ *) צו דער גרעעלשאַפט, ווי שוין געזאָגט, איז ער נישט דערגאַנגען.

דער לעזער וואָס האָט מיר נאָכגעפאָלגט מיט אויפמערקזאַמקייט, וועט מוזן פרעגן צוויי פראַגן.

די ערשטע פראַגע איז: ווי אַזוי און אויף וואָסער אופן איז פון דער סובסטאַנץ, וואָס איז אייביק, וואָס איז אומטיילבאַר און אומפאַר־ענדערלעך — ווי אַזוי איז פון דער דאָזיקער סובסטאַנץ אַנטשטאַנען די אומצייליקע און פילפאַכע פאַרשידנהייטן פון מינים, פלאַנצן און זאַכן, און יעדער פון זיי מיט קערפּער, אויסזען, פאָרמע און מאָס, וואָס איז אַנדערש פון יעדן אַנדערן קערפּער, אויסזען, פאָרמע און מאָס? (זע טשירנהאַוזס בריוו צו ספּינאָזאַ, בריוו 59).

די צווייטע פראַגע איז: פון וואַנען נעמט ספּינאָזאַ די אידעע, אַז דער מענטשלעכער שכל קען מער ווי די צוויי אַטריבוטן, אויסשפּרייטונג און דענקען, נישט תופס זיין?

די דאָזיקע צוויי פראַגן האָט מען נישט אויפגעהערט צו פרעגן ביי ספּינאָזאַן בעת ער האָט נאָך געלעבט. אַם שאַרפסטן האָבן דאָס געטון זיינע פריינד, אַליין גרויסע געלערטע, טשירנהאַוז און שולער. צוועלף יאָר נאָכדעם ווי זיין פילאָסאָפיע איז געווען באַקאַנט צו די געלערטע, אין 1875, פרעגט אים זיין פריינד ג. ה. שולער, אין זיין אייגענעם ווי אין טשירנהאַוזעס נאָמען, „צי ער וואָלט נישט אַזוי גוט זיין און אים מיטטיילן דורך אַ דירעקטן באַווייז, און נישט דורך פאַרקריכן אין דעם אוממעגלעכן, אַז מיר קענען פון גאָט נישט מער ווי די צוויי אַטריבוטן, ווי דענקען און אויסשפּרייטונג?“ (בריוו 63).

מען קען זען פון דעם, ווי ערנסט עס איז געווען די באַציאונג צו ספּינאָזאַס געדאַנקען, און מיט וואָסער שאַרפקייט מען האָט זיי צו דער־זעלביקער צייט אַטאַקירט.

---

*) זע וועגן דעם קאַרל געבהאַרדס איינלייטונג צו זיין דייטשער איבערזעצונג פון „וועגן דער פאַרבעסערונג פון דעם פאַרשטאַנד“.

די ערשטע פון די צוויי פראַגן האָט ספינאָזאַ אפילו נישט פּרובירט צו ענטפערן. ער האָט דעם ענטפער אַלעמאָל אויסגעמיטן. אים איז נישט געווען אומבאַקאַנט די דעמאָקריטישע אַטאָמען־טעאָריע. אַז ער האָט געגעניגעקענט דעקאַרטס ווירבל־טעאָריע, אין דעם איז גאָר קיין ספק נישטאָ. אָבער ער האָט אַפּנים ווייניק געהאַלטן פון דעם און ער האָט זיך אין די השערות קיינמאָל נישט אַריינגעלאָזן. ביי איין געלעגנהייט שרייבט ער אויסדריקלעך צו זיין פריינד אָלדענבורג, אַז ער ווייסט נישט „ווי אַזוי יעדער טייל פון דער נאַטור שטימט צוזאַמען מיט זיין גאַנצן, און ווי אַזוי עס הענגט צוזאַמען מיט זיינע איבריקע טיילן” (בריוו 30), „דען אום דאָס צו וויסן פאָדערט זיך צו קענען די גאַנצע נאַטור אין אַלע אירע טיילן” (בריוו 32). אין דער דאָזיקער פראַגע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי דער אומענדלעכער סובסטאַנץ, וואָס איז די אורזאַך פון זיך אַליין, וואָס זי עקסיסטירט נויטווענדיק, ווייל עס איז איר נאַטור צו עקסיסטירן, וואָס אַלע אַנדערע זאַכן זענען אין איר און דורך איר.

ווען ספינאָזאַ האָט אויסגעמיטן צו געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע, ווי אַזוי עס זענען אַנטשטאַנען די איינצלנע זאַכן, איז זיין ענטפער אויף דער צווייטער פראַגע אַזוי דירעקט, אַז זי גיט אונדז די מעגלעכקייט אַריינצוקוקן טיף אין דעם אינערלעכן געוועב פון זיין געדאַנקענגאַנג.

פאַרוואָס קען דער מענטש באַגרייפן נישט מער ווי די צוויי אַטריבוטן, אויסשפּרייטונג און דענקען? דאָס איז דערפאַר, זאָגט ספינאָזאַ, ווייל דער מענטש באַשטייט פון נישט מער ווי די צוויי אַטריבוטן, און מער ווי דער מענטש אַליין איז, קען זיין שכל נישט משיג זיין. וואָרים דער מענטש און זיין שכל (די נשמה) איז איינס און דאָס זעלביקע.

דאָס איז דער וויכטיקער פּונקט אין דער פילאָסאָפישער סיסטעמע פון ספינאָזאַ.

לאָמיר זען, ווי אַזוי ספינאָזאַ דערקלערט דאָס. אין זיין בריוו צו ג. ה. שולער שרייבט ער:

„איך קום אַצינד צו אייערע ספיקות. וואָס באַטרעפט דעם ערשטן פּונקט, זאָג איך אַז דער מענטשלעכער גייסט קען אין זיין דערקענטעניש תופס זיין נאָר דאָס, וואָס שליסט איין אין זיך די אידעע פון אַווירקלעך עקסיסטירנדיקן קערפּער, אָדער וואָס מען קען פון דער אידעע שליסן. דען דאָס פאַרמעגן פון יעדער זאַך ווערט דעפינירט דורך זיין תמצית. דער תמצית פון דעם גייסט אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז די אידעע פון אַ זאַך וואָס עקסיסטירט ווירקלעך, און דערפאַר שטרעקט זיך דאָס דערקענטעניש פאַרמעגן פון דעם גייסט נאָר אויף דעם וואָס

די דאָזיקע אידעע פון דעם קערפּער פּאַסט אין זיך אַליין, אָדער וואָס פּאָלגט פון איר. שליסט אָבער די אידעע פון דעם קערפּער נישט איין קיין אַנדער אַטריבוט פון גאָט, אויך דריקט זי נישט אויס קיין אַנדערע אַחוץ אויסשפּרייטונג און דענקען. וואָרום . . . דער קערפּער האָט גאָט אַלס אורזאַך אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט אונטער דעם אַטריבוט אויסשפּרייטונג. . . . אַזוי אַרום שליסט די אידעע פון קערפּער איין אין זיך די דערקענטעניש פון גאָט נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער (גאָט. י. מ.) ווערט באַטראַכט אונטער דעם אַטריבוט אויסשפּרייטונג. ווייטער האָט דיזעלביקע אידעע, אַזוי ווייט ווי זי איז אַ מאָדוס פון דענקען, אויך גאָט אַלס אורזאַך. . . . אַזוי אַרום שליסט די אידעע פון דערדאָזיקער אידעע איין די דערקענטעניש פון גאָט אין זיך אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַטראַכט אונטער דעם אַטריבוט פון דענקען. . . . פון דעם קומט, דאָס דער מענטשלעכער גייסט, אָדער די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער (דער גייסט איז די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער. י. מ.), שליסט אין זיך נישט איין, אָדער דריקט נישט אויס מער ווי די צוויי אַטריבוטן פון גאָט..."

מיט אַנדערע ווערטער: דער מענטשלעכער שכל איז משיג נאָר די צוויי אַטריבוטן, ווייל דאָס איז, וואָס ער אַליין איז.

אין זיין „אָנהאַנג צו דעקאַרטס פּרינציפּן" (צווייטער טייל, קאַפּיטל 12), שרייבט ספּינאָזאַ:

„איך גיי אַצינד איבער צו דער געשאַפענער סובסטאַנץ (דאָס מיינט ער דעם מענטשן. י. מ.), וועלכן איך האָב איינגעטיילט אין אויסגעשפּרייטע און דענקענדע. אונטער די אויסגעשפּרייטע פאַרשטיי איך די מאַטעריע אָדער די קערפּערלעכע סובסטאַנץ, אונטער דענקענדע — דעם מענטשלעכן גייסט."

ווי מיר זעען, באַשטייט אויך די מענטשלעכע סובסטאַנץ פון אויסשפּרייטונג און דענקען, מיט דעם חילוק: דער מענטשלעכער קערפּער איז ענדלעך. אַזוי אָבער ווי עס איז די נאַטור פון דער סובסטאַנץ צו זיין אומענדלעך, מוז מען פון דעם שליסן, אַז דער קערפּערלעכער טייל פון דעם מענטש איז בלויז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער סובסטאַנץ, און געהערט צו איר, און קען אָן איר נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן.

דאָסזעלביקע רעזאָנירן מוז אָנגעווענדט ווערן אויף דעם מענטשלעכן דענקען: דאָס מענטשלעכע דענקען, פּונקט ווי דער קערפּער, איז באַגרענעצט און ענדלעך, די דענק־מעגלעכקייט, וואָס ספּינאָזאַ נעמט אָן אין דער נאַטור, איז אומענדלעך; מוז מען פון דעם שליסן, אַז פּונקט ווי דער מענטשלעכער קערפּער, די אויסשפּרייטונג, איז אַן ענדלעכער טייל פון דער אומענדלעכער אויסשפּרייטונג, אַזוי איז דאָס דענקען פון דעם

מענטשן נאָר אַן ענדלעכער טייל פון דער אומענדלעכער דענק־מעגלעכקייט אין דער נאַטור.

פון דעם קען יעדער לייכט איינזען, דאָס בעת ספינאָזאַ הייבט אָן מיט גאָט (ד. ה. די סובסטאַנץ, וואָס ער רופט גאָט, וואָס איז די אורזאַך פון זיך אַליין, וואָס אין איר איז אַלץ, און וואָס פון איר קומט אַלץ), און פון דעם ערשט קומט ער צו דעם מענטשן, איז אָבער זיין וועג געווען אַ פאַרקערטער. זיין וועג צו גאָט הייבט ער אָן פון דעם מענטש, און פון דעם מענטשן שטייגט ער אַרויף צו גאָט. ווי אַזוי וואָלט ספינאָזאַ, אָדער ווער עס איז, געקענט דערקענען די צוויי אַטריבוטן, ווען נישט די ווירק־לעכע עקסיסטענץ פון אויסשפּרייטונג און דענקען, קערפּער און גייסט, אין דעם רעאַלן, לעבעדיקן מענטשן? דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער וויכטיקער פּונקט אין זיין פילאָסאָפיע: דער מענטש איז משיג נאָר די צוויי אַטריבוטן אין גאָט, ווייל ער אַליין איז אַ חלק פון זיי. פון אייביק אָן זענען די מענטשן אייגנטלעך געקומען צו דער גאָט־אידעע אויף דעמ־זעלביקן אופן, ד. ה. פון דעם אייגענעם איך. „מבשרי אחזה אלה" (פון זיך אַרוים דערזע איך גאָט), איז אמת פון אייביק אָן. ביי ספינאָזאַ האָט דאָס דערגרייכט די העכסטע שטופע פון מענטשלעכן דענקען.

שוין זיין ערשטער אַפּריאָרי באַוויז, „אַז גאָט איז", שטיצט זיך אויף דעם, וואָס מיר קענען קלאָר און דייטלעך דערקענען, אַז די עקסיסטענץ געהערט צו דער נאַטור פון גאָט. מיט אַנדערע ווערטער: ווען עס וואָלט ניט געווען קיין גאָט וואָלטן מיר נישט געקענט האָבן קיין אידעע פון גאָט. ד. ה. די עקסיסטענץ פון גאָט ווערט אַפּריאָרי באַוויזן מיט דעם וואָס דער מענטש האָט אַ אידעע פון דער עקסיסטענץ פון גאָט.

ווי מיר האָבן געזען, אונטערשיידט זיך ספינאָזאַ פון די מיטל־אַלטערלעכע אידישע רעליגיאָנס־פילאָסאָפן מיט דעם, וואָס ער שרייבט צו מאַטעריאַליטעט צו גאָט. „ער קען נישט איינזען פאַרוואָס די מאַטעריע זאָל זיין אומווירדיק פאַר דער געטלעכער נאַטור". ער איז אָבער אויך אַוועק פון די פילאָסאָפן אין אַן אַנדער פּרט. *מחשבית* האָט ער זיך שטאַרק געשטיצט אויף דעקאַרטן, זיין גאַנצע טערמינאָלאָגיע האָט ער גע־נומען פון דעקאַרטן, אָבער ער איז באַלד אַוועק פון אים, אַזוי, אַז אפילו דיזעלביקע אויסדריקן האָבן באַקומען אַן אַנדער זין. דעקאַרט הייבט אָן זיין אונטערזוכונג מיט דעם, וואָס ער האָט גענומען צווייפלען אין אַלץ אין דער וועלט. אַזוי ווי דער צוועק פון דער וויסנשאַפט, האָט דעקאַרט געזאָגט, איז דאָך צו וויסן, האָט ער אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס ער האָט

געזוכט איין זאַך אין דעם גאַנצן אוניווערז, וואָס ער זאָל באמת וויסן, וואָס אין דעם זאָל ער לחלוטין זיין זיכער. ער האָט געפונען, אַז ער קען צווייפלען אין אַלעם, אפילו אין זיין אייגענער עקסיסטענץ, אויסער אין איין זאַך. ער קען נישט צווייפלען אין דעם, אַז ער צווייפלט. וואָרים קוים ווען ער נעמען צווייפלען אין זיין צווייפל, וועט דאָס אַליין באַווייזן, אַז דאָס צווייפלען איז זיכער. צווייפלען איז דענקען. פון דעם איז דעקאַרט געקומען צו זיין באַרימטן זאַץ cogito ergo sum (איך דענק, איז אַ סימן אַז איך בין), דאָס הייסט, דאָס דענקען, דאָס איז די איינציקע זאַך אין דער וועלט, וואָס עקסיסטירט זיכער. האָט דעקאַרט פון דעם געשלאָסן, אַז דאָס דענקען (די נשמה) איז אַ ווירקלעך עקסיסטירנדיקע סובסטאַנץ. פונדעסטוועגן האָט ער נישט געקענט פאַרלייקענען די ווירקלעכקייט פון זיין קערפּער, אָט פון דעם קערפּער, וואָס שטייט און פילאָסאָפירט, וואָס צווייפלט, וואָס דענקט. פון דעם איז ער געקומען צו דעם ווייטערדיקן שלוס, אַז אין דער נאַטור הערשט אַ דואַליטעט, ד. ה. עס זענען דאָ צוויי באַזונדערע, גלייכוויכטיקע סובסטאַנצן, די אויסשפּרייטונג און דאָס דענקען, אָדער די מאַטעריע און דער גייסט, אָדער דער גוף און די נשמה, רופט עס ווי איר ווילט.

אָט ביי דעם פּונקט הייבט אָן ספּינאָזאַ. ער באַשטרייט די עקסיסטענץ פון צוויי סובסטאַנצן. מער ווי איין סובסטאַנץ קען נישט עקסיסטירן, וואָרים ווען מען זאָל אָננעמען מער ווי איין סובסטאַנץ, וואָלט איינע אָדער די אַנדערע, געמוזט ווערן פאַראורזאַכט פון דער אַנדערער, אָדער ביידע גאָר פון אַן אַנדער סובסטאַנץ, וואָס דאָס פירט אונדז ווידער צו דער עקסיסטענץ פון דער איינער סובסטאַנץ. אמת, ספּינאָזאַ אָנערקענט, גלייך מיט דעקאַרטן, די עקסיסטענץ פון אויסשפּרייטונג און דענקען, אָבער דאָס זענען נישט מער ווי די אַטריבוטן פון דער איינער סובסטאַנץ, אַטריבוטן וואָס נאָר דורך זיי קען דער מענטשלעכער שכל תופס זיין דידאָזיקע איינאיינציקע סובסטאַנץ, וואָס אָט ווערט זי געדאַכט אונטער דעם און אָט אונטער יענעם אַטריבוט (אָנמערקונג צו לערזאַץ 7, „עטיק", צווייטער טייל). און דידאָזיקע באַווייזפירונג ווענדט ספּינאָזאַ אָן סיי אויף דער סובסטאַנץ־נאַטור־גאָט, סיי אויף דער געשאַפענער סובסטאַנץ, דעם מענטשן. „די אָרדנונג און די פאַרקניפּונג פון די זאַכן זענען איינערליי, צי מען באַגרייפט די נאַטור אונטער דעם אָדער ענעם אַטריבוט, און פאָלגלעך אויך, אַז די אָרדנונג פון די האַנדלונגען און לײדנשאַפטן פון אונדזער קערפּער, גלייך ווי די נאַטור, מיט דער אָרדנונג פון די האַנדלונגען און לײדנשאַפטן פון דער נשמה."

עס וועט מיך אָוועקפירן צו ווייט פון מיין אוממיטלבאַרער טעמע אַריינצוגיין דאָ אין דער פראַגע ווי אַזוי ספינאָזאַ קומט פון גאָט צוריק צו דעם מענטשן, עס איז אָבער נייטיק צו דערמאָנען, אַז דאָס דענקען פון דער סובסטאַנץ איז נאָר אַ דענקמעגלעכקייט, בעת די אויסשפרייטונג, די מאַטעריע, איז אַ ווירקלעכקייט. דאָס דענקען, אָדער אַפילו די דענק־מעגלעכקייט, אין דער נאַטור איז נישט קיין ממשותדיקע זאַך. קיין מענטש קען נישט באַמערקן דאָס דענקען אויסער אין זיך אַליין, ווערענד די אויסשפרייטונג קען יעדער איינער באַמערקן אויך אין אַנדערע זאַכן, אַ חוץ דעם אייגענעם גוף. דאָס דענקען אַלס אַן אַטריביוט זעען מיר פאַר־ווירקלעכט נאָר אין זיך, ווייל נאָר אין דעם מענטשן (און אפשר אויך ביי מאַנכע חיות) גייען זיי צוזאַמען און מאַכן אויס אַ ווירקלעך עקסיסטירנדע זאַך. אָבער וואָס איז דאָס דענקען, אַפילו ווי מיר קענען דאָס? ספינאָזאַ זאָגט אונדז: „דאָס ערשטע וואָס מאַכט אויס דאָס ווירקלעכע זיין פון דער נשמה (ד. ה. דאָס דענקען. י. מ.), איז נישט עטוואָס אַנדערש ווי די אידעע פון אַ ווירקלעך עקסיסטירנדער זאַך.” („עטיק, צווייטער טייל, לערזאַץ 11). מיט אַנדערע ווערטער: דאָס דענקען איז נישט מער ווי דאָס געוואויר ווערן פון דעם קערפער פון זיין אייגענער ווירקלעכער עקסיס־טענץ. עס שיינט מיר דערפאַר נישט צו זיין ווייט פון דעם אמת, ווען מען פאַרטייטשט ספינאָזאַס סובסטאַנץ אַלס די מאַטעריע מיט אַ דענק־מעגלעכקייט. מיט אַנדערע ווערטער: די מאַטעריע איז די איינציקע, די ווירקלעכע עקסיסטירנדיקע זאַך אין דעם אוניווערס. אָבער די דאָזיקע מאַטעריע איז נישט קיין טויטע מאַסע. זי פאַרמאָגט אייגנשאַפטן, וואָס אונטער געוויסע באַדינגונגען, ווען זי איז אַזוי צוזאַמענגעשטעלט, אַז זי נעמט אָן די פאָרמע און דאָס געשטאַלט פון אַ מענטשלעכן קערפער, ווערט אין איר רעאַליזירט די דענק־מעגלעכקייט פון דער סובסטאַנץ. מיט אַנדערע ווערטער: אונטער באַשטימטע באַדינגונגען פון עקסיסטענץ, קען די מאַטעריע קומען צום דענקען.*) ווי אַזוי דאָס געשעט? אויך דאָס ווייסט ספינאָזאַ נישט. „דען ביז אַהער, קען נאָך קיינער נישט דעם בוי פון דעם קערפער אַזוי געניי, אַז ער זאָל קענען אַלע זיינע פונקציעס, שוין גאָרנישט

*) זע וועגן דעם ענין ספינאָזאַס אייגענע באַמערקונגען צו דעם וואָרט „נשמה” אין דער „קורצער אָפּהאַנדלונג פון גאָט, דעם מענטש און פון זיין גליק”. דייטשע איבערזעצונג פון קאַרל געבהאַרדט, זייט 56. זע אויך די אָנמערקונג צו לערזאַץ 13, צווייטער טייל פון דער „עטיק”, און די אָנמערקונג צו לערזאַץ 57 אין דעם דריטן טייל פון דער „עטיק”, די זעלביקע אויסגאַבע.

צו רעדן פון דעם, וואָס מען באָאַבאַכט פיל ביי די חיות, וואָס שטייגט ווייט אַריבער דעם מענטשלעכן שאַרפזין." („עטיק", דריטער טייל, אָנ־מערקונג צו לערזאַץ צוויי). און דאָס איז אמת ביז אויף היינטיקן טאָג, נישט געקוקט אויף דעם גרויסן פאָרשריט וואָס די ביאָלאָגישע, פיזיקאַלישע, כעמישע און אַסטראָנאָמישע וויסנשאַפטן האָבן געמאַכט זינט דעמאָלט.

*

דער לעזער וועט פאַרשטיין, אַז די טעמע איז נאָך ווייט נישט אויס־געשעפּט. קיינער ווייסט נישט בעסער פון מיר די פעלערן אין דער דאַרשטעלונג. אָבער איך בין געצוואונגען זיך דאָ אָפּצושטעלן. איך האָב שוין אַזוי אויך ווייט אַריבערגעשטיגן די גרענעץ, וואָס איז געווען באַ־שטימט פאַר מיר. איך האָף לכל הפחות צו האָבן צוגעפירט דעם לעזער צו אַ פונקט, פון וואַנען אָן מיין פּאַראַלעל וועט אים זיין פאַרשטענדלעך. אָבער איידער איך גיי ווייטער, וועט זיין פּאַסיק, ווי מיר שיינט, צו פאַר־ענדיקן דעם טייל פון מיין אַרבעט מיט עטלעכע פון די געדאַנקען וואָס ספּינאָזאַ האָט פאַרענדיקט דעם ערשטן חלק פון זיין עטיק.

צו דעם ערשטן טייל פון זיין עטיק, וואו עס האַנדלט זיך אויס־שליסלעך וועגן דער נאַטור—גאָט—סובסטאַנץ, האָט ספּינאָזאַ צוגעשטעלט אַ נאָכוואָרט, אַן אָנהאַנג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גאַנצן ספּינאָזאַ. נאָך דער גאַנצער אַבסטראַקטער פילאָסאָפיע, נעמט ספּינאָזאַ דערקלערן פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו די מענטשן דער גלויבן אין גאָט, אַזוי ווי זיי האָבן אים. ביז היינט, שיינט מיר, האָט נאָך קיינער נישט געגעבן קיין גענויערע, קיין שאַרפערע און קיין מער מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג פון דער אַנטשטייאונג פון רעליגיע און מאָראַל, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דעם אָנהאַנג. עס איז אוממעגלעך דאָ איבערצוגעבן דעם גאַנצן אינהאַלט. איך וועל דערפאַר צוזאַמענשטיקעווען עטלעכע זאַצן, וואָס וועלן דעם לעזער געבן כאָטש אַ קליינעם באַגריף פון דעם אָנהאַנג. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז ספּינאָזאַ איז נישט צופרידן בלויז מיט זיינע פילאָסאָפישע אַבסטראַקציעס. ער וויל העלפן אָפּשאַפן דעם פאַלשן גלויבן, און די נאַרישע פאָראורטיילן ביי די מענטשן.

„. . . און אַזוי ווי די אַלע פאָראורטיילן . . . הענגען אָפּ פון איין זאַך, וואָס די מענטשן אין אַלגעמיינעם נעמען אָן, אַז די זאַכן אין דער נאַטור האַנדלען, ווי זיי אַליין, צוליב אַ צוועק, און זיי באַ־הויפּטן אַפילו פאַר געוויס, אַז גאָט אַליין פירט אַלץ צו איין באַשטימטן צוועק, — זאָגן זיי דאָך, אַז גאָט האָט אַלץ געמאַכט צוליב דעם מענטשן,

און דעם מענטש — כדי ער זאָל אים פאַרערן, וויל איך צוליב דעם פאַר אַלעם באַטראַכטן דעם איינעם פאָראורטייל. . . .

דאָ וועט זיין גענוג, ווען איך וועל אַוועקלייגן אַלס פונדאַמענט, אַז אַלע מענטשן קומען אויף דער וועלט נישט קענענדיק די סיבות פון די זאַכן, אַז אַלע האָבן דעם טריב צו זוכן דעם אייגענעם נוצן, און זיי זענען זיך באַוואוסט פון דעם טריב. פון דעם פאָלגט נעמלעך, ערשטנס, אַז די מענטשן מיינען זיי זענען פריי, ווארים זיי איז דאָך באַוואוסט זייער ווילן און זייער טריב, און פון די סיבות פון וועלכע זיי ווערן געבראַכט עטוואָס צו ווילן אָדער צו דערשטרעבן, ווייל זיי זענען מיט זיי אומבאַקאַנט, דענקען זיי אַפילו נישט אין חלום. עס פאָלגט, צווייטנס, אַז די מענטשן טוען אַלץ צוליב אַ צוועק, נעמלעך, צוליב דעם נוצן צו וועלכן זיי שטרעבן; פון דעם קומט, וואָס פון דעם פאַרגאַנגענעם ווינטשן זיי נאָר צו וויסן די צוועקאורזאַכן, און זיי זענען באַפרידיקט אַזוי שנעל ווי זיי האָבן דאָס באַקומען, ווייל זיי האָבן נעמלעך קיין אורזאַך נישט זיך פאַרצולייגן ווייטערע פראַגן. . . . נאָכדעם ווי זיי האָבן געקומען באַטראַכטן די זאַכן אַלס מיטל, האָבן זיי שוין מער נישט געקענט גלויבן, אַז די דאָזיקע האָבן זיך אַליין געמאַכט. . . . האָבן זיי געמוזט שליסן, אַז אין דער נאַטור איז דאָ איינער, אָדער מערערע לענקער פון דער נאַטור, וואָס זענען באַגאַבט מיט מענטשלעכער פרייהייט, וואָס באַזאָרגן אַלץ פאַר זיי, און וואָס האָבן אַלץ געמאַכט פאַר זייער נוצן. . . . אַזוי באַלד ווי די מענטשן האָבן זיך איינגעמאָל איינגערעדט, אַז אַלץ וואָס געשעט, געשעט פאַר זייערטוועגן, מוזן זיי ביי יעדער זאַך באַאורטיילן דאָס וואָס איז אין דעם צום מייסטן נוצלעך פאַר זיי, און שעצן פאַר דעם ווערטפולסטן אַלץ דאָס פון וואָס זיי ווערן צום אַנגענעמסטן באַרירט (אָפיצירט). צוליב דעם האָבן זיי געמוזט, כדי צו דערקלערן די נאַטור פון די זאַכן, בילדן באַגריפן ווי גוט, שלעכט, אָרדנונג, פאַרווירונג, וואַרעם, קאַלט, שיינקייט און העסלעכקייט. און ווייל זיי האַלטן זיך פאַר פריי, זענען פון דעם אַנטשטאַנען באַגריפן ווי לויב און טאַדל, זינד און פאַרדינסט. . . .״

אין קורצן: עס זענען די מאַטעריעלע באַדערפעניש און דער אופן ווי אַזוי די באַדערפענישן זענען געוואָרן באַפרידיקט, וואָס האָבן מיט־געבראַכט די רעליגיע, די וויסנשאַפט (באַגריפן פון קאַלט און וואַרים), די מאָראַלישע און עסטעטישע באַגריפן.

X

ביי דעם פונקט הייבט מאַרקס אָן. מען קען אייגנטלעך זאָגן: ביי דעם פונקט הייבן זיי ביידע אָן: ספינאָזאַ און מאַרקס. ספינאָזאַ אַנטוויקלט פון דאַנען אָן זיין דערקענטעניש־טעאָריע און זיין מאָראַל, מאַרקס — זיין

סאָציאַליזם. אָבערביידנס וויכטיקסטע ארבעטן הייבן זיך אָן פון דעם פונקט. טיילמאָל זעט עס אויס ווי ספינאָזאַ וואָלט נישט געווען געשטאָרבן אין דעם יאָר 1677. עס זעט אויס ווי ער, אָדער זיין גייסט, וואָלט געווען אַנגעגאַנגען, דורך פאַרשידענע וואַנדלונגען, מיט זיין שטודירן און פילאָסאָפירן, נאָכפאָלגנדיק מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט און טיכטיקייט די דעראָבערונגען פון אַלע וויסנשאַפטן, און האָט נאָכדעם זיך דורכגעריסן, מיט גרויס אימפּעט און טאַלאַנט, פאָרטצוזעצן זיין לערע, לויט דעם ניי־געוואונענעם שטאַנדפּונקט, אין דער פּערזאָן און אין דעם געשטאַלט פון קאַרל מאַרקס.

ווי עס איז שוין געווען באַמערקט, איז פאַר מאַרקסן געווען פאַר־ענדיקט די קריטיק פון דער רעליגיע, לכל הפּחות פאַר דייטשלאַנד. אָבער אים האָבן באַשטורעמט אַנדערע ספקות, וואָס האָבן געזוכט אַ תּיקון. די ערשטע ארבעט, וואָס מאַרקס האָט אונטערגענומען צו פאַרענטפערן די דאָזיקע ספקות, איז געווען אַ קריטישע רעוויזיע פון העגעלס פילאָסאָפיע פון רעכט. דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען, ווי מאַרקס אַליין דערציילט אונדז, פאָלגענדער:

„מיין אונטערזוכן האָט צוגעפירט צו דעם שלום, אַז געזעץ פאַר־העלטעניש, ווי שטאַטס־פאָרמען, זענען נישט צו באַגרייפן אויס זיך אַליין, און אויך נישט אויסער דער אַזוי־גערופענער אַלגעמיינער אַנט־וויקלונג פון דעם מענטשלעכן גייסט, נאָר אַז זיי זענען גיכער איינ־געוואָרצלט אין די מאַטעריעלע לעבנס־פאַרהעלטענישן, וואָס זייער סך־הכּל העגעל . . . האָט צוזאַמענגעפאַסט אונטער דעם נאָמען „בירגערלעכע געזעלשאַפט“. אַז אָבער די אַנאַטאָמיע פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט דאַרף מען זוכן אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. . . .

. . . דער אַלגעמיינער רעזולטאַט, וואָס האָט זיך מיר געגעבן . . . קען אין קורצן פאָרמולירט ווערן אַזוי: אין דער געזעלשאַפטלעכער פּראָ־דוקציע פון זייער לעבן, גייען די מענטשן איין אויף באַשטימטע, נויט־ווענדיקע, פון זייער ווילן אומאָפּהענגיקע פאַרהעלטעניש, פּראָדוקציאָנעלע פאַרהעלטעניש, וואָס אַנטשפּרעכט אַ באַשטימטע שטופע פון אַנטוויקלונג פון זייערע מאַטעריעלע פּראָדוקטיווע קרעפטן. דער סך־הכּל פון די דאָזיקע פּראָדוקציאָנעלע פאַרהעלטענישן מאַכט אויס די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, דער רעאַלער באַזיס, וואָס אויף אים הייבט זיך אויף אַ יוריסטישער און פּאָליטישער איבערבוי, און וועלכע אַנטשפּרעכן באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען פון באַוואוסטזיין. דער אופן פון דער פּראָדוקציע פון דעם מאַטעריעלן לעבן באַדינגט דעם סאָציאַלן, פּאָליטישן און גייסטיקן לעבנס־פּראָצעס איבערהויפּט. עס איז נישט דאָס באַוואוסטזיין פון די מענטשן, וואָס באַשטימט זייער

זיין, נאָר פאַרקערט, זייער געזעלשאַפטלעך זיין באַשטימט זייער באַוואוסט־זיין. . . ."

דאָ האָבן מיר, אין מארקסן, די הויפּט־עלעמענטן פון דער ספּינאָזיס־טישער פילאָסאָפיע, מיט איין גרויסן אונטערשיד — די געזעלשאַפט! ספּינאָזאַ האַנדלט פון דער נאַטור, וואָס ער רופט סובסטאַנץ אָדער גאָט, מארקס פאַרנעמט זיך מיט דער געזעלשאַפט. מאַרקסעס „געזעלשאַפט" פאַר־קערפּערט אין זיך די זעלביקע „אַטריבוטן", וואָס ספּינאָזאַס סובסטאַנץ. די געזעלשאַפט, ווי די סובסטאַנץ, שליסט אין זיך איין דעם באַגריף פון נויטווענדיקייט און פון עקסיסטענץ. זי איז אומעטום. דער מענטש קען נישט לעבן אָן איר אָדער אויסערהאַלב אירע גרענעצן. פּונקט ווי די סובסטאַנץ, האָט זי נישט קיין אָנהייב און קיין סוף, ווייל קיינער ווייסט נישט פון קיין צייט ווען זי האָט נישט עקסיסטירט, און קיינער קען זיך נישט פאָרשטעלן אַ צייט, ווען זי וועט אויפהערן צו עקסיסטירן. די נויט־ווענדיקייט, דעם דעטערמיניזם, וואָס ספּינאָזאַ געפינט אין דער נאַטור, זעט מארקס אין דער געזעלשאַפט. בעת זיי ביידע פאַרלייקענען דעם פרייען ווילן אין דעם מענטשן, אָנערקענען זיי ביידע אַ פרייהייט פון האַנדלונג. פרייהייט אין דער נויטווענדיקייט רופט ספּינאָזאַ יענע האַנדלונג, וואָס איז אין פולשטענדיקן איינקלאַנג מיט דער נויטווענדיקייט פון דער נאַטור פון דער זאַך וואָס האַנדלט. (דאָס וואָס מענטשן רופן פרייען ווילן, רופט ספּינאָזאַ חשק, באַגער, וואָס האָט מיט פרייהייט גאָר נישט צו טון). פּונקט ווי אין דער נאַטור, זענען די געזעצן פון דער געזעלשאַפט נויט־ווענדיק און קיינער קען זיך פון זיי נישט באַפרייען אָדער אויסבאַהאַלטן. די טרעגער און די באַשעפער פון די געזעצן, אמת, זענען די מענטשן, אָבער עס זענען נישט די מענטשן וואָס דיקטירן די געזעצן. „די מענטשן גייען איין אויף באַשטימטע, נויטווענדיקע, פון זייער ווילן אומאָפּהענגיקע פאַרהעלטעניש", וואָס באַשטימען וואָס די געזעצן זאָלן זיין און ווי אַזוי זיי זאָלן ווערן געמאַכט און דורכגעפירט. דער מענטש גופא, לויט מארקסן, איז די קרעאַטור פון דער געזעלשאַפט. „דער מענטש איז אין דעם אויס־געשפּראָכנסטן זין פון דעם וואָרט אַ געזעלשאַפטלעך באַשעפעניש, נישט נאָר אַ געזעלשאַפטלעכע חיה, נאָר אַ באַשעפעניש וואָס קען זיך אַנט־וויקלען צו ווערן אַ פּערזענלעכקייט נאָר אין דער געזעלשאַפט."*) די צוויי

*) זע אינטראָדוקציע צו „צור קריטיק דער פּאָליטישן עקאָנאָמיע". די דאָזיקע „אינטראָדוקציע" האָט קאַרל קאוטסקי געפונען צווישן מאַרקסעס נישט־פאַרעפנטלעכטע שריפטן און ער האָט זי פאַרעפנטלעכט אין דער „נייער צייט"

אַטריבוטן, אויסשפּרייטונג און דענקען, פּאַסן זיך אויף דער געזעלשאַפט נישט ווייניקער ווי אויף דער סובסטאַנץ. מאַרקס געברויכט דעם געדאַנק פון אויסשפּרייטונג און דענקען נישט אויף דער געזעלשאַפט, אָבער ער ווענדט אים אָן אויף דעם מענטשן אין דער פאָרמע פון „זיין און באַוואוסטזיין". עס איז דאָס זיין וואָס באַשטימט, לויט אים, פּונקט ווי לויט ספּינאָזאַן, דאָס באַוואוסטזיין, אָבער עס איז נישט דאָס סתם זיין, נישט דאָס אינדיווידועלע זיין, נאָר דאָס געזעלשאַפטלעכע זיין, וואָס באַשטימט דאָס באַוואוסטזיין. ספּינאָזאַ האַלט, אַז „די אָרדנונג און די פאַרקניפּונג פון די אידעען איז דיזעלביקע ווי די אָרדנונג און פאַרקניפּונג פון די זאַכן" („עטיק", צווייטער טייל, לערזאַץ 7). ד. ה. די זאַכן (דאָס זיין) זענען פריער און זיי באַשטימען די אידעען (דאָס באַוואוסטזיין) פון די זאַכן אין דערזעלביקער אָרדנונג און פאַרבינדונג ווי די זאַכן זענען. ביי מאַרקסן ענדערט זיך דאָס באַוואוסטזיין אין איינשטימונג מיט די ענדערונגען פון דעם געזעלשאַפטלעכן זיין.

מאַרקסעס „געזעלשאַפט" איז אויך גלייך צו ספּינאָזאַס סובסטאַנץ מיט דעם, וואָס מיט איר גאַנצער אַלמעכטיקייט און אומעטומקייט איז זי נישט מער ווי אַ מעטאַפיזישער, אָדער אידעאַלער, באַגריף, וואָס מען קען באַגרייפן אָבער נישט אָנגרייפן. פּונקט ווי ספּינאָזאַ איז פון זיין סובסטאַנץ צוריק־געקומען צו דעם מענטשן, אַזוי קומט אויך מאַרקס פון דער געזעלשאַפט צו די מענטשן, צו די „מאָדי", צו רעדן מיט ספּינאָזאַס שפּראַך.

און עס איז גראָד ביי דעם פּונקט, וואו דער מאַרקסיזם גיט זיין שטאַרקסטע שטיצע צו דעם ספּינאָזיזם.

ווען ספּינאָזאַ קומט מיט אַמאָל צוריק פון זיין סובסטאַנץ—גאָט צו דעם מענטשן, געפינט ער, אַז עס זענען די אַפּעטיטן, די לײדנשאַפט, די אייגענצניקייט, דער צוועק, וואָס האָבן געפירט דעם מענטשן צו זיין גלויבן, צו זיין רעליגיע, צו זיינע באַגריפן פון מאָראַל און עסטעטיק. ספּינאָזאַ האָט אָבער נישט געקענט די מיטל, דורך וועלכע די „מאַטעריעלע באַדערפעניש" פאַרוואַנדלען זיך אין זאַכן, וואָס זענען ריין גייסטיק. מיט אַנדערע ווערטער: ווי אַזוי די „מאַטעריע" האָט גורם געווען די גאַנצע קולטור. ער מוז אָנקומען צו דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם יחיד, וואָס ער

---

פון מערץ 1903, מיט אַ געהעריקער באַמערקונג. די אינטראָדוקציע איז איבער־געזעצט און איבערגעדרוקט געוואָרן אין נ. ר. סטאָונ'ס ענגלישער איבערזעצונג פון דער „צור קריטיק", פון וואַנען איך ציטיר.

האָט פון איין זייט באַטראַכט פאַר אייביק און אומפאַרענדערלעך, און וואָס ער האָט צו דערזעלביקער צייט געזוכט אויסצובעסערן, ד. ה. צו ענדערן. דאָס האָט אים אויך געפירט צו אַ קאָנפליקט אין זייער וויכטיקע פאַלן מיט זיין אייגענער לערע פון דעטערמיניזם. ווען ספינאָזאַ קומט צו האַנדלען וועגן רעכט און געזעץ, שרייבט ער: „ווען איך בין אויך אומ־באַדינגט מודה, אַז אַלץ איז באַשטימט צו עקסיסטירן און צו ווירקן לויט די אַלגעמיינע נאַטור־געזעצן, זאָג איך דאָך, אַז די דאָזיקע (די געזעצן. י. מ.) זענען אָפּהענגיק פון דעם, ווי עס געפעלט די מענטשן." („טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט", פערטעס קאַפּיטל, זייט 78 פון דער דייטשער אויס־גאַבע).

פון דעמדאָזיקן ווידערשפּרוך ווערט דער ספּינאָזיזם באַפרייט, ווען מען שטעלט צו אים צו מאַרקסעס אידעע פון דעטערמיניזם אין דער געזעלשאַפט.

די מענטשן אין מאַרקסעס געזעלשאַפט האָבן דיזעלביקע אַפּעטיטן און אייגעננוציקע פאַרלאַנגען, וואָס ספּינאָזאַס אינדיווידועלע מענטשן האָבן. מאַרקס רופט דאָס מאַטעריעלע באַדערפעניש. די דאָזיקע באַדערפענישן אַליין זענען נישט סטאַטיש. זיי זענען דינאַמיש, זיי באַוועגן זיך און אַנטוויקלען זיך און פאַרגרעסערן זיך אַזוי, אַז זיי שליסן איין אַלע באַקוועמלעכקייטן, וואָס די ציוויליזאַציע פון יעדער פּעריאָדע האָט באַשאַפן פאַר דעם מענטשן. אָבער דאָס אַליין איז נישט גענוג. צו דעם קומט צו נאָך עטוואָס, וואָס, ווי עס שיינט, ספּינאָזאַ האָט אין זיין געדאַנקען־צירקל נישט אַריינגעצויגן. די מאַטעריעלע באַדערפענישן מוזן נעמלעך ווערן פּראָ־דוצירט. צו דער פּראָדוקציע מוז מען האָבן געציג, און זי מוז אָנגיין געזעלשאַפטלעך. די אינדיווידועלע באַדערפענישן ווערן אַזוי אַרום די אַקס, אַרום וועלכער עס באַוועגן זיך אַלע טעטיקייטן פון דער אַלץ־אַרומנעמענ־דיקער געזעלשאַפט. דאָס זענען די פאַקטאָרן, וואָס ברענגען די מענטשן נויטווענדיק אין געוויסע פאַרהעלטענישן. ביי מאַרקסן הייסט דאָס די פּראָדוקציאָנעלע פאַרהעלטענישן און די פּראָדוקטיוו־קרעפטן — די פּראָ־דוקטיוו־קרעפטן, דאָס שליסט איין די גאַנצע טעכניק פון יעדער פּעריאָדע, ווי זי ענדערט זיך און אַנטוויקלט זיך צוזאַמען מיט די באַדערפענישן. די ערשטע און די פונדאַמענטאַלסטע טעטיקייט פון דעם מענטשן, די באַ־שאַפונג פון לעבנסמיטל, זאָגט מאַרקס, מוז אָנגיין בציבור. אין אַלע צייטן פון דער מענטשלעכער עקסיסטענץ, אויף יעדער שטופע פון איר אַנט־וויקלונג, איז דידאָזיקע טעטיקייט געווען אַ געזעלשאַפטלעכע, און זי וועט

דאָס אַלעמאָל בלייבן. נאָך מער. מיט דעם צונעמענדען פאָרשריט פון דער ציוויליזאַציע, אַנטוויקלט זיך די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכקייט אין דער פּראָדוקציע אַלץ מער און מער. מען קען זיך פונקט אַזוי ווייניק פאָרשטעלן די פּראָדוקציע פון אַ יחיד, זאָגט ווייטער מאַרקס, ווי מען קען זיך פאָר־שטעלן די אַנטוויקלונג פון אַ שפּראַך אָן מענטשן וואָס זאָלן די שפּראַך רעדן צווישן זיך. און ווייל די פּראָדוקציע איז אַלעמאָל געזעלשאַפטלעך, ווערט דורך איר באַשטימט די פאָרמע פון אייגנטום, און ממילא אויך די ראָלע פון דעם שטאַט, וואָס זיין עובדא איז צו באַשיצן דאָס אייגנטום און אַלע אַנדערע רעכט, וואָס שפּראָצן פון דעם אַרויס. אָבער אויך די גייסטיקע קולטור, ווי רעליגיע, פילאָסאָפיע, געזעצגעבונג, קונסט, מאָראַל און די העכערע אידעאַלן האָבן זייערע וואָרצלען אין דער עקאָנאָמישער גרונדלאַגע פון דער געזעלשאַפט.

דאָס לעצטע איז, וואָס מאַרקס רופט די איבערגעבײדע.

## XI

דער מיט גאָט פאַרשיכורטער ספינאָזאַ און דער גרויסער אַטעאיסט און מאַטעריאַליסט מאַרקס שטייען, בכן, גאָר נישט אַזוי ווייט אָפּגעזונדערט איינער פון דעם אַנדערן. ביי ספינאָזאַ איז דאָס גאָט, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אונטער זיינע הענט צו סובסטאַנץ, וואָס איז סוף כל סוף נישט מער ווי דער באַגריף פון מאַטעריע ווי זי ווערט מאַניפעסטירט אין דעם מענטשן, און דורך דעם מענטשן, און דער מענטש גופא מיט זיין אייגעננוציקייט און זיינע פאַרלאַנגען, וואָס פאָרמירן זיין גלויבן און זיינע אידעאַלן; ביי מאַרקסן איז דאָס די געזעלשאַפט, וואָס איז אייגנטלעך אַן אידעאַלער באַגריף פון די מענטשלעכע פאַרהעלטענישן, וואָס זענען דער פועל יוצא פון די מאַטעריעלע באַדערפענישן, וואָס ווערן פון זייער זייט די גרונדלאַגע פאַר אַן אידעאַלן איבערבוי; ביי ספינאָזאַן, אַ שטרענגער דעטערמיניזם אין דער נאַטור, און פרייהייט אינערהאַלב דעם דעטערמיניזם; ביי מאַרקסן, אַ שטרענגער דעטערמיניזם אין דער געזעלשאַפט, און פרייהייט אינערהאַלב דער נויטווענדיקייט. מיט איין וואָרט: ביי ספינאָזאַ, אַ גאָטהייט וועמעס וואָרצלען עס שטעקן טיף אין דער מאַטעריע, און אַ מאַטעריע וואָס דער־הייבט זיך צו דער גאָטהייט; ביי מאַרקסן, די העכסטע מענטשלעכע אידעאַלן וואָס שטייען מיט די פיס אויף דער „עקאָנאָמישער גרונדלאַגע", און „מאַטעריעלע באַדערפענישן" וואָס דערהייבן דעם קאָפּ צו די העכסטע

מענטשלעכע אידעאַלן — צו זוכן דאָס גליק פאַר דער גאַנצער מענטשהייט פאַר אַלע צייטן.

נון, קען אַצינד קומען איינער און פרעגן: ווי אַזוי פאַרטראָגן זיך ספּינאָזאַס מאָראַל־לערע מיט מאַרקסעס קלאַסנקאַמף?

די דאָזיקע פראַגע איז גאָר נישט אַזוי שווער צו פאַרענטפערן, ווי דער פרעגער קען מיינען. ספּינאָזאַ, אפשר דער מאָראַלישסטער פון אַלע מענטשן וואָס האָבן ווען עס איז געלעבט, וואָס ער רופט זיין הויפּט־ווערק עטיק (מאָראַל) — ספּינאָזאַ לייקנט אין גאַנצן די עקסיסטענץ פון מאָראַל — פאַר אים איז קיין זאַך נישט מאָראַליש און נישט אוממאָראַליש. אַלץ וואָס איז גוט פאַר דעם מענטשן איז רעכט פאַר אים צו ווען. יעדער מעג פאַרלאַנגען אַלץ וואָס ער קען דערלאַנגען, אָדער, אין ספּינאָזאַס אייגענע ווערטער: „יעדער האָט אַזוי פיל רעכט וויפיל ער האָט מאַכט."

אין דעם שיינט צו שטעקן אַ גרויסער ווידערשפּרוך צו דער אָנגענומענער מאָראַל, אָבער גראָד דאָס איז ספּינאָזאַס וועג צו דער העכסטער מאָראַל. די מאָראַל פון דער אידישער רעליגיע דריקט זיך אויס אין דעם גרויסן כלל, „ואהבת לרעך כמוך" (דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין). דאָס קריסטנטום, ווי מאַנכע ווילן האָבן, איז געגאַנגען ווייטער מיט דעם זאָץ: „דו זאָלסט ליב האָבן דיין שונא." ספּינאָזאַ גייט נישט אויף איינעם פון די וועגן. לויט אים זענען זיי ביידע נישט פאַרנינפטיק, ווייל נישט נאַטירלעך, און, די הויפּט־זאַך, קיינער פאָלגט זיי נישט. „זיי מאַכן זיך, אמת, גילטיק אויף דעם שטאַרב־בעט, ווען די קראַנקהייט איז געוואָרן דער מושל איבער דער ליידנשאַפט, . . . אָדער אין די קירכן, וואו די מענטשן האָבן צווישן זיך נישט קיין באַציאונג." („וועגן דעם שטאַט", זייט 7). אָבער ווייטער גרייכן זיי נישט.

ספּינאָזאַ הייבט דערפאַר אָן זיין מאָראַלישן כלל מיט דעם זאַץ: „ליב דיך אַליין!" טו נאָר דאָס, וואָס איז גוט פאַר דיר.

ספּינאָזאַ שרייבט:

> „אַזוי ווי די פאַרנונפט פאָדערט נישט קיין זאַך וואָס איז דערווידער דער נאַטור, פאָדערט זי אַזוי אַרום, אַז יעדער זאָל זיך אַליין ליב האָבן, זאָל זוכן זיין אייגענעם נוצן, און זאָל באַשטרעבן אַלץ דאָס, וואָס פירט דעם מענטשן צו גרעסערע פולקומענהייט; אַז יעדער זאָל זיין באַשטרעבט, אויף וויפיל עס ליגט אין זיין קראַפט, צו דערהאַלטן זיין עקסיסטענץ." („עטיק". פערטער טייל, אָנמערקונג צו לערזאַץ 18).

און באַלד נאָכדעם, אין דערזעלביקער באַמערקונג, שרייבט ער ווייטער:

„איך האָב דאָס געשריבן כּדי צו געווינען, אויב מעגלעך, די אויפ־מערקזאַמקייט פון די וואָס גלויבן, אַז דער פּרינציפּ לויט וועלכן יעדער דאַרף זוכן זיין נוצן איז די גרונדלאַגע פון אויסגעלאַסנקייט, און נישט די גרונדלאַגע פון טוגענד און פליכט געפיל."

מיט אַנדערע ווערטער: „די גרונדלאַגע פון טוגענד און פליכט געפיל" ליגט גראָד אין דעם זוכן פון אייגענעם נוצן און דעם אייגענעם גוט. די פראַגע איז נאָר, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט? וואָס איז דער אייגענער נוצן, און וואָס איז דער אייגענער שאָדן?

אָט אין דעם אויסטייטש פון די ווערטער ליגט ספּינאָזאָס גרויסע מאָראַל־לערע.

ספּינאָזאַ שרייבט:

„מיר רופן גוט אָדער שלעכט דאָס, וואָס איז נוצלעך אָדער וואָס איז דערווידער די דערהאַלטונג פון אונדזער עקסיסטענץ, ד. ה דאָס וואָס פאַרמערט אָדער פאַרמינדערט, וואָס באַפעדערט אָדער פאַרהינדערט די קראַפט פון אונדזער ווירקונג, און אויף אַזוי פיל, דערפאַר, ווי מיר ווערן געוואויר אַז עטוואָס אין אונדז פאַרשאַפט אונדז פרייד אָדער טרויער, רופן מיר דאָס גוט אָדער שלעכט. די דערקענטעניש פון גוט אָדער שלעכט איז נישט מער ווי די אידעע פון פרייד און טרויער."
(„עטיק", 4טער טייל, באַמערקונג צו לערזאַץ 8).

שמחה און עצבות!

דאָס איז דער פונדאַמענט פון ספּינאָזאָס מאָראַל. אָבער דאָס איז נישט די שמחה און עצבות פון דעם חסידיזם, וואָס ווערט אַרויסגערופן אָדער פאַרטריבן דורך אַ גלעזל בראַנפן אָדער אַן אַנדער באַרויש־מיטל. ספּינאָזאַ דערלאָזט נישט קיין קינסטלעכע מיטלען. ווען ער רעדט פון פרייד, מיינט ער באַשטענדיקע פרייד, נישט מאָמענטאַנע לוסטיקייט. „פרייד", לויט זיין דעפיניציע, „איז דעם מענטשנס איבערגאַנג פון קלענערער פולקומענהייט צו גרעסערער", „טרויער", פאַרקערט, „איז דעם מענטשנס איבערגאַנג פון גרעסערער פולקומענהייט צו קלענערער". פרייד קומט צום מענטשן פון דעם אינערלעכן באַוואוסטזיין, אַז ער לעבט זיך אויס אין איינקלאַנג מיט דעם תוך פון זיין מענטשלעכער נאַטור, וואָס איז די געטלעכע נאַטור. פרייד איז דערפאַר קלאָרקייט אין דענקען, וואָס קומט פון אויסבעסערן דעם פאַר־שטאַנד און אָנווענדן די פאַרנונפט. וואָס דאָס אַלץ מיינט, קען מען זיך פאָרשטעלן פון דעם, וואָס אין דער קאַטעגאָריע פון טרויער רעכנט ספּינאָזאַ אַריין גדלות, שפלות, שנאה, קנאה, צאָרן, כעס, גרויזאַמקייט, מורא, פאַרצווייפלונג, אַנטריסטונג, ערגייץ, חרטה און מיטלייד. אפילו

רעליגיעזע פרומקייט, אויס מורא פאַר דעם גיהנום, גייט אַריין אין דעם חשבון פון עצבות, און, דערפאַר, אוממאָראַליטעט.

פון דעם אַליין קען מען שוין זען, אַז ביי ספּינאָזאַ איז די שמחה און עצבות נישט אַזאַ איינפאַכע זאַך. זיין מאָראַל איז אויך דערפאַר אַ גאַנץ אַנדערע. ווען ער רעדט פון דעם יחיד איז „טוגענד און קראַפט ביי אים איינס און די זעלביקע זאַך" („עטיק", 4טער טייל, דעפיניציע 8). קומט ער צום שטאַט, איז „זיכערהייט די טוגענד פון דעם שטאַט".

## XII

ספּינאָזאַס מאָראַל, זייענדיק געבויט אויף די פאַרלאַנגען און אַפּעטיטן פון דעם יחיד, געפינט דערפאַר איר אויסגאַנג אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם יחיד. מיר האָבן שוין פריער באַמערקט, אַז ספּינאָזאַן האָבן געפעלט צוויי מאָדערנע גרונד־באַגריפן — די באַגריפן פון געזעלשאַפט און פון עוואָלוציע. פאַר אים איז דער מענטש אַ סתם מענטש, אַלס אַ טייל פון דער אַלגעמיינער נאַטור. דאָס גוטע איז דערפאַר אַלעמאָל גוט, און די מאָראַל איז אַלעמאָל דיזעלביקע. אַן אייביקער מענטש, אייביקע גוטסקייט, אָדער שלעכטקייט, און דערפאַר — אַן אייביקע מאָראַל.

קאַרל מאַרקס, אין זיין פּערזענלעכן לעבן, ווי אין זיין פילאָסאָפיע, נישט ווייניקער מאָראַליש פון ספּינאָזאַ, איז איינשטימיק מיט אים, אַז די מאָראַל אַלס אַזעלכע עקסיסטירט נישט; צוזאַמען מיט אים, האַלט ער אַז דער מענטש דאַרף זוכן זיין גוטס; צוזאַמען מיט אים זוכט ער דאָס גוטס פון דער גאַנצער מענטשהייט, אָבער ביי מאַרקסן איז דער מענטש אַן אַנדערער. „דער מענטש, דאָס איז די וועלט פון מענטשן!" ער איז נישט קיין סתם מענטש. ער איז די קרעאַטור פון דער געזעלשאַפט אין וועלכער ער לעבט. זיין מאָראַל איז דערפאַר נישט די האַנדלונג פון סתם אַ יחיד קעגן אַן אַנדער סתם יחיד. עס איז די האַנדלונג פון יחידים צווישן זיך, וואָס קומען אין שייכות אַלס רעזולטאַט פון געזעלשאַפטלעכער פּראָ־דוקציע. מאָראַל אין זיך אַליין און פאַר זיך עקסיסטירט דערפאַר נישט. ס'איז אַ געזעלשאַפטלעכע זאַך. דאָס איז מאָראַליש און יושרדיק, וואָס די געזעלשאַפט האַלט פאַר מאָראַליש און יושרדיק. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. די געזעלשאַפט איז אַ קאָמפּליצירטע זאַך. זי איז פאַרטיילט אין קלאַסן, און אויף אַזוי פיל איז די מאָראַל אַ קלאַסן־מאָראַל. די מאָראַלישע באַנעמונג פון די פּריצים צווישן זיך איז געווען אַנדערש ווי זייער מאָראַלישע באַנעמונג צו די שקלאַפן, און פאַרקערט. אַזוי ענדערן

זיך ווידער די מאָראַלישע באַגריפן, ווען די קאַפּיטאַליסטן פאַרנעמען דאָס אָרט פון די פּריצים, און די אַרבעטער — פון די שקלאַפן.

אָבער אויך דאָס איז נאָך נישט די גאַנצע געשיכטע: די פאָרמע פון דער געזעלשאַפט אַליין איז נישט אייביק. זי ענדערט איר סטרוקטור לויט דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־מיטל. די מאָראַל איז אַזוי אַרום נישט נאָר נישט די זעלביקע פאַר אַלע קלאַסן, זי איז אויך נישט די זעלביקע פאַר אַלע צייטן.

אין זיין קריטיק אויף פּרודהאָנען שרייבט מאַרקס:

„הער פּרודהאָן, דער עקאָנאָם, האָט גאַנץ גוט באַגריפן, אַז די מענטשן גרייטן צו טוך, לייווענט, זיידנשטאָפן אונטער באַשטימטע פּראָדוציר־פאַרהעלטעניש. אָבער וואָס ער האָט נישט באַגריפן איז, אַז די דאָזיקע באַשטימטע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן זענען פּונקט אַזוי גוט די פּראָדוקציע פון די מענטשן, ווי עס איז טוך, לייווענט א. אַ. די סאָציאַלע פאַרהעלטעניש זענען ענג פאַרקניפּט מיט די פּראָדוקטיווע קרעפטן. מיט דער דערוועמבונג פון נייע פּראָדוקטיווע קרעפטן פאַרענדערן די מענטשן דעם אופן פון זייער פּראָדוקציע, און מיט דער פאַרענדערונג דעם אופן פון זייער פּראָדוקציע, צו געווינען זייער לעבנס אונטערהאַלט, פאַרענדערן זיי זייערע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן.“ („דאָס עלנד דער פילאָסאָפיע“, זייט 101).

אָט אין דעם צוזאַמענהאַנג קומט מאַרקס צו דעם קלאַסנקאַמף.

מאַרקס האָט דעם קאַמף צווישן די קלאַסן נאָר דערקלערט, אָבער נישט אויסגעקלערט. ער האָט אים אויך נישט געפּריידיקט אָדער געזוכט צו באַפעדערן. אדרבא, מאַרקסעס גאַנצע טעטיקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אָנגעווענדט אַלע זיינע אומגעווייגטלעכע גייסטיקע קרעפטן אָפּצושאַפן די קלאַסן אין דער געזעלשאַפט.

צוליב דער אַלגעמיינער מיספאַרשטענדעניש, ריכטיקער אומפאַרשטענדעניש, פון דער קלאַסנקאַמף אידעע, וויל איך זיך דאָ אָפּשטעלן אַ ביסל לענגער אויף דעם פּונקט:

„דער קאַמף אומס דאזיין“ (מלחמת הקיום) אַלס הויפּט־פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון די מינים, איז דער כּלל גדול אין דער דאַרווינישער טעאָריע פון עוואָלוציע. דאָס איז געווען דאָס לעצטע וואָרט אין דער ביאָלאָגישער וויסנשאַפט אין דער צווייטער העלפט פון דעם 19טן יאָר־הונדערט. ביי דעם האָט דאַרווין זיך אָפּגעשטעלט. אַ געזעץ פון דער נאַטור. וואָס קען מען העלפן?

אָבער אויך די ערשטע העלפט פון דעם 19טן יאָרהונדערט האָט

געהאַלטן פון דעם. דאָס איז געווען דער אינדיווידואַליזם אין דער אינ־דוסטריע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אין דעם סוף פון דעם 18טן יאָרהונדערט, אַלס רעזולטאַט פון די ענדערונגען אין דעם אופן פון דער פּראָדוקציע. דאָס איז געווען דער פּרינציפּ פון laissez faire (זאָל יעדער טאָן ווי אים געפעלט), וואָס דער תוך דערפון איז אייגנטלעך געווען אַן אַלגעמיינער קאַמף פון יעדן קעגן יעדן.

דאַרווין האָט זיין גרויסן געדאַנק וועגן „קאַמף אומס דאַזיין" אייגנט־לעך איבערגענומען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, ווי ער אַליין דערציילט דאָס, און האָט אים אַריבערגעטראָגן אויף דעם געביט פון דער ביאָלאָגיע מיט גרויס דערפאָלג.

אַצינדער, ווען דער קאַמף איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון דער וויסנ־שאַפט אַלס נאַטור־געזעץ, איז דאָס ערשט רעכט אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס התלהבות, און איז צוריק אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער געזעל־שאַפטס־לערע. איצט איז דאָס געוואָרן אַ מיטל פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. נישט נאָר האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט די מיליטאַריסטן און אינדוסטריאַליסטן, נאָר אויך די שטאַטסמענער, די געלערטע און די מאָראַליסטן. קאַמף, איז געוואָרן דאָס העכסטע און דאָס שענסטע מיטל פאַר דעם מענטשלעכן פּראָגרעס: קאָנקורענץ צווישן געשעפטן, אַנטאַ־גאָניזם צווישן אינדוסטריעס און מלחמות, ברוטאַלער מאָרד און פאַר־ניכטונג צווישן פעלקער — דאָס זענען באַטראַכט געוואָרן אַלס די העכסטע טוגענדן פון דער מענטשהייט.

היינט צו טאָג איז די דאַזיקע לערע שטאַרק אָפּגעשוואַכט אין דער וויסנשאַפט און אויך אין דער אינדוסטריע, הגם זייער ווייניק צווישן די פעלקער. היינט ווייסט די וויסנשאַפט, אַז „דערפאָלגרייכע אָרגאַניזמען מאָדיפיצירן זייער אומגעבונג. יענע אָרגאַניזמען זענען דערפאָלגרייך, וואָס מאָדיפיצירן זייער אומגעבונג אַזוי, אַז זיי העלפן איינער דעם אַנדערן." *)

פּעטער קראָפּאָטקין האָט זייער פיל בייגעטראָגן צו דער אידעע מיט זיין „קעגנזייטיקע הילף".

אַ מערקווירדיק אינטערעסאַנטער פאַקט איז דאָס, וואָס גראָד מאַרקסעס קלאַסנקאַמף איז געבויט אויף דער דאַזיקער אידעע. מאַרקס האָט נישט געוואַרט אויף דאַרווינען, און אויך נישט אויף קראָפּאָטקינען. ער האָט אָנגעהויבן פאַר דעם ערשטן און איז געגאַנגען אַזוי ווייט ווי דער

*) A. N. Whitehead. Science and the Modern World. P. 288.

צווייטער. אומגעפער צוואַנציק יאָר פאַר דאַרווינען, אין דעם יאָר 1848, האָט שוין מאַרקס, צוזאַמען מיט פרידריך ענגעלס, אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט”, אויפגעשטעלט די לערע פון קלאַסנקאַמף. דאָס אַליין איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. דאָס איז נישט אַ קאַמף פון יעדן קעגן יעדן, עס איז נישט אַ קאַמף פון איין יחיד קעגן אַן אַנדער יחיד, נאָר פון אַ קלאַס קעגן אַ קלאַס. דער קאַמף פון קלאַסן פאָדערט פאַר אַלעם אחדות, סאָלידאַריטעט און קעגנזייטיקע הילף אינערהאַלב דעם קלאַס. אָן קעגנזייטיקער הילף איז קלאַסנקאַמף אוממעגלעך און אומדענקבאַר. קראָפּאָטקינס קעגנזייטיקע הילף איז נישט מער ווי דאָס. קעגנזייטיקע הילף פון אינעווייניק, קאַמף פון אויסנווייניק. די הויפּט זאַך אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס מאַרקס האָט זיך ביי דעם קאַמף נישט אָפּגעשטעלט, ווי דאַרווין האָט דאָס געטאָן. פון אָנפאַנגס אָן פאַרנעמט זיך מאַרקס אָפּצושאַפן די קלאַסן, און ממילא דעם קלאַסנקאַמף, צווישן די מענטשן. מאַרקס צילעוועט צו אַ געזעלשאַפט אָן קלאַסן.

דעמדאָזיקן ציל, אמת, האָט מאַרקס געזוכט צו דערגרייכן נישט דורך דעם, וואָס מען זאָל אַפּעלירן צו דעם יושר־געפיל, אָדער גאָר צו דעם רחמנות־געפיל פון די מענטשן. מאַרקס האָט נישט געזוכט קיין יושר און קיין גערעכטיקייט אין אַ וועלט וואָס איז דורך און דורך אומיושרדיק און אומגערעכט. אויב די מאָראַל איז אַ קלאַסנמאָראַל און האָט איר באַזיס אין די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן וואָס זענען אַ נויטווענדיקער רעזולטאַט פון דעם אופן פון דער פּראָדוקציע און דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־מיטלען (פּראָדוקטיווו קרעפטן) — ווער זאָל אַפּעלירן צו וועמען? און ווער זאָל זיין דער ערשטער בעל יושר? רעכט מוז מען זיך אויס־קעמפן, נישט אויסבעטלען. (דאָס האָט אויך ספּינאָזאַ געגלויבט). און דאָס דאַרף נישט זיין קיין קאַמף פון יחידים, דער קאַמף מוז געפירט ווערן אויף קלאַסן־ליניעס, נישט פון יחידים. די וויכטיקסטע פראַגע איז דערפאַר ביי מאַרקסן צו פאַרענדערן און אויסבעסערן די געזעלשאַפט דורך פאַר־ענדערונגען אין די פּראָדוקציאָנעלע פאַרהעלטענישן, בעת ספּינאָזאַ זוכט אויסצובעסערן דעם פאַרשטאַנד פון דעם יחיד.

> „די פילאָסאָפן האָבן די וועלט נאָר פאַרשידן אויסגעטייטשט, אָבער עס קומט דאַרויף אָן זי צו פאַרענדערן.“

אָט דאָס איז געווען די טיף־מאָראַלישע אויפגאַבע פון מאַרקסן. און עס איז, לויט אים, מעגלעך, ווייל דער מענטש איז די איינציקע חיה וואָס ענדערט זיין אומגעבונג און אויך זיך אַליין. „דער מענטש ענדערט די

נאַטור און פאַר איין וועגס ענדערט ער זיין אייגענע נאַטור", שרייבט מאַרקס.*)

דאָס פירט אונדז דירעקט צו דער לעצטער פון די וויכטיקע פראַגן אין דעם פּאַראַלעל צווישן ספינאָזאַ און מאַרקס, צו דער פראַגע פון פרייען ווילן. פון דעם וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, קען מען מיינען, אַז זיי ביידע גלויבן אין דעם פרייען ווילן פון דעם מענטש. אויב מאָראַל ווענדט זיך לויט איינעם אָן דער אויסבעסערונג פון דעם פאַרשטאַנד, און לויט דעם אַנדערן אָן דעם ענדערן פון דער געזעלשאַפט, מוז דאָך די מעגלעכקייט פאַר דעם ליגן אין דעם פרייען ווילן פון די מענטשן. אין אמתן אָבער לייקענען זיי ביידע דעם פרייען ווילן פון דעם מענטשן, ווי מיר האָבן געזען פון די פאַרשידענע ציטאַטן וואָס מיר האָבן געבראַכט פון ביידע. אָבער אויך דאָ געפינען מיר דעמזעלביקן אונטערשיד. דאָס וואָס איז ביי ספינאָזאַ פסיכאָלאָגיש און נאַטוראַליסטיש, איז ביי מאַרקסן געזעלשאַפט־לעך און היסטאָריש. ספינאָזאַ, ווי מיר האָבן שוין געזען, האַלט דאָס ווילן, דאָס באַגערן, נישט פאַר קיין פרייהייט. זייער אָפט איז דאָס ביי אים די אמתע קנעכטשאַפט. דאָס ווילן און דער ווילן זענען נישט דאָס־זעלביקע. לויט מאַרקסעס קוק, ווידער, איז די פרייהייט צו ווילן נישט גענוג. צו דער פרייהייט פון ווילן מוז נאָך צוקומען די קראַפט דאָס ווילן דורכצופירן אין לעבן, און דאָס ליגט קיינמאָל נישט אין די הענט פון דעם יחיד. דאָ ווירקן די געזעלשאַפטלעכע כחות, וואָס מאַכן אָפט בטל דאָס ווילן פון דעם יחיד. פון דעם קומט, וואָס קיינער פירט אייגנטלעך קיינ־מאָל נישט דורך וואָס ער וויל, סיי דאָס איז אַלס יחיד, סיי דאָס איז אַלס טייל פון דער געזעלשאַפט. קיין זאַך לאָזט זיך נישט אויס ווי עס ווילן די וואָס פּלאַנעווען עס. עס זענען אַלעמאָל די קרעפטן, וואָס שטייען הינטערן רוקן פון די מענטשן, וואָס באַשטימען די רעזולטאַטן. און עס איז נישט נאָר די געזעלשאַפטלעכע כחות פון היינט, וואָס איבן אויס אַ דרוק אויף די האַנדלונגען פון דעם מענטשן, עס איז אויך די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט.

„די מענטשן מאַכן זייער אייגענע געשיכטע, אָבער זיי מאַכן זי נישט אויס פרייע שטיקער, נישט אונטער זעלבסט־געוויילטע, זאָנדערן אונטער אוממיטלבאַרע, אָנגעגרייטע, געגעבענע, און געירשעטע אומ־שטענדן." („דער אַכצנטער ברומער", פון מאַרקס).

---

*) עס איז מיר ליידער אוממעגלעך אין דעם מאָמענט צו געפינען דעם פּלאַץ, וואו עס געפינט זיך דער אויבנציטירטער זאַץ, אָבער איך בין זיכער אין דעם.

צוזאַמען מיט זיין געוויינטלעכער משא, שלעפּט דער מענטש אויף זיך די לאַסט פון פריערדיקע דורות. און דאָך מאַכט ער זיין אייגענע געשיכטע.

עס זענען אָט די פונדאַמענטאַלע פּונקטן, וואו עס צייגט זיך צום בעסטן אַרויס די איבעראיינשטימונג, צום טראָץ פון דער פאַרשידנהייט, צווישן מאַרקס און ספּינאָזאַ, און וואו זיי שטיצן איינס דאָס אַנדערע. דאָס זענען:

1) סובסטאַנץ—נאַטור—גאָט (ביי מאַרקסן: די געזעלשאַפט).

2) דעטערמיניזם און פרייהייט אינערהאַלב דער נויטווענדיקייט.

3) די „מאַטעריעלע באַדערפעניש" אַלס גרונדלאַגע פאַר מאָראַל, רעליגיע, גלויבן, וויסנשאַפט און קונסט.

ווען עס וואָלט נישט געווען צו שפּעט אין דער געשיכטע, וואָלט איך פאָרגעשלאָגן צו ענדערן דעם נאָמען „היסטאָרישער מאַטעריאַליזם" אויף, לאָמיר זאָגן, פאַן־סאָציזם, אָדער אַן ענלעכן נאָמען אין נאָכאַמונג צו פאַנטעאיזם, און מיט דעם באַרואיקן די צאַרטע מענטשן, וואָס שרעקן זיך פאַר דעם וואָרט מאַטעריע.

אין דעם ניינצענטן יאָרהונדערט, ווען די גאַנצע וויסנשאַפט האָט זיך גערופן מאַטעריאַליסטיש, איז געווען אַן אורזאַך פאַר דעם פונדאַמענט פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם זיך צו רופן מאַטעריאַליזם. היינט אָבער, ווען די גאַנצע וויסנשאַפט גיט ביסלעכוויז אויף די באַצייכענונג, איז נישטאָ קיין גרונד פאַרוואָס „מאַטעריאַליזם" זאָל נאָך אַלץ קלעפּן צו דער פילאָסאָפיע פון מאַרקס. זי איז נישט מער, און נישט ווייניקער מאַטעריאַליסטיש, ווי עס איז דער ספּינאָזיזם.

איך וואָלט געקענט אָנגיין אַ סך וויטער אין מיין פאַרגלייך, ווען די צייט און דער פּלאַץ וואָלטן דערלויבט. אָבער איך האָף צו האָבן אַרויסגעבראַכט מיין הויפּט־פּונקט. מיט וועלכן דערפאָלג? דאָס איז נישט פאַר מיר צו אורטיילן.

## וו. נאַטאַנסאָן

# דאָס פּראָבלעם פון פרייען ווילן

## פון ספּינאָזאַ ביז בערגסאָן

דאָס פּראָבלעם פון פרייען ווילן ווערט כמעט פון אַלע פילאָסאָפן אוועקגעשטעלט אין מיטלפּונקט פון די פילע אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס שטעלן צונויף דאָס געוועב פון דער פילאָסאָפיע און אַלע אירע סיסטעמען.

די צוועקן און צילן פון אַלע מעטאַפיזישע פּלפּולים האָבן זייער ברען־פּונקט אין דעם פרייען ווילן פּראָבלעם. איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער מעטאַפיזישער פאָרטיפונג אין דעם תוך און תמצית פון דעם וועלטאַל איז, אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן, אַריינצוברענגען וואָס מער ליכט און קלאָרקייט אין דעם פּראָבלעם, וואָס האָט פון לאַנג אָן פאַרנומען דעם מוח, אַזוי גוט ווי דאָס האַרץ פון דעם מענטשן.

די פראַגע: איז דער ווילן פריי אָדער נישט? — איז איינע פון די פראַגן, וואָס לאָזט זיך ווייניקער פאַר אַלע אַנדערע פילאָסאָפישע פראַגן אויסמיידן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן שאַפן אַ פילאָסאָפישע וועלט־אַנשויאונג. שטרענג און עקשנותדיק פאָדערט זי, אַז מען זאָל זיך מיט איר רעכענען ביי יעדן איינציקן אַריינבליק אין די טיפעניש פון דעם זיין אָדער באַשאַף פון דעם „אַלץ", וואָס הייסט וועלט אָדער אוניווערס.

וויל נאָר איינער זיך אָפּגעבן דעם קלענסטן דין וחשבון מכח זיין שטעלונג צו דער וועלט וואָס איז אַרום אים, ד. ה. צו דער וועלט, וואָס ער נעמט אויף מיט זיינע חושים, און צו דער וועלט, וואָס איז איבער אים און שטייגט אַריבער די אויפנעמס־פעאיקייטן פון די חושים — מוז ער, אין זיינע טראַכטונגען וועגן די שייכותן צווישן אים און דיביידע וועלטן, וואָס האָבן זיך אַריינגעשניטן אין זיין באַוואוסטזיין, זיך אָנשטויסן, פריער אָדער שפּעטער, אויף דער פראַגע: איז יאָ אָדער נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי פרייער ווילן?

איידער מען איז פאַרטיק מיט דער פראַגע: צי האָב איך יאָ, צי האָב איך נישט אַ ווילן — וואָרים אַ ווילן, וואָס איז נישט פריי, איז דאָך אייגנטלעך קיין ווילן נישט — קאָן מען נישט אויף אַ פולן באַוואוסט־זיניקן אופן רעאַגירן אויף דער וועלט, וואָס איז אויסנווייניק פון אונדז,

און אודאי און אודאי נישט אויף דער וועלט, וואָס מיר שפּירן אינעווייניק אין אונדז!

די אגנאָסטיקער, למשל, האָבן באַוויזן זיך צו באַפרייען פון זייער איינגעבוירענעם רעליגיעזן לעכצן מיט דעם, וואָס זיי האָבן ביי זיך געפּועלט, און זיי האָבן עס אויך, ווי זיי האָבן געדענקט, פאַר אַנדערע פעסטגעשטעלט, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפענע מי זיך צו פאַרנעמען מיט דער גאָט־פראַגע — ווייל, אַלע ידיעות וועגן אים זענען נישט אין די גרענעצן פון מענטשלעכער דערקענטעניש. אינאיינעם מיט דער גאָט־פראַגע האָבן זיי באַזייטיקט פון זייער פילאָסאָפישן פאָרשן די פראַגע פון אומשטערבלעכקייט.

קיינער קאָן אָבער נישט געהערן צום קרייז פון פילאָסאָפן, מעג ער זיין אַן אגנאָסטיקער אָדער אַן אָנהענגער פון דער אַבסאָלוטער דער־קענטעניש, קיינער קאָן נישט שאַפן קיינע השערות וועגן דעם אונדז אַרומ־נעמענדיקן קאָסמאָס, און אין דער אייגענער צייט זיך אָפּצוזאָגן פון צו טראַכטן מכח דעם: צי איז דער מענטש יאָ אָדער נישט פריי אין זיין אויסוואַל פון באַנעמונגען און האַנדלונגען.

איטלעכס פאָרשן און גריבלען זיך אין די סודות פון דער נאַטור באַצוועקט צו פאַרטרייבן וואָס מער די וואָלקנס פון אומוויסנקייט און אומ־זיכערקייט, וואָס אין זיי איז איינגעגעפּלט דער מאָרגן. עס ווילט זיך זייער שטאַרק צו האָבן אַ פעסטע גאַראַנטיע, אַז אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען און האָפנונגען, וואָס מיר לייגן אַרויף אויף דעם מאָרגן, שלאָגן כאָטש אייניקע פון זייערע וואָרצלען טיף אין דעם באָדן פוןווירקלעכקייט און וואָרהאַפטיקייט. און אין דער אמתן, וואָסערע אַן אייגנשאַפט טיילט דען מער אָפּ דעם מענטשן פון דער חיה, אויב נישט די, וואָס אפשר נאָר טאַקע דער מענטש באַזיצט, און דאָס איז — די אייגנשאַפט צו געדענקען דעם נעכטן און צו פאַנטאַזירן און טראַכטן וועגן דעם מאָרגן? און מיט יעדער איינציקער מחשבה וועגן דעם מאָרגן, מיט יעדן איינציקן קלער וועגן דעם וואָס שטייט אונדז פאָר, שטויסן מיר זיך אָן ווי מיט גוואַלט, און גלייך פון אָנהייב, אויף פראַגן, וואָס זענען געקניפּט און געבונדן אין דער פראַגע פון ווילנס פרייהייט.

ווי אַ שטורעם־ווינט דעם שטויב, אַזוי טוט דער געדאַנק וועגן מאָרגן, דער רעיון וועגן דעם עתיד, אַ הייב פאַר אונדזערע אויגן אַ גאַנצע מחנה פראַגן. ווי: אין וואָסערע באַציאונגען שטייט דער עתיד צום עבר? איז ער נישט מער איידער דער זעלביקער עבר, נאָר מיט אַ נייער פאָרם? ובכן, איז דעמאָלט אין תוך גענומען, אין חדש תחת השמש? אָדער,

אפשר איז אין יעדן עתיד בפירוש פאַראַן אַ נייער אינהאַלט? און אויב אַזוי, איז דער וואָס שאַפט די וועלט און אַלץ אין איר נאָך גאָרנישט פאַרטיק מיט זיין שטיקל אַרבעט? און אויב נאָך נישט פאַרטיק, פרעגט זיך נאָך אויך: נישט פאַרטיק — מיט וואָס: מיט דעם פּלאַן גופא ווי די וועלט זאָל זיין, אָדער נאָר מיט דער אַרבעט פון אויספירן דעם פּלאַן, וואָס איז שוין אויסגעאַרבעט אין אַלע דעטאַלן? און גאָר צו לעצט: אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַ וועלט ווערן אַנשטאָט אַ זיין פון אַ וועלט, פרעגט זיך: פירט עס אָט־אָ־דער אומאויפהערלעכער פּראָצעס פון ווערן צו אַ וועלכן עס איז סוף, צו אַ וועלכן עס איז באַשטימטן ציל און צוועק, וואָס טראָגט טיף אין זיך דעם קאָסמישן זין, אָדער איז די אומאויפהערלעכקייט אַן אומענדלעכע, מיט אָן אַ שיעור אומבאַשטימטע צילן און צוועקן, און דער זין ליגט נישט אין דער דערגרייכונג אָדער פאַרווירקלעכונג פון אַ פּלאַן אָדער אַן אידעאַל, נאָר אין דעם אומענדלעכן שטרעבן צו אַלץ טיפערע און טיפערע אינהאַלטן?

די דאָזיקע פראַגן זענען פון אַ דירעקטער און העכסטער וויכטיקייט פאַר יעדן שריט און טריט, וואָס דער מענטש האָט בדעה צו מאַכן אין דער וועלט אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן. דער כאַראַקטער און זין פון יעדער טאַט און האַנדל הענגט אָפּ זייער שטאַרק פון דעם, צי ענטפערן מיר אויף די דאָזיקע פראַגן אויף אַ פּאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון אופן.

לאָמיר נעמען, למשל, די פראַגע: צי איז די וועלט אַן אויסגעגאָסענע איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון אייביק ביז אייביק, צי איז זי אַ וועלט, וואָס פאָרמירט זיך און ווערט, און האַלט אין ווערן ביז צו אין־סוף אויף אַן אומאויפהערלעכן און אומאיבערגעריסענעם אופן — לאָמיר, זאָג איך, נעמען אַזאַ סאָרט פראַגע און זען, וואָס קומט אַרויס ווען מיר באַענטפערן זי אין איינעם אָדער אין דעם אַנדערן זין.

נעמען מיר אָן, אַז דער פּלאַן פון דעם וועלט־באַשאַפער איז שוין געמאַכט אויף אייביק מיט אַלע פּינטעלעך, דאַן קומט אויס, אַז איך, דער בחיר־היצורים, בין נאָך אַלעמען, מיט אַלע מיינע חכמות און המצאות, אַ פּשוטער אויטאָמאַט, אַן אמתער שקלאַף פון דער השגחה. משמעות טאַקע נישט מער, איידער אַ שטיקל חומר ביד היוצר. באַשלים איך ווידער, פאַרקערט, אַז דער פּלאַן, ווי די אַרבעט גופא, האַלט אין וואַקסן, דעמאָלט איז דאָך מעגלעך, אַז דאָס האַנדלען און באַנעמען זיך פון דעם מענטשן שפּילט אַ געוויסע, און אפשר אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָל אין דער ווייטער־דיקער אויסאַרבעטונג פון פּלאַן.

פון די ענטפערס אויף אַזעלכע און צו זיי געגליכענע פראַגן, הענגען אָפּ די ענטפערס אויף אַזעלכע פּשוטע, קאָנקרעטע און פּראַקטישע פראַגן, ווי למשל: קאָן איך זיין אַבסאָלוט זיכער, אַז די זון וועט אין דער צוקונפט אָבער און ווידער אויפגיין אין מזרח און פאַרגיין אין מערב? וועט דאַמף, עלעקטריע, היץ און ליכט אַלע מאָל באַזיצן די קראַפט, וואָס דער מענטש האָט געשטעלט צו זיין דינסט? וועט לעבן אויף אייביק בלייבן אַ צייט־ווייליקע דערשיינונג אין דעם אינדיווידו? וועט די אומפאַרמיידלעכקייט פון טויט קיינמאָל נישט אויפהערן צו זיין דער אמת, וואָס זיין ביטערקייט האָט צו זיך נישט קיין גלייכן?

וועלכער דענקענדער מענטש קאָן דאָס בלייבן גלייכגילטיק צו אַזעלכע ברענענדיקע און אונדז אַלעמען אָנרירנדיקע פראַגן?

עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס די שאלה, צי זענען די וועלט־פּראָצעסן פאָראויסבאַשטימט און גייען אָן לויט אַן אינערלעך־איינגעוואָרצלטער נויטווענדיקייט, אָדער זענען זיי אומבאַשטימט און פירן זיך פריי פון אַ וועלכער עס איז אוניווערסאַלער און אייביקער געזעצ־מעסיקייט, — פאַרנעמט אַ צענטראַלן פונקט אין די פילאָסאָפישע סיס־טעמען. אַלע פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונגען פירן צו דער דאָזיקער שאלה, פונקט ווי אַלע ראַדיוסן פון אַ קרייז פירן צו זיין מיטלפונקט און ווי עס איז אוממעגלעך פאַר אַ דיאַמעטער אויסצומיידן דעם מיטלפונקט פון קרייז, אַזוי איז אויך אוממעגלעך פאַר אַ פילאָסאָפישן סיסטעם נישט צו באַרירן דאָס פּראָבלעם פון פרייען ווילן. אַלע פילאָסאָפישע דיספּוטן צילן צו באַענטפערן די פראַגן פון קאַפּריז און געזעצמעסיקייט, פרייהייט און נויט־ווענדיקייט, דעטערמיניזם און אינדעטערמיניזם, ווילן און ווילנסלאָזיקייט. קיין פילאָסאָף איז נישט געבליבן גלייכגילטיק צו דער פראַגע פון בחירה ביים מענטשן.

„ווען נישט דער ספק־סכסוך", זאָגט שעלינג, „צווישן פרייהייט און נויט־ווענדיקייט, וואָלט נישט נאָר די פילאָסאָפיע פאַרוועלקט געוואָרן און אין גיכן אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען, נאָר מיט איר וואָלט אויך פאַרשוואונדן געוואָרן יעדע גייסטיקע אַספּיראַציע."

ווען נישט אָט די דאָזיקע מיט ליבּ און לעבן פאַראינטערעסירטקייט אין דער פרייהייט און נויטווענדיקייט פון די וועלט־געשעענישן, וואָלט דער אָנגריף פון דעם ענגלישן פילאָסאָף יום אויף דער מעטאַפיזיק נישט געווען אַזוי מוראדיק אויפגערודערט די גאַנצע דענקענדע וועלט.

קאַנט, דער ריז פון די פילאָסאָפן, איז געווען מיט דער מיינונג, אַז

קיין זאַך האָט נאָך נישט פּאַסירט אין דער מעטאַפיזיק, זינט זי איז אויף דער וועלט געקומען, וואָס זאָל זיין פּאַר איר פון אַזאַ וויכטיקן באַטייט, ווי דער אָנגריף וואָס יום האָט אויף איר געמאַכט. אַזוי וויכטיק איז געווען יומס אָנגריף און אַזוי שטאַרק האָט ער מרעיש עולם געווען דערפּאַר, וואָס פון דעם דאָזיקן אָנגריף האָט געליטן מער פון אַלץ און מער איידער אַלע מאָל דער דעטערמיניזם, די אַבסאָלוטהייט פון דעם מוז צווישן דער סיבה און דעם פּועל יוצא. פון יומס מאָדנעם בליק אויף די וועלט־פּאָרקומעניש האָט אָנגעהויבן זיך שאָקלען דער באָדן פון זיכערקייט, אַז וואָס ס'וועט קומען, וועט נישט זיין קאַפּויר פון דעם, וואָס ס'איז געווען.

„ווען מען פרעגט", זאָגט יום, „וואָס איז די נאַטור פון אַלע אונדזערע שלוסן בנוגע פאַקטישע זאַכן? זעט דער ענטפער אויס צו זיין, אַז זיי שטיצן זיך אויף דער שייכות צווישן אורזאַך און פאָלגע. פרעגט מען ווידער: וואָס איז דער גרונד פון אַלע אונדזערע אַרגומענטאַציעס און שלוס־ציאונגען בנוגע דער דאָזיקער שייכות? קאָן דער ענטפער געגעבן ווערן אין איין וואָרט: דערפאַרונג... וואָס אָנבאַלאַנגט דער פאַרגאַנגענער דערפאַרונג, קאָן מען צוגעבן, אַז זי גיט דירעקטע און זיכערע אינפאָרמאַציע נאָר וועגן יענע פּרעציזע קעגנשטאַנדן, און נאָר וועגן יענער פּרעציזער פּעריאָדע פון צייט, וואָס די דערפאַרונג האָט געקאָנט פון זיי געוואויר ווערן. פאַר וואָס אָבער די דאָזיקע דערפאַרונג זאָל אַריבערגעטראָגן ווערן אויף די צוקונפטיקע צייטן און אויף אַנדערע קעגנשטאַנדן, וואָס אויף ווי ווייט מיר וויסן זענען אפשר בלויז אין אויסזען געגליכן איינער צו דעם אַנדערן — דאָס איז די הויפּט־פראַגע, וואָס אויף איר וויל איך באַשטיין. דאָס ברויט, וואָס איך האָב פריער געגעסן, האָט מיך דערנערט; דאָס הייסט, אַ קערפּער, וואָס באַשטייט פון אַזעלכע עמפינדלעכע קוואַלי־טעטן, איז צו יענער צייט געווען באַשענקט מיט אַזעלכע פאַרבאָרגענע כחות; איז דען אָבער דערפון געדרונגען, אַז אַנדער ברויט מוז מיך דערנערן אויך צו אַן אַנדער צייט און אַז די זעלביקע עמפינדלעכע קוואַלי־טעטן מוזן שטענדיק באַגלייט ווערן פון די זעלביקע פאַרבאָרגענע כחות? די דאָזיקע קאָנסעקווענץ זעט אויף קיין פאַל נישט אויס צו זיין נויטווענדיק, אַמווייניקסטנס, מוז עס אָנערקענט ווערן, אַז דאָ איז פאַראַן אַ קאָנסעקווענץ, וועלכע דער געדאַנק דרינגט אַרויס, אַז דאָ ווערט אַ געוויסער שריט גענומען, אַ פּראָצעס פון דענקען און אַן אויספיר, וואָס דאַרף דערקלערט ווערן. ווייט פון צו זיין אַלצאיינע, זענען די דאָזיקע צוויי באַהויפּטונגען: איך האָב געפונען אַז אַזאַ קעגנשטאַנד איז אַלע מאָל באַגלייט געוואָרן פון אַזאַ

פאָלגע, און איך זע פאָראויס, אַז אַנדערע קעגנשטאַנדן, וואָס זענען אין אויסזען ענלעך, וועלן באַלייט ווערן פון ענלעכע פאָלגן. איך וועל צוגעבן, אויב איר ווילט, אַז איין באַהויפּטונג קאָן מיט רעכט אַרויסגעדרונגען ווערן פון דער אַנדערער. איך ווייס אין דער אמתן, אַז זי ווערט שטענדיק אַרויסגעדרונגען. אויב אָבער איר באַשטייט, אַז דער אויספיר ווערט גע־מאַכט דורך אַ קייט פון אַרגומענטן, ווייל איך, אַז איר זאָלט ברענגען די דאָזיקע אַרגומענטן. די פאַרבינדונג צווישן די דאָזיקע צוויי באַ־הויפּטונגען איז נישט קיין אינטואיטיווע. עס פאָדערט זיך אַ מעדיום, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן פאַר דעם געדאַנק צו קומען צו אַזאַ אויספיר, אויב דער אויספיר זאָל אין דער אמתן געמאַכט ווערן דורך לאָגישן דענקען און אַרגומענטאַציעס. וואָס דאָס מעדיום איז, מוז איך מודה זיין, איז מחוץ דעם גבול פון מיין באַנעם. און די פליכט צו צושטעלן דאָס דאָזיקע מעדיום ליגט אויף די, וואָס דערקלערן, אַז אַזאַ מעדיום ווירקלעך עקסיס־טירט, אַז עס איז דער מקור פון אַלע אונדזערע שלוס־ציאונגען בנוגע פאַקטישע זאַכן. . . . דער גאַנצער גלויבן אין טאַטזאַכלעכקייט אָדער ווירקלעכער עקסיסטענץ נעמט זיך פון אַ געוויסן קעגנשטאַנד, וואָס שטייט פאַר דעם זכרון אָדער פאַר די חושים און פון אַ געוויינטלעכער צוזאַמענ־טרעפונג צווישן דעם און אַן אַנדער געגנשטאַנד. אָדער מיט אַנדערע ווערטער: נאָכדעם ווי איך האָב געפונען אין פילע פאַלן, אַז וועלכע עס איז צוויי מינים קעגנשטאַנדן — פלאַם און היץ, שניי און קעלט — זענען אַלעמאָל געווען פאַראייניקט, ווערט מיין געדאַנק געפירט דורך געוואוינהייט צו דערוואַרטן היץ און קעלט, ווען פלאַם און שניי ווערן פון דאָסניי פאַר מיינע חושים געבראַכט, און צו גלויבן, אַז אַזאַ קוואַליטעט עקסיסטירט ווירקלעך, און מען דאַרף נאָר נעענטער צוקומען, כדי די דאָזיקע קוואַליטעט צו אַנטדעקן."

די גאַנצע שטאָל־און־אייזן שטאַרקע נאַטור־געזעצמעסיקייט, וואָס האָט געזאָלט ווי מיט רייפן אַרומנעמען דעם קאָסמאָס פון איין עק ביז דעם אַנדערן אויף אַלע צייטן און אויף אַלע דורות, איז פון יומען, ווי מיר זעען פון זיינע אייגענע ווערטער, צוריקגעפירט געוואָרן צו אַזאַ שוואַך און אַבסאָלוט אַנהאַלטלאָזעס באַשעפעניש, ווי געוואוינהייט. די צוקונפט איז אויף אַזאַ מין אופן געוואָרן פריי און אומבאַשטימט און נישט מסוגל פאָראויסגעזאָגט צו ווערן פון דעם גרעסטן חכם אפילו, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן די דערשיינונגען פון דער נאַטור, און סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן די טעטיקייטן פון דעם מענטשן.

און דער הילכיקער געשריי: „צוריק צו יומען!", וואָס האָט זיך אויף אַ ווײַלע געלאָזט הערן, דערהויפּט אין פראַנקרײַך און אין אַמעריקע, האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די אײַזערנע נויטווענדיקייט פון געזעץ און רעגלמעסיקייט, אונטער וועמענס יאָך די וויסנשאַפט האָט אַמאָל דערוואַרט צו אונטערוואַרפן דעם גאַנצן קאָסמאָס, האָט אָנגעהויבן זיך בייגן אונטער דעם האַמער פון געזעצלאָזער פרײַהייט. די לעבנס־לוסט און די גייסט־דורשט, די וויטאַליטעט און די ספּיריטואַליטעט, האָבן זיך נישט געלאָזט אויסשמידן אין רינגעלעך פון דער אומענדלעכקייט פון סיבות און פּועל יוצאס. זיי האָבן נישט געוואָלט, אַזוי ווי די קאַלטע מאַטעריע, בייגן זייער קאָפּ פאַר דער לאָגישער נויטווענדיקייט און מאַטע־מאַטישער אויסגערעכנטקייט.

פרײַהייט האָט דער מענטשלעכער גייסט געפאָדערט פאַר דעם עצם תוך פון זײַנע טאַטן און האַנדלונגען, און די דאָזיקע עקשנותדיקע פאָדערונג האָט געמוזט צערייסן די קייטן און ברעכן דעם יאָך פון רעגלמעסיקייט און געזעצמעסיקייט.

„קיין האַנדלונג," זאָגט דער איטאַליענישער פילאָסאָף קראָטשע, „קאָן קיינמאָל נישט זײַן אַ צווינגענדע; יעדע האַנדלונג איז פרײַ, ווײַל דער גייסט איז פרײַ. עס מעג גאָר נישט זײַן קיין האַנדלונג אין אַ געוויסן פאַל, אָבער אַ צווינגענדע האַנדלונג איז אומבאַגרײַפלעך, דען עס איז אַ פראַגע פון טערמינען, וואָס שליסן זיך אויס איינער דעם אַנדערן."

די ליבע צו פרײַהייט, אַלזאָ, האָט נישט געלאָזט זיך באַקעמפן דורך דער צופרידנקייט פון אָרדנונג. דער אינטערעס צו דעם אומבאַשטימטן איז געוואָרן אַזוי שטאַרק ווי די ליבע צו דער זיכערקייט. דער פאַרגעניגן, וואָס קאָנטראַסטן און וואַריאַציעס פאַרשאַפן, האָט אָנגעהויבן שטאַרק קאָנ־קורירן מיט דעם תענוג, וואָס מען האָט, ווען עס עפענען זיך האָריזאָנטן פון איינאַרטיקייט און ענלעכקייט. אין זײַן גאַנצער ברייטקייט און טיפקייט האָט זיך ווידער געעפנט דער אייביקער תהום צווישן דעם רואיקן און געהאָרכזאַמען גשמיות און דעם שטורמישן און אויפרייסנדיקן רוחניות.

די נײַע פילאָסאָפישע שטרעמונגען האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו אַטאַקירן די אײַנגעפונדעוועטע זײַלן פון דער וויסנשאַפט, אינאיינעם מיט דעם דעטערמיניזם, וועלכער איז איר אַזוי טייער. דער נײַער פילאָסאָפישער געדאַנק האָט זיך גענומען אונטערצוהאַקן די פליגלען פון דער וויסנשאַפט, וואָס אונטער איר שוץ האָט זי דערוואַרטעט אַרײַנצונעמען די גאַנצע וועלט, און צוריקברענגען אַלץ אין איר צו פיזישע און כעמישע עלעמענטן.

שטאַרק פונאַנדערגעפלאַקערט האָט זיך אויף דאָסניי דער קאַמף צווישן דער פרייהייט, וואָס דער אינדעטערמיניזם זאָגט צו, און דער שקלאַפּישער געצוואונגענקייט, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט דעם דעטערמיניזם.

רעדנדיק וועגן דעם איצטיקן סטאַטוס פון דער וויסנשאַפט, זאָגט דער אַמעריקאַנער פילאָסאָף דיוואי: „אַנשטאָט אַ געשלאָסענער אוניווערס, גיט אונדז איצט די וויסנשאַפט אַן אוניווערס, וואָס איז אומענדלעך אין צייט און אין רוים, וואָס האָט נישט קיין גרענעצן נישט דאָ און נישט דאָרט, נישט, אַזוי צו זאָגן, אויף דער זייט און נישט אויף יענער זייט, און וואָס איז אַזוי אומענדלעך קאָמפּליצירט אין דער אינערלעכער סטרוק־טור, ווי ער איז אומענדלעך אין זיין גרויס. דערפאַר איז דאָס אויך אַן אָפענע וועלט, אַן אומענדלעך פילפאַרביקע, אַ וועלט, וואָס אין דעם אַלטן זין פון וואָרט, קאָן קוים אָנגערופן ווערן אַן אוניווערס. ער איז אַזוי פילפאַך און ווייט־גרייכנדיק, אַז ער קאָן נישט ארומגענומען און באַגריפן ווערן אין איין פאָרמול. און ענדערונג ליבערשט איידער באַשטענדיקייט איז איצט די מאָס פון „רעאַליטעט“ אָדער ענערגיע פון זיין. די ענדערונג איז אַלקעגנוואַרטיק. די געזעצן, וואָס אין זיי איז פאַראינטערעסירט דער מאָדערנער מענטש פון וויסנשאַפט, זענען די געזעצן פון באַוועגונג, אָפּ־שטאַם, און קאָנסעקווענץ.“

דער דאָזיקער נייסטער בליק פון דער וויסנשאַפט אויף גאָטס וועלט איז אין אַ גרויסן גראַד אַ פּועל יוצא פון דעם ברענענדיקן קאַמף אין דער פילאָסאָפיע צווישן דעטערמיניזם און אינדעטערמיניזם, צווישן פרייהייט און נויטווענדיקייט. עס וועט, אַזוי דוכט זיך אונדז, ווייט קיין איבער־טרייבונג נישט זיין צו באַהויפּטן, אַז זינט דעם אַרויסטרעט פון עפּיקורן, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דער פרייהייט פון ווילן קעגן די סטאָאיקער, וואָס האָבן פאַרטיידיקט די קאַאוזאַלע נויטווענדיקייט, האָט נאָך דער שטרייט צווישן קאַאוזאַליטעט און פרייען ווילן קיינמאָל נישט אָנ־גענומען אַזאַ שאַרפע פאָרם ווי איצט.

פון אַלע נייערע פילאָסאָפן, איז קיינער נישט אַזוי דירעקט צוגעטראָטן צו דעם פרייען ווילן פּראָבלעם, ווי דער פראַנצויזיש־אידישער פילאָסאָף בערגסאָן. און נישט איינער פון זיי האָט, ווי ער, אַריינגעבראַכט אַזאַ באַדייטנדיקע ענדערונג אין דעם באַגריף פון דעם פּראָבלעם, און אַזאַ גרינדלעכן איבערקער אין דעם זין און מיין פון די ווערטער „פרייהייט“ און „ווילן“.

שוין זיין ערשט בוך איז געווען, ווי ער אַליין זאָגט: „אַ פּרואוו צו

באַווייזן, אַז אַלע וויכּוחים צווישן די דעטערמיניסטן און זייערע קעגנער ווייזן אויף אַ לאַנגאַנענדיקער צעשוואומענקייט, מיט וועלכער עס זענען דורכגעדרונגען די באַגריפן פון דויער און רוים, קוואַליטעט און קוואַנטיטעט, נאָכאַנאַנדיקייט און גלייכצייטיקייט. וועט מען נאָר פּטור ווערן פון דעם דאָזיקן פּלאָנטער, דעמאָלט וועלן אַלע טענות קעגן דעם פרייען ווילן פאַר־לירן זייער זין, אַלע דעפיניציעס, וואָס זענען ביז איצט וועגן אים געגעבן געוואָרן, וועלן פאַרשווינדן, און דאָס פרייע ווילן פּראָבלעם גופא וועט, אין אַ געוויסן זין, נעלם ווערן."

אויך אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק באַשטרעבט בערגסאָן צו שטעלן דאָס פּראָבלעם פון פרייען ווילן אין אַ שפּאָגל־נייעם ליכט, און אויף גאָר אַנדערע יסודות פעסטשטעלן דעם טריאומף פון אינדעטערמיניזם איבער דעטערמיניזם, פון פרייהייט איבער אומפאַרמיידלעכקייט.

בערגסאָן איז היינט צו טאָג דער שטאַרקסטער און אָריגינעלסטער פאַרטיידיקער פון אינדעטערמיניזם, פּונקט ווי ספּינאָזאַ איז עס אַמאָל געווען פון דעם דעטערמיניזם.

אויף דעם פּונקט פון דעטערמיניזם האָבן זיך פאַראייניקט פאַרשידענע פילאָסאָפישע שיטות, אפילו די, וואָס זענען אין אַלע אַנדערע פּרטים דער היפּוך איינע פון דער אַנדערער.

אין דעם צווייג פון דער פילאָסאָפיע, וואָס גיט זיך אָפּ ספּעציעל מיט די פּראָבלעמען פון דעם מהות פונעם קאָסמאָס — מיט פראַגן, וואָס באַציען זיך הויפּטזאַכלעך אויפן כאַראַקטער און וועזן פון דעם אוני־ווערסאַלן זיין — אין דעם צווייג, הייסט עס, וואָס איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען מעטאַפיזיק, איז אַזאַ פאַראייניקונג בנוגע דעם דעטערמיניזם פאָרגעקומען צווישן דעם מאַטעריאַליזם און דעם אידעאַליזם.

אין דעם טייל פילאָסאָפיע, ווידער, וואָס פאָרשט דער עיקר די וועגן און מיטלען, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט אויף צו דערקענען אָדער צו צוקומען צו דעם וועלטאַל־מקור — אין דעם אַזוי־גערופענעם דערקענטעניש־טעאָרעטישן צווייג פון דער פילאָסאָפישער ספּעקולאַציע, האָבן אויף דעם געביט פון דעטערמיניזם זיך פאַראייניקט: סיי די וואָס דענקען, אַז דער קוואַל פון מענטשלעכער דערקענטעניש שלאָגט נאָר אין דער אויסנ־ווייניקסטער וועלט, אין דער וועלט וואָס רינגלט אַרום דעם מענטשן, סיי די וואָס דענקען, אַז די מענטשלעכע דערקענטעניש שלאָגט אירע וואָרצלען אויך אין דער וועלט, וואָס איז אינעווייניק אין דעם מענטשן, אין דער מענטשלעכער נשמה, אַלס אַזעלכער, און אַז זי, ווידער, די נשמה פון דעם

גאָטס־געשטאַלטיקן מענטשן, איז דירעקט אָנגעקניפּט אָן דער אוניווערסאַלער נשמה, און האָט אויף אַזאַ אופן אַן אוממיטלבאַרע שייכות מיט דער וועלט, וואָס שטייט איבער דעם מענטשן.

דאָס איז אַ פּשרה אינעם פּראָבלעם פון דעם זיין־און־ווערן פון דעם קאָסמאָס — צווישן די עמפּירישע און אַפּריאָרישע שיטות אין די פילאָ־סאָפישע פאָרמולירונגען פון דער אַלוועלטלעכער עקסיסטענץ.

יעדע שיטה, נאַטירלעך, איז אַרויסגעגאַנגען פון אַן אַנדער שטאַנד־פּונקט, און האָט זיך, מחמת אירע אייגענע טעמים, אָנגעשלאָסן אין דעם דעטערמיניזם. זיי אַלע אָבער האָט דאָך פאַראייניקט דער גלויבן, אַז די וועלט אין איר עצם איז אויסגעגאָסן געוואָרן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, און אַז די אַנטוויקלונג, אויף וויפיל זי איז פאַראַן, באַטייט נישט מער ווי אַן אַריבערגאַנג מכח אל הפּועל, אַ פאַרוואַנדל פון פּאָטענציעלער אין ווירקלעכער עקסיסטענץ. אויף דעם גאַנצן עוואָלוציע־פּראָצעס האָבן זיי געקוקט ווי אויף אַ מין פאַרווירקלעכונג פון אידעאַלע מעגלעכקייטן אין רעאַלע געשעענישן. ממילא איז עס שוין אויסגעקומען, אַז דער אַנט־וויקלונגס־פּראָצעס ווערט געטריבן אומעטום פון איינע און די זעלביקע כחות, לויט פּרינציפּן אָדער געזעצן, וואָס זענען באַשטימט מעולם ועד עולם.

אָט די איין־און־איינציקקייט און די באַשטימטקייט זענען זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן די סודות־זוכער פון דער נאַטור. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם דעטערמיניזם, דערפאַר ווייל ער האָט צוגעזאָגט אַ געוויסע מעגלעכקייט, ווען עס איז און ווי עס איז, צו געפינען דעם שליסל צו די טיפענישן פון דער נאַטור. ווי דורך אַ כשוף, וואָלטן מיט איין דריי פון שליסל זיך געעפנט איינס נאָך ס'אַנדערע פינצטערע קעמערלעך, און אויפן שטעל באַלויכטן געוואָרן פון די שטראַלן פון דעם מענטשלעכן שכל, און דער מענטש וואָלט געוואָרן דער אייגנטימער פון אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך פאַרבאָרגענע אוצרות.

דעם גרעסטן טריאומף האָט לעת עתה דער מענטשלעכער שכל דער־גרייכט אויפן געביט פון מאַטעמאַטיק — די וויסנשאַפט, וואָס צייכנט זיך אויס פון אַלע אַנדערע מענטשלעכע קענטעניש, מיט איר קלאָרקייט און באַשטימטקייט, מיט איר געוויסהייט און פּינקטלעכקייט. די מאַטעמאַטיק האָט דאַריבער אָנגעהויבן באַטראַכט צו ווערן פאַר דעם בעסטן געצייג, וואָס קאָן באַנוצט ווערן אין אַלע אָפּעראַציעס איבער דער נאַטור. צו מאַטע־מאַטיזירן די נאַטור, זי צו פונאַנדערלייגן, אין איר גאַנצער טיף און

בריט, אין מאַטעמאַטישע פאָרמולען, איז געוואָרן דער אידעאַל פון די וויסנשאַפטסמענער. אין דער מעגלעכקייט איבערצוזעצן די איכות אין כמות האָבן זיי געזען אַ לייזונג צו פיל פון די איצטיקע פּראָבלעמען, וואָס ווערן באַטראַכט פאַר אומדערקלערבאַר. פון דער אויסגלייכונג צווישןביידע וואָגשאָלן — קוואַליטעט און קוואַנטיטעט — האָבן זיי דערוואַרט אַן אויפלייזונג, אַ פונאַנדערשאַלונג פון אַלע פאַרהוילענע רעטענישן, וואָס פּלאָגן דעם מענטשן מיט זייער פאַרבאָרגנקייט.

אָט דער דאָזיקער פּערספּעקטיוו פון אַריינפירן די קלאָרע מאַטעמאַטיק אין אַלע קעמערלעך פון דער פילאָזאָפישער נאַטור, האָט געריצט גאַלילעין ווען ער האָט אויסגעשריען: „מעסט אַלץ, וואָס קאָן געמאָסטן ווערן, און מאַך מעגלעך צו מעסטן אַלץ, וואָס מען דענקט, אַז עס קאָן נישט געמאָסטן ווערן.״

פון גאַלילעין אָן ווערט אַלץ שטאַרקער דער פאַרלאַנג, און עס מערן זיך אַלץ די פּרואוון, פון צוריקצופירן אַלץ אין דער וועלט צו מאַטעמאַטיק און לאָגיק, דאָס הייסט צו אַלע די געביטן, וואו קלאָרקייט, פּינקטלעכקייט און געוויסהייט הערשן, ווי מען האָט ביז איצט געדענקט, אומגעשטערט. יעדער נצחון אין דער דאָזיקער אַרט אונטערנעמונגען האָט געקרעפּטיקט האָפנונגען און האָט פאַרגרעסערט דעם בטחון אין אַ גרינדלעך און סיסטעמאַטיש וויסן, וואָס זאָל אַרומנעמען דעם קאָסמאָס פון אַלע עקן אַזוי, אַז עס זאָל דאָרטן נישט בלייבן קיין איין נישט־באַלויכטן ווינקעלע, וואו וואונדער זאָלן קאָנען געשען אויף אַן אומגעריכטן און דערשטוינענדיקן אופן. דאָס אַלץ אָבער קאָן נאָר געמאָלט זיין בתנאי, אַז דער דעטערמיניזם זאָל מנצח זיין אינעם קאַמף זיין ביטערן געגנער, דעם אינדעטערמיניזם, וועלכער איז דער וואָרצל פון דעם פרייען־ווילן געוויקס.

„די פרייהייט״, זאָגט ספּינאָזאַ, „וועלכע מענטשן שרייבן איצט צו צו גאָט, וועט צוריקגעוויזן ווערן נישט נאָר דערפאַר, וואָס דאָס איז אַ נאַאיווער געדאַנק, נאָר אויך דערפאַר, ווייל אַזאַ געדאַנק איז אַ שטער צו אַ סיסטעמאַטישן וויסן.״

און ספּינאָזאַס לערע, וועלכע ווערט נאָך עד היום באַטראַכט פאַר אַ מוסטער פון דעטערמיניזם, האָט ווירקלעך געוועקט און גערעגט דאָס וויסנשאַפטלעכע פאָרשן פאַר יאָרן און יאָרן.

ספּינאָזאַס סיסטעם גיט איבער אין די הענט פון מאַטעמאַטיק און לאָגיק די נשמה אַזוי גוט ווי דעם גוף, און דאָס וואָס לעבט און אָטעמט, אַזוי גוט ווי דאָס, פון וואָס דער רוח החיים האָט קיינמאָל נישט געשלאָגן.

און אין ערגעץ נישט פילט זיך די וויסנשאַפט אַזוי תקיף, ווי דאָרט, וואו זאַכן גייען על פי חשבון און על פי שכל — ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ דעטערמינירטער מאַניסטישער וועלט.

ספינאָזאַס עטיק, אין די שורות פון וועלכער דער מאָניזם, אַזוי גוט ווי דער דעטערמיניזם, האָבן דערגרייכט זייער העכסטע מדרגה, האָט פיל מוט און קוראַזש צוגעגעבן דער וויסנשאַפט אין אירע פאָרשונגען סיי פון גייסט, סיי פון מאַטעריע. איך אונטערשטרייך „אין די שורות", ווייל צווישן די שורות, ווי מיר דוכט זיך, און ווי מען קאָן עס באַווייזן, קאָן אַרויסגעלייענט ווערן אין דער עטיק גופא, גאָר אַ גרויס שטיק אינדעטערמיניזם.

מען מוז אָבער מודה זיין, אַז אַן אבסאָלוטער דעטערמיניזם, אָדער בעסער געזאָגט פּרעדעטערמיניזם, קוקט אַרויס פון די פאָלגנדיקע שורות אין דער עטיק:

„אַלע זאַכן זענען פאָראויסבאַשטימט דורך אוניווערסאַלע נאַטור־געזעצן צו עקסיסטירן און צו אָפּערירן אויף אַ געגעבענעם באַשטימטן און פּינקטלעכן אופן — — — אין דער נאַטור געפינען מיר איינעם און דעם זעלביקן סדר, איינע און די זעלביקע קייט פון אורזאַכן, אַלצ־איינס צי באַטראַכטן מיר זי לויט דעם אַטריבוט פון אויסגעשפּרייטקייט, צי לויט דעם אַטריבוט פון דענקען, אָדער לויט וועלכן עס איז אַנדערן אַטריבוט. — — — קיין זאַך געשעט אין דער נאַטור, וואָס זאָל קאָנען פאַררעכנט ווערן פאַר אירן אַ חסרון, ווייל די נאַטור איז תמיד די זעלביקע און איבעראַל איינע, און איר קראַפט און ווירקונגס־קראַפט איז די זעלביקע, דאָס הייסט, די געזעצן און רעגלען פון דער נאַטור, לויט וועלכע אַלץ געשעט און דורך וועלכע איין פאָרם ווערט אין אַן אַנדערער פאַרוואַנדלט, זענען איבעראַל און באַשטענדיק די זעלביקע, און האריבער מוז זיין אויך איינער און דער זעלביקער אופן פון פאַרשטיין די נאַטור פון וועלכער עס איז זאַך — נעמלעך, דורך די אַלגעמיינע געזעצן און רעגלען פון דער נאַטור. אויף אַזאַ אופן פאָלגן די נשמה־באַוועגונגען פון האַס, צאָרן, קנאה און אַזוי ווייטער, אין זיך באַטראַכט, פון דער־זעלביקער נויטווענדיקייט און קראַפט פון דער נאַטור, ווי אַלע איבריקע איינצעלנע זאַכן, זיי אַנטשפּרעכן געוויסע באַשטימטע אורזאַכן, דורך וועלכע זיי ווערן פאַרשטאַנען, און זיי פאַרמאָגן געוויסע אייגנשאַפטן, וואָס זענען ווערט, אַז מען זאָל זיי וויסן, אַזוי גוט ווי אייגנשאַפטן פון וועלכער עס איז אַנדער זאַך, וואָס די באַטראַכטונג פון זיי גופא פאַרשאַפט אונדז תענוג. איך וועל אַלזאָ באַהאַנדלען די נאַטור און די קראַפט פון די עמאָציעס על פי דער זעלביקער מעטאָדע, וואָס איך האָב אָנגעווענדט פריער אין מיינע אונטערזוכונגען וועגן גאָט און גייסט.

איך וועל באַטראַכטן מענטשלעכע האַנדלונגען און באַשטרעבונגען פּונקט
אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ פראַגע פון ליניען, פלאַכן און קערפּערס.״

נעמט מען אָן די דאָזיקע פּאַראויסבאַשטימטקייט און די מעגלעכקייט זי אין מאַטעמאַטישע פאָרמולען אויסצודריקן, ווי זי שטייט און גייט, קאָן מען לייכט איינזען, פאַרוואָס דער דאָזיקער דעטערמיניזם ווערט באַטראַכט פאַר דעם עקסטרעמסטן פון אַלע טעלעאָלאָגישע דעטערמיניזמען, הגם ספּינאָזאַ אַליין איז נישט געווען קיין טעלעאָלאָג.

דער טעלעאָלאָגישער דעטערמיניזם ווערט דאָ אונטערשטראָכן לגבי דעם אַנדערן זייער פאַרשפּרייטן דעטערמיניזם, און דאָס איז דער אמתער ביז־איצטיקער ליבלינג פון דער וויסנשאַפט — דער מעכאַנישער דעטערמיניזם.

דער טעלעאָלאָגישער דעטערמיניזם ווערט פאַרטיידיקט פון אַ סך אידעאַליסטישע פילאָסאָפן. דאָס זענען פילאָסאָפן, וואָס שטעלן אַוועק אַן איבערמענטשלעכע אינטעליגענץ אין אָנהייב און אינעם צענטער פון דער וועלט־אָרדנונג. די דאָזיקע אינטעליגענץ פירט עס די וועלט לויט אַ פּלאַן, וואָס איז באַשטימט פון אייביק אָן מיט דער גרעסטער פולקומקייט, אַזוי, אַז קיינע ענדערונגען קאָנען דאָרטן נישט פאָרקומען. יעדע ענדערונג וואָלט דאָך באַטייט עפּעס אַן אומפולקומקייט אין דעם אָריגינעלן פּלאַן; און גאָט, לויט דער מיינונג פון די דאָזיקע פילאָסאָפן, מוז, אין אונדזער באַנעם וועגן אים, אידענטיפיצירט ווערן מיט דער אַבסאָלוטער פולקומקייט גופא. דער פּלאַן דעריבער איז אַן אַבסאָלוט פולקומער, און ווי די אַנטשטייאונג פון דער אינטעליגענץ אַליין איז ער באַשטימט דורך סיבות, וועלכע ליגן אינעווייניק אין דער אינטעליגענץ און נישט אויסנווייניק פון איר. די פּאַסירונגען אין דער וועלט קומען דעריבער פאָר נישט נאָר געזעצמעסיק, נאָר אויך צוועקמעסיק און צילבאַוואוסט. און אויב אין ספּינאָזאַס סיסטעם זעט זיך אינגאַנצן נישט אָן די טעלעאָלאָגיע, אויב ער טרעט אַרויס קעגן צילבאַוואוסטקייט און צוועקמעסיקייט, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס ביי אים ווערן ציל און צוועקמעסיקייט דערטרונקען אין דער געטלעכער געזעצמעסיקייט. אַלץ ליגט איינגעוויקלט אין דער נאַטור פון דער געטלעכקייט פון אייביק ביז אייביק אַזוי, אַז יעדער ריר און יעדער בייג אין דער וועלט איז שוין נישט מער קיין ציל און קיין צוועק פון גאָט, נאָר אַ טייל אָדער אַן אַטריבוט פון אים אַליין. אַזוי שטאַרק קעגן דעם פאַרזוך פון צו־צושרייבן צילן און צוועקן צו גאָט איז ער, ספּינאָזאַ, נאָך אויך דערפאַר, ווייל ער ווייסט, אַז אַזאַ פאַרזוך פירט אויף אַ נויטווענדיקן אופן צו דעם,

אַז אַ מענטשלעכע צילבאַוואוסטקייט און צוועקמעסיקייט זאָל אַריבער־געטראָגן ווערן אויף גאָט. און מער פון אַלץ איז ספינאָזאן דערווידער דער אַנטראָפּאָמאָרפיזם. אַ מענטשלעך־געשטאַלטעטע געטלעכקייט קאָן ספינאָזאַ נישט סובל זיין, דערפאַר ווייל דאָס מאַכט אוממעגלעך צו־צושרייבן גאָט אַן אַבסאָלוטע פולקומקייט, וועלכע איז פון ספינאָזאָס שטאַנדפּונקט דער סינע קוואַ נאָן פון דער געטלעכקייט.

אויף אַזוי פיל אָבער וויפיל ספינאָזאַ האָט אָנערקענט געדאַנק, ווי איינעם פון די אָן אַ צאָל גאָטס אַטריבוטן, אויף אַזוי פיל האָט ער שוין אוממעגלעך געמאַכט פאַר אונדז נישט אויסצומאָלן זיך די געטלעכקייט אין אַ באַוואוסטזיינס־געשטאַלט. דאָס דאָזיקע באַוואוסטזיין קאָן נישט זיין פון קיין אַנדער קוואַליטעט ווי דאָס באַוואוסטזיין, וואָס דער מענטש ווייסט פון אים, אַז נישט וואָלטן די באַגריפן גאָט און געטלעכקייט אַבסאָלוט קיין זאַך נישט געמיינט פאַר אונדז. וואו נאָר, ווידער, עס איז שוין פאַראַן באַוואוסטזיין, דאָרט מוז שוין אויך זיין זין, ציל און צוועק. אויף וויפיל ציל און צוועק קאָן גיין אינאיינעם מיט געזעצמעסיקייט, דאָס איז אַ פראַגע, אויף וועלכער מען דאַרף זיך באַזונדער אָפּשטעלן. איין זאַך איז אָבער זיכער: אויב עס זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז צילבאַוואוסטקייט און צוועקמעסיקייט קאָן נישט הויזן אינאיינעם מיט געזעצמעסיקייט, וועט די געזעצמעסיקייט מוזן קאַפּיטולירן פאַר דער ציל און צוועקמעסיקייט. אַזוי אַז דער אידעאַליסטישער דעטערמיניזם מוז, אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער זין, זיין אַ טעלעאָלאָגישער.

דער אידעאַליסטישער וועלט־באַנעם באַטייט, אַז עס איז פאַראַן ערגעץ וואו אַן אויג, וואָס קוקט. דער דעטערמיניסט פון דעם אידעאַליסטישן שניט באַשטייט בלויז אויף דעם, אַז פון דעם קוק פון דעם דאָזיקן אויג קאָן זיך קיינער נישט אַרויסדרייען. אַלע מענטשלעכע קוקן און בליקן זענען אין אַלע איינצעלהייטן באַשטימט אָדער פאָראויסבאַשטימט פון דעם פול־קומען, אַלעמעכטיקן, אייביקן און אומענדלעכן גאָט. דאָס לאָגישע אויג פון דער השגחה ווערט אויף קיין איין הרף־עין נישט אַראָפּגענומען פון קיין איינאונאיינציקער זאַך אין דער וועלט, און פון דער דאָזיקער אָריגינעלער, אין דער אוניווערסאַלער אינטעליגענץ איינגעוואָרצלטער, לאָגיק נעמט זיך עס די מאַטעמאַטישע פּינקטלעכקייט און די געזעצמעסיקע נויט־ווענדיקייט.

דאָס איז, אין די ברייטסטע שטריכן זיינע, דער טעלעאָלאָגישער

דעטערמיניזם, וועלכער ווערט פּאַרטיידיקט פון די אידעאַליסטן אין דער פילאָסאָפיע.

אין דעם מעכאַנישן דעטערמיניזם האַלטן זיך שטאָל און אייזן אַלע מאַטעריאַליסטן, אין דעם שמאָלן ווי אויך אין דעם ברייטן, אָדער אפילו ברייטסטן זין פון וואָרט. אין דער קאַטעגאָריע פון אַזעלכע מאַטעריאַליסטן גייען אַריין די פילאָסאָפן וואָס גלויבן, אַז דאָס העכסטע און פילפאַכסטע אין דער נאַטור קאָן צוריקגעפירט ווערן צום נידעריקסטן און פּשוטסטן. דאָס נידעריקסטע און איינפאַכסטע, ווידער, איז נישט מחויב צו זיין דווקא מאַטעריע, דווקא נאָר אַזעלכס, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין ברעקל רוחניות. פאַר זייער שטאַנדפּונקט איז בלויז וויכטיק, אַז די כחות, וועלכע טרייבן די וועלט־אַנטוויקלונג, זאָלן ליגן אינעם איינפאַכן און עלעמענטאַרן און נישט אינעם העכסטן און פילפאַכיקסטן. עס איז שוין זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ הויכער קעגנשטאַנד ווי לאָגיק קאָן נישט זיין דער עיקר תמצית פון אַזעלכע עלעמענטאַרע כחות. לאָגיק, ווי מאַטעמאַטיק, ווערן נאָר דאָס געצייג, וואָס דורך דעם דעקן מיר אויף די רעגלמעסיקייט, מיט וועלכער די כחות אַרבעטן. צו דער דאָזיקער רעגלמעסיקייט אָבער קאָן לאָגיק אַזוי ווייניק צוגעשריבן ווערן, ווי ווייניק רחמנות־געפילן, למשל, קאָנען צוגעשריבן ווערן צו די נאַטור־כחות.

וואָס ווייטער דער גייסט, אָדער אַלץ וואָס שמעקט נאָר מיט גייסט, ווערט אָפּגערוקט פון דעם מיטלפּונקט און אָנהייב פונעם וועלט־באַשאַף, אַלץ שטאַנדהאַפטיקער טרעט אַרויס אין אונדזער בליק אויף דער וועלט די נויטווענדיקייט, וואָס פירט צו דער פאַסירונג פון זאַכן און צו דעם פאָרקומען פון געשעענישן. ווען מען טראַכט נישט וועגן אַ נשמה, וואָס צאַפּלט זיך, ווערט אַ סך לייכטער צו באַגרייפן אַ שטרענגע געזעצלעכקייט, וואָס דורך איר ווערן פאַסירונגען און פאָרקומענישן רעגולירט אָן דעם מינדסטן אויסנאַם און מיט אַן אַבסאָלוטער אומפאַרמיידלעכקייט. ווי אומ־דערבאַרעמדיק אָבער די לאָגיק זאָל נישט זיין, איז זי דאָך עפּעס פאָרט אַ רוחניותדיק באַשעפעניש, און קלערט מען וועגן רוח, גלויבט זיך קוים, אַז ער זאָל זיין אַ גזלן, און זיכער נישט אַזאַ גזלן ווי דער גשם. און דערפאַר האָט טאַקע דער טעלעאָלאָגישער אָדער לאָגישער דעטערמיניזם, אין זיין שאַרפסטער פאָרם נישט געקאָנט זיין, און ער איז טאַקע נישט געוועזן, אַזוי אויסגעהאַלטן ווי דער מעכאַניסטישער.

דעם מענטשנס ווילן איז געשטאַנען אַלע אידעאַליסטישע פילאָסאָפן ווי אַ ביין אין האַלדז, וואָס אים האָבן זיי נישט געקאָנט נישט אַראָפּ־

שלינגען און נישט צוריקגעבן. גאָט האָבן זיי זיך נישט געקאָנט פאָר־שטעלן אַנדערש ווי אַ פולקומען וועזן. אַבסאָלוטע פולקומקייט, ווידער, מוז באַדייטן אַן אַבסאָלוט געשלאָסענע וועלט, אַ וועלט אַ פּאַרטיקע אין אירע אינערלעכסטע אינערלעכקייטן, אָן וועלכע עס איז מעגלעכקייטן פאַר תוך און תמציתדיקע ענדערונגען, — ווייל ענדערונג מוז, ווי מיר האָבן שוין פריער באַוויזן, באַדייטן אומפולקומקייט. אין אַ וועלט, ווידער, וואו ווערן אָדער אַנטוויקלונג איז בלויז אַן אילוזיע, אין אַ וועלט, וואָס אין איר זענען אַלע געשעענישן און ווערענישן פּראָאויסבאַשטימט, מוז אויך דעם מענטשנס ווילן זיין בלויז אַן אילוזיע און זיין פרייהייט אַן אויס־טראַכטעניש.

דער מענטש איז אָבער אַזוי שטאַרק באַוואוסט אויף דער ממשותדיקייט פון זיין ווילן, ער פילט אין זיינע טיפסטע טיפענישן אַזוי קאָנקרעט דעם זשעסט פון פרייהייט, אַז קיינע אַבסטראַקציעס קאָנען אים נישט מאַכן צו דענקען וועגן זיך ווי וועגן אַ פייגעלע אין אַ שטייגל, אָדער ווי וועגן אַ מאַלפּע אויף אַ לענגערן אָדער קירצערן שטריקל.

די אוממעגלעכקייט אַריבערצוּוואַרפן אַ בריק איבער דעם תהום צווישן דעם דעטערמיניזם פון אַ גרויסן גייסט, וואָס הייסט גאָט, און דער פרייהייט פון ווילן פון דעם קליינעם גייסט, וואָס הייסט מענטש, האָט אויף דעם שטאַרקסטן אופן געפילט דער פאָטער פון דער מאָדערנער פילאָ־סאָפיע — דעקאַרט. און ער שעמט נישט מודה צו זיין, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַן אַנטינאָמיע, אַ פראַגע הייסט עס, וואָס דער יאָ־און־ניין־ענטפער אויף איר וואַרפט אונדז אַריין אין אַ גלייך־אויף־גלייכע שווערקייטן.

„אַז אונדזער ווילן", זאָגט דעקאַרט, „איז פריי און אַז מיר קאָנען פרייוויליק יאָ אָדער נישט צושטימען צו פילע זאַכן, איז אַזוי קלאָר, אַז דער דאָזיקער אמת דאַרף פאַררעכנט ווערן צווישן די ערשטע און געמיינ־שאַפטלעכסטע פון די אַלע אין אונדז איינגעבוירענע באַגריפן."

די שפּירונג, הייסט עס, פון אַ פרייען ווילן אין די טיפענישן פון אונדזער נשמה איז אַן אינטואיטיווער באַנעם, וואָס קאָן פון קיין לאָגיק און פון קיינע פּלפּולים נישט אונטערדריקט ווערן אָדער צוריקגעוויזן ווערן.

איז אָבער לויט דעקאַרטן גאָטס פולקומקייט און דער מיט איר איינ־איינעם לויפנדיקער כח פּאָראויס צו באַשטימען דער וועלטס צוקונפט — אַן אַקסיאָמע, וואָס קאָן נישט אָפּגעפרעגט ווערן.

דאָס וואָס מיר ווייסן וועגן גאָט, — טענהט דעקאַרט, — פאַרזיכערט אונדז, אַז זיין מאַכט איז אַזוי גרויס, אַז עס וואָלט געווען אַן אומרעכט

צו דענקען, אַז מיר קאָנען בכלל עפּעס טאָן אַליין אַזוינס, וואָס ער האָט פון פאָראויס נישט באַשטימט.

דער איינציקער וועג, — זאָגט אונדז ווידער דעקאַרט, — ווי זיך צו באַפרייען פון די דאָזיקע שוועריקייטן, איז צו אָנערקענען, אַז גאָט איז אַזוי גרויס, אַז מיר קאָנען זיינע דרכים נישט וויסן, און אַז עס ליגט דאַריבער נישט אין די גרענעצן פון אונדזער גייסט צו באַגרייפן ווי אַזוי דער דאָזיקער גרויסער גאָט האָט געקאָנט מאַכן, אַז אַלץ זאָל זיין פאָראויס באַשטימט, און אין דער אייגענער צייט זאָל דער מענטש האָבן אַ פרייען ווילן.

ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער ענטפער „איך ווייס נישט" האָט נאָך קיינעם נישט באַפרייט פון שוועריקייטן. און ווען מיר לייענען אין דעקאַרטס „פּרינציפּן פון דער פילאָסאָפיע", אַז „עס וואָלט געווען אַן אַבסורד צו צווייפלען אין דעם, אויף וואָס מיר זענען ביז גאָר באַוואוסט, און וואָס אונדזער דערפאַרונג דיקטירט אונדז בפירוש, אַז אַזאַ זאַך עקסיסטירט אין אונדז, נאָר דערפאַר, וואָס מיר פאַרשטייען נישט אַן אַנדער זאַך, וועלכע לויט איר נאַטור נאָך מוז בלייבן פאַר אונדז אומבאַגרייפלעך," — שטעלט זיך אונדז די פראַגע: איז עס דען נישט נאָך אַ פיל גרעסערער אַבסורד צו זיין זיכער, אַז די זאַך, וועלכע לויט איר נאַטור נאָך מוז בלייבן פאַר אונדז אומבאַגרייפלעך, איז אַבסאָלוט פולקום, און דער גאַנצער קאָסמאָס איז דערפאַר פאָראויסבאַשטימט?

און ווי מיט דעקאַרטן, אַזוי איז אויך מיט דעם פילאָסאָף לייבניץ. אויך ער וויל זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם דעטערמיניזם, וואָס מוז גיין האַנט אין האַנט מיט דער פולקומקייט, אָן וועלכער ער קאָן זיך גאָט נישט פאָרשטעלן. אויך ער קאָן זיך נישט העלפן צו זען קלאָר, אַז אונטער דעם דעטערמיניזם „בלייבט קיין אָרט נישט פאַר דער מענטשלעכער פרייהייט, און אַנשטאָט איר, בלייבט אַן אַבסאָלוטע פאַטאַליטעט, וואָס הערשט איבער אונדזערע האַנדלונגען אַזוי גוט ווי איבער אַלע געשעענישן פון דער גאָרער וועלט." און אויך ער קאָן זיך נישט העלפן צו פילן, אַז וואו פרייהייט איז נישטאָ, דאָרט איז מענטש נישט שייך.

אויף דעם „אַנטוועדער־אָדער", ד. ה. אָדער אַן אַבסאָלוט פולקומער גאָט און אַ מענטש אַן אויטאָמאַט, אָדער פאַרקערט — אַ פרייער מענטש און נישט קיין פולקומער גאָט — אויף דעם דאָזיקן, אַזוי צו זאָגן, צושפּאַר צו דער וואַנט — ענטפערט לייבניץ מיט אַ פּשרה פון חצי שלי חצי שלך. דער מענטש ווערט ביי אים אַ שטיקל גאָט, און גאָט ווערט ביי אים אַ

ברעקעלע מענטש. גאָט איז דער גרויסער גייסט צווישן די מיליאָנען קליינינקע גייסטערלעך, וואָס הייסן מענטשן. אַלס אַזעלכער שטייט ער בראש פון דער גייסטער־געזעלשאַפט, און פונקט ווי אין דער אַבסאָלוטסטער מאָנאַרכיע, האָט יעדער אונטערטאַן געוויסע מעגלעכקייטן אויסצוקלייבן זיינע געוויסע האַנדלונגען, וואָס דער קייסער קאָן פאָראויסזען און דערביי זיכער זיין, אַז אַזעלכע האַנדלונגען קאָנען פאָרקומען, ער קאָן זיי אָבער נישט אויף אַ נויטוועגדיקן אופן פאָראויס באַשטימען, — אַזוי איז אויך מיט גאָט דעם מאָנאַרך־גייסט און די מענטשן — גייסטער־אונטערטאַנען.

„בלויז גייסטער", זאָגט לייבניץ, „זענען געמאַכט אין גאָטס געשטאַלט. זיי זענען, אַזוי צו זאָגן, פון זיין בלוט, אָדער ווי קינדער אין דער פאַמיליע, ווייל זיי אַליין נאָר זענען ביכולת אים צו דינען מיט אַ פרייען ווילן, און צו האַנדלען באַוואוסטזיניק, נאָכמאַכנדיק די געטלעכע נאַטור. איין גייסט איז ווערט אַזוי פיל וויפיל אַ גאַנצע וועלט, ווייל נישט נאָר דריקט עס אויס די גאַנצע וועלט, נאָר ער קען אויך די דאָזיקע וועלט, און ער רעגירט זיך אַליין, ווי דאָס טוט — גאָט! — — — מען קאָן זאָגן, אַז באַשאַפענע געטער אונטערשיידן זיך פון גאָט נאָר אין גראַד, נאָר ווי דאָס ענדלעכע אונטערשיידט זיך פון דעם אומענדלעכן."

ווי אַזוי אָבער עס קאָן געמאָלט זיין אַ גאָט, אַן אַבסאָלוט און פולקום וועזן, אַריינגעזעצט צווישן געטלעך, וואָס אויב זיי מיינען עפּעס בכלל, מיינען זיי וועזנס, וואָס מיט זייער ווילן און באַנעם מוז מען זיך רעכענען? ווי אַזוי די דאָזיקע געטעלעך קאָנען טאָן ביידע זאַכן: אי דינען גאָט, אי האָבן אַ פרייען ווילן? ווי אַזוי אַ געטעלע קאָן זיך רעגירן פונקט אַזוי ווי גאָט טוט עס, און אין דער זעלביקער צייט שטיין אינגאַנצן אונטער דער השפעה פון אַ גאָט, וואָס האָט אויף אייביק־אָן פאָראויס־געשטעלט די האַרמאָניע פון גאַנצן קאָסמאָס — אַריינרעכענענדיק שוין אויך די געטעלעך, גאָטס קינדערלעך — די מענטשן? ווי אַזוי אַן אַל־מעכטיקער גאָט, „אַן אוניווערסאַלער אויטאָר פון וועזנס", קאָן בלויז אין גראַדן זיך אונטערשיידן פון דעם שוואַכינקן מענטשעלע, וועמען ער מיט זיין אַבסאָלוטן ווילן און פאָראויסזען האָט באַשאַפן, — וואָס דאָס מיינט אייגנטלעך דאָס זעלביקע ווי צו פרעגן: איז טאַקע בלויז אַ מדרגה־דיקער אונטערשיד נאָר פאַראַן צווישן דעם באַשאַפענעם ענדלעכן וועזן און דעם אומענדלעכן באַשאַפער פון וועזנס? קאָן עס ווירקלעך אויף וועלכן עס איז אופן אָפּגעווישט ווערן דער אָפּגרונד צווישן דעם אומ־ענדלעכן און ענדלעכן? איז דאָס נישט אמת, אַז ווען מען רינגלט אַרום

אַ גאָט מיט געטעלעך — אַן אומענדלעכקייט מיט אַ קייט פון ענדלעכ־קייטן — שניידן מיר גלייך אָפּ ווי מיט אַ שווערער שער גאָטס פליגלען פון אייביקייט, אַבסאָלוטקייט, אַלעמעכטיקייט און פולקומקייט? און ווערט דען נישט דורך דער גאָט־געטעלעך שייכות, ווי מיט אַן עלעקטרישן שטראָם, אַריינגעפירט אַן אָפּשוואַכונג אין אַלע גלידער פון אַלע די גאָטס אייגנשאַפטן, פאַר וועלכע לייבניץ שטעלט זיך אַזוי שטאַרק איין? — אויף אָט די אַלע פראַגן געפינען מיר נישט ביי לייבניצן קיין שום ענטפער. און דאַריבער הינקט טאַקע ביי אים, פונקט ווי ביי דעקאַרטן, אויף ביידע פיס די אויסגעהאַלטנקייט צווישן דער אַבסאָלוטקייט און פולקומקייט פון גאָט פון איין זייט, און דער פרייהייט פון ווילן ביי דעם מענטשן פון דער צווייטער זייט.

נישט אַ האָר מער אויסגעהאַלטן איז דער טעלעאָלאָגישער דעטער־מיניזם פון דעם ענגלישן דענקער בערקלי — דעם מחבר פון דעם עמפּירישן אָדער אָביעקטיוון אידעאַליזם אין דער פילאָסאָפיע.

די גאַנצע אויסנווייניקסטע וועלט, אָט־אָ די וועלט, וואָס דער גע־וויינטלעכער מענטשלעכער פאַרשטאַנד מאָלט זי זיך ווי אַ ממשותדיקס, גשמיותדיקס עפּעס, וואָס געפינט זיך מחוץ פון די חושים, — אָט־אָ די גאַנצע דרויסנדיקע מאַטעריעלע עקסיסטענץ — זעצט בערקלי אַריין אין דעם גייסט פון גאָט. אַנשטאָט אַ וועלט פון מאַטעריע, וועלכע איז געווען אומאָפּהענגיק פון אַלץ, וואָס מיר רופן אַן גייסט, ווערט די זעלביקע וועלט ביי אים — אַ וועלט פון אידעען, וועלכע איז פון אייביק ביז אייביק איינגעשלאָסן אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן, אין גאָטס באַוואוסטזיין. עס קאָן אַלזאָ נישט געשען קיין נייעס אין דער וועלט; אַלע פאַרקומענישן און אַלע אויפטואונגען זענען מיט גאָט און אין גאָט, אויסגעגאָסן פון איין אומענדלעכקייט ביז דער אַנדערער.

וואָס אָנגעהערט דער אייביקייט און אויסגעגאָסנקייט פון דער אוני־ווערסאַלער עקסיסטענץ, גייט זיך דאָ בערקלי צונויף מיט ספּינאָזאַן. האָט אָבער ספּינאָזאַ אַן וועלכע עס איז פּלפּולים דערקלערט, אַז דער דאָזיקער באַגריף שליסט־אויס די מעגלעכקייט פון וועלכן עס איז באַשאַף אָדער אַנטשטייאונג פון וועלטן, און ממילא די מעגלעכקייט פון דעם מענטשן דורך דער פרייהייט פון זיין ווילן אויפטון עפּעס ממשותדיקס אויף דער וועלט. דער מענטש קאָן נישט אויפטון קיין זאַך, וואָס זאָל באמת קאָנען הייסן אַ נייער אויפטו, ווייל אַלץ איז שוין אויפגעטון געוואָרן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויף אייביק — דורך דער פולקומער און אַבסאָלוטער געט־

לעכקייט. ממילא הייסט עס, אַז דער מענטש האָט נישט קיין פרייען ווילן.

בערקלי גלויבט אָבער אין יעדן אות פון דער ביבל, און אין איר שטייט דאָך בפירוש געשריבן: „גאָט האָט באַשאַפן״, און באַשאַף מיינט דאָך, אַז גאָט האָט געטאָן עפּעס, שוין נאָך דעם ווי ער אַליין איז פון זיך אַליין אַנטשטאַנען. דאָס ווידער באַטייט, אַז שפּעטער־צו האָט ער איינגעזען עפּעס אַזוינס, וואָס פריער האָט ער נישט איינגעזען, און אַזאַ מאַנעוורע רעדט קעגן פולקומקייט. גאָט אַלזאָ מוז זיין פולקום, און די תורה מוז זיין אמת — פון דעם קאָן זיך בערקלי נישט באַפרייען. בלייבט איין אויסוועג, און דאָס איז — אויסצוטייטשן דעם ביבלישן באַשאַף אַזוי, אַז ער זאָל איבעראיינשטימען מיט דעם מעטאַפיזישן באַגריף וועגן גאָט. דער רעזולטאַט פון אַזאַ מין פאַרגוואַלטיקונג פון דער לאָגיק איז, אַז אי דאָס ציגעלע ווערט פאַרצוקט, אי דער וואָלף בלייבט נישט זאַט. דער זין און דער מיין פון דעם באַשאַפס־פּראָצעס ווערט אינגאַנצן אויפגעפרעסן פון אַט דער משונהדיקער אויסטייטשונג, און ערשט בלייבט נישט־צופרידנגעשטעלט דער, וואָס גאַרט באמת נאָך גאָטס אבסאָלוטער פולקומקייט.

מיר זעען אַלזאָ קלאָר, אַז בערקלין, אַזוי ווייניק ווי לייבניצן, גיט זיך אויף וועלכן עס איז אופן נישט איין אַוועקצומאַכן מיט דער סתירה צווישן אַ פולקומען גאָט און אַ מענטשן מיט אַ פרייען ווילן, — אַ סתירה, וועלכע דעקאַרט האָט צוגעגעבן, אַז די מעטאַפיזיק קאָן זי נישט פאַרענטפערן.

ספינאָזאַ האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער אינעווייניקסטער שטים פונעם פרייען ווילן, וועלכע דעקאַרט האָט קלאָר אַרויסגעהערט אין די טיפענישן פון זיין נשמה, און ער האָט געצויגן דירעקטע און שאַרפע קאָנסעקווענצן פון דער השערה, אַז פולקומקייט איז אידענטיש מיט געטלעכקייט. ער האָט, ווי מיר האָבן געזען, אינגאַנצן אָפּגעזאָגט דעם מענטשן זיין פרייען ווילן, און אויף אַזוי פיל איז ער מער אויסגעהאַלטן דעטערמיניסטיש ווי דעקאַרט, לייבניץ און בערקלי. וואָלט עס שוין גאָר גוט געווען, ווען ער זאָל געוועזן דערלויבן דעם מענטשן צו בלייבן אַן אויטאָמאַט און צו ווערן, מיט אַלע חיות באַגלייך, אַ מאַשין — לויט ווי דעקאַרט האָט זיך עס פאָרגעשטעלט. ניין, ווילט זיך דאָס אָבער ספינאָזאַן נישט. ער פילט, אַז דאָס וואָלט געווען נידעריקער פון מענטשלעכער ווערדע. שאַפט ער דעריבער פאַר דעם מענטשן אַ פריווילעגירטע פּאָזיציע, און גיט אים אַוועק אַ וועלט מיט אַרבעט אויפן וועג פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, ווייזט אים אָן אויף אַלערליי אומענדלעכע מעגלעכקייטן אויף צוצוקומען, דורך שטאַרקע אָנשטרענגונגען, אַלץ נעענטער און נעענטער צו גאָט; און

אויף אַזאַ אופן צו ווערן אַלץ מער און מער פולקום. אַקטיוויטעט ווערט דאַריבער ביי ספינאָזאַן אַן אויסדרוק פון פולקומקייט. ער זאָגט אין זיין עטיק גאַנץ קלאָר, אַז וואָס מער פולקומקייט אַ זאַך האָט, אַלץ מער אַקטיוו איז זי. טראַכט איר זיך אָבער גוט אַריין אין דעם פּראָגרעס און אין דער אַקטיוויטעט, וועגן וועלכע ספינאָזאַ רעדט, אָדער אין די באַגערן, שטרעבונגען און אָנשטרענגונגען, וועלכע ווערן פון אים באַטאָנט, דערפילט איר, אַז אויב איר נעמט דאָס אַלץ ווי עס שטייט און גייט, האָט איר אין דער אמתן די זעלביקע געשיכטע פּאַר אייך, ווי מיט בערקלים „באַשאַף".

עס ווערט אַ היפּאָטעטישער פּראָגרעס, אַ היפּאָטעטישע אַקטיוויטעט, און אַלע באַגערן, באַשטרעבונגען און אָנשטרענגונגען זענען כמעט ווי אילוזיעס. ווילט איר אָבער נישט צולאָזן קיין היפּאָטעטישקייט ביי ספינאָזאַן, קאָנט איר, אַזוי דוכט זיך מיר, קומען צו אַ גאַנץ באַגרינדעטן שלוס, אַז נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ספינאָזאַ שטעלט זיך אַזוי שטאַרק קעגן דער מעגלעכקייט פון אַ פרייען ווילן ביי דעם מענטשן, קומט דאָך ביי אים דער מענטש אַרויס אַ פרייער, — אַ דאַנק דעם, וואָס גאָט איז אומענדלעך און וואָס דער מענטש האָט אומענדלעכע מעגלעכקייטן אויף צו צוקומען נעענטער צו דער געטלעכקייט, און ווערן אויף אַזאַ אופן אַלץ אינהאַלטס־רייכער און פולקומער. פון דעם דעטערמיניזם ווערט, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אַן אינדעטערמיניזם.

דאָס זעלביקע ווערט פון ספינאָזאַס דעטערמיניזם אויף ווי ווייט ער, דער דאָזיקער דעטערמיניזם, הייסט עס, באַציט זיך אויך אויף גאָט.

ספינאָזאַ, אין זיין שטרענגער אויסגעהאַלטנקייט, נעמט נישט נאָר אוועק דעם פרייען ווילן ביי דעם מענטשן, נאָר אויך ביי גאָט. גאָט ווערט ביי אים איינגעקלאַמערט אין אייביקע און אומענדלעכע רייפן פון דער געזעצמעסיקער נויטווענדיקייט פון גאָטס אייביקער און פולקומער נאַטור. גאָט האָט זיך אַליין, הייסט עס, מיט זיין אייגענעם ווילן, איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויסגעשפּרייט און אויסגעגאָסן —אַזוי, אַז מער קאָן ער זיך שוין נישט קיין ריר טון. אמת, ער קאָן טאַקע נישט, ווייל ער דאַרף שוין נישט מער. דער פאַקט אָבער בלייבט, אַז ער קאָן שוין מער נישט, נישט האַנדלען און נישט וועלן צו האַנדלען. ער ליגט, אַזוי צו זאָגן, אַ געבונדענער אין זיין אַלמעכטיקער, פולקומער, אייביקער און אומענדלעכער נאַטור.

„איך האָב דייטלעך גענוג דערוויזן", זאָגט ספינאָזאַ, „אַז פון גאָטס העכסטער מאַכט, אָדער אומענדלעכער נאַטור, זענען אַרויסגעפלאָסן אָן אַ

שיעור זאַכן, דאָס הייסט, אַלע זאַכן אויף אַן אַ שיעור אופנים, אָדער, אַז זיי קומען כסדר אַרויס פון דער זעלביקער נויטווענדיקייט, אויף דעם זעלביקן שטייגער, ווי פון דער נאַטור פון אַ דרייעק פאָלגט, מעולם ועד עולם, אַז זיינע דריי ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען. דערפאַר האָט זיך די אַלמאַכט פון גאָט אַרויסגעוויזן פון אייביק אָן, און וועט אויף אייביק פאַרבלייבן אויף דער זעלביקער אַקטיוויטעט."

אויף אַזוי ווייט איז ביי ספינאָזאַן, דאַכט זיך, דער דעטערמיניזם אַ פולקומער. אויף דעם מזבח פון גאָטס פולקומקייט ווערט דאָ געאָפּפערט מיט גאָטס פרייען ווילן. אַזוי רעדט זיך דאָס אָבער נאָר, איידער מען טראַכט זיך טיפער אַריין אין דעם ענין.

גראָבט מען זיך אַריין מיט דעם געדאַנק אין די ווערטער: „פון גאָטס אומענדלעכער נאַטור זענען אַרויסגעפלאָסן אַלע זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופנים" און מען צעגלידערט דעם זאַץ: פון אומענדלעכער נאַטור אַרויסגעפלאָסן אַלע זאַכן, פרעגט זיך באַלד אויפן אָרט: איז אין אונדזער גאַנצער לאָגיק, אין אונדזער גאַנצן פאַרשטאַנד פאַראַן ערגעץ וואו אַן איבעראיינשטימיקייט צווישן די ווערטער אומענדלעך און אַלע? און דעם ענטפער, וואָס מיר באַקומען, איז אַן אומצווייפלהאַפטער ניין! „אַלע" באַדייט ענדלעכקייט. ווען מיר זאָגן „אַלע", מיינען מיר, אַז אַ חוץ די זאַכן אָדער געשעענישן, וואָס ווערן אַרומגענומען פון דעם באַגריף „אַלע", זענען שוין מער קיין זאַכן אָדער געשעענישן נישט פאַראַן, און דאָס איז פונקט דער הפוך פון דעם וואָס „אומענדלעך" באַדייט. ממילא איז שוין אויך פאַראַן אַ סתירה צווישן „אַלע" און „אָן אַ שיעור", און דער זאַץ „אַלע זאַכן זענען אַרויסגעפלאָסן אויף אָן אַ שיעור אופנים" פאַרלירט אינגאַנצן זיין זין!

טוען מיר דאָס זעלביקע מיט די באַגריפן „אייביקייט" און „נויטווענדיקייט", באַקומט זיך דער זעלביקער רעזולטאַט: „נויטווענדיקייט" שליסט אין זיך איין, אויף אַן אַבסאָלוט־נויטווענדיקן אופן, דעם באַגריף פון באַגרענעצטקייט אָדער ענדלעכקייט; „אייביקייט", ווידער פאַרקערט, לאָזט זיך אַריינציען אין דער רובריק פון „אומענדלעכקייט", און דאַריבער קאָנען מיר טאַקע נישט זאָגן, אַז „פון דער נאַטור פון אַ דרייעק פאָלגט אויף אייביק, אַז זיינע דריי ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען", מיינענדיק דערביי, אַז דאָ איז פאַראַן אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט. מיר קאָנען זיך בשום אופן נישט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן אויסזען אַ דריי־ווינקלדיקע פיגור קאָן האָבן אין אַן אינטעליגענץ, וועלכע זאָל זיין העכער

פאַר דעם מענטשנס, ממילא וועלן שוין דאָרטן אויך די ווינקלען־שייכותן זיין אַנדערע. מיר קאָנען דעריבער נישט נאָך דעם דרייעק נאָך די גאַנצע מאַטעמאַטיק נישט אַריינזעצן אין דער אומענדלעכקייט, און זי לאָזן דאָרטן אָפּערירן אויף אייביק מיט אַן אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט.

„דער אוניווערסאַלער גייסט", זאָגט דער אַמעריקאַנער דענקער לייטאָן, „מוז באַגרייפן דעם אמת אין זיין סיסטעמאַטישער גאַנצקייט. און דער אַבסאָלוטער אמת מוז זיין דאָס גאַנצע סיסטעם פון שייכותן און טערמינען, וועלכס ווערט אינטואיטיוו עמפּינדן אָדער באַנומען דורך אַן איין־און־איינציקן און אומאויפהערלעכן אַקט פון אַזאַ גייסט."

דערפון זעט אויס צו זיין געדרונגען, אַז נישט די אמתן פון דער מאַטעמאַטיק און נישט פון דער עמפּינדונג (די צוויי פּאַליוסן פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש) דאַרפן עקסיסטירן פאַר אַזאַ גייסט פּונקט אויף אַזאַ אופן ווי זיי עקסיסטירן פאַר אונדזערע גייסטער. — די באַ־הויפּטונג, למשל, אַז צוויי און צוויי זענען פיר, אָדער אַז די דריי אינע־ווייניקסטע ווינקלען פון אַ דרייעק זענען אַלע אינאיינעם גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען, דאַרף מיט זיך נישט פאָרשטעלן אַ געדאַנקלעכן אַקט פאַר אַ פולקומער אינטואיטיווער אינטעליגענץ. אַ גייסט, וואָס באַגרייפט רוים אין זיין לעצטן אמת, אין דער טאָטאַליטעט פון דעם רעאַלן, דאַרף נישט געאָמעטריזירן."

לויט ווי די נייעסטע גאונים אין דער מאַטעמאַטיק זאָגן אונדז, האָט זי אינעם גאַנג פון איר אַנטוויקלונג פאַרלוירן אַ סך פון איר קלאָרקייט, זיכערקייט און געוויסהייט, און גאָר אַ סך פון אירע, ביז איצט אויסזעענ־דיקע, אַבסאָלוטע אמתן, האָבן זייער אַבסאָלוטקייט פאַרלוירן און זענען אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון רעלאַטיווע באַגריפן. עס גייט אַזוי ווייט, אַז בערטראַנד ראָסעל דעפינירט מאַטעמאַטיק אַלס אַ „קענגשטאַנד, וואָס אין אים ווייסן מיר קיינמאָל נישט, וועגן וואָס מיר רעדן, און אויך נישט אויב דאָס וואָס מיר זאָגן, איז אמת".

קראָטשע, אין זיין בוך „לאָגיק", הייבט אָן דאָס קאַפּיטל וועגן מאַטע־מאַטיק מיט אַ קאַטעגאָרישן אַרויסטריט אַנטקעגן דעם באַגריף פון אַ מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט פון דער נאַטור.

אַ מאַטעמאַטישער באַגריף פון נאַטור־וויסנשאַפטן וואָלט געמיינט אַ פולקומער מעכאַניזם, אַ צוריקפיר פון אַלע דערשיינונגען צו כמות אָן איכות, און אַזאַ נאַטור, אַזאַ רעאַליטעט, אַזעלכע דערשיינונגען — דענקט קראָטשע — זענען אין ערגעץ נישט בנמצא.

„רוים", זאָגט ער, „ווערט כאַראַקטעריזירט ווי עטוואָס אַזוינס, וואָס באַשטייט פון דריי דימענסיעס. די רעאַליטעט אָבער גיט נישט אַזאַ רוים, וועלכער איז פונקט אַזוי צונויפגעשטעלט, נישט אַזאַ רוים, וואָס אַנטהאַלט דריי דימענסיעס, נאָר אַ רוימלעכקייט. דאָס מיינט צו זאָגן — דענקלעכ־קייט, אינטואיטיווקייט אין אַלגעמיין, לעבעדיקע און אָרגאַנישע אויס־געשפּרייטקייט, אָבער נישט קיין מעכאַנישע און אָנגעהויפטע. דער כאַראַקטער פון אַזאַ רוים באַשטייט נישט אין דעם, וואָס ער האָט דריי דימענסיעס: איינס, צוויי, דריי, נאָר אין דעם, וואָס ער איז רוימלעכקייט, אין וועלכער אַלע דימענסיעס געפינען זיך אין איינער, אַזוי אַז דאָרט זענען נישט פאַראַן קיין שום אָפּגעזונדערטע און אויסגערעכנטע דימענסיעס — אין קיין דריי־עק קען דער סכום פון זיינע ווינקלען נישט זיין גלייך, און זיי זענען טאַקע נישט גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען, — ווייל אַזאַ זאַך ווי אַ דריי־עק עקסיסטירט בכלל נישט — אין דערווירקלעכקייט איז גאָר נישטאָ קיין געאָמעטרישער דריי־עק, ווייל אין דער ווירקלעכקייט זענען נישט פאַראַן קיין שום גלייכע ליניעס, קיין שום רעכטע ווינקלען און קיינערליי סכום פון רעכטע ווינקלען, און קיין סכום פון ווינקלען איז נישט גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען, — פונקט ווי עס איז נישט פאַראַן קיין פרייע באַוועגונג אין דער ווירקלעכקייט, ווייל יעדע ווירקלעכע באַוועגונג קומט פאָר אין באַשטימטע באַדינגונגען, און דאַריבער—צווישן שטערונגען."

און אויב דאָס איז ריכטיק וועגן נאַטור, איז עס דאָך נאָך ריכטיקער— וועגן גייסט. און קראָטשע ענדיקט זיין קאַפּיטל וועגן מאַטעמאַטיק מיט די ווערטער: „דער גייסט, וועלכער איז דער גאַנצער גייסט אין יעדן איינציקן מענטשן און אין יעדן באַזונדערן מאָמענט פון לעבן, איז קיינמאָל נישט צונויפגעשטעלט פון עלעמענטן, וואָס קאָנען געמאָסטן ווערן."

אָט אין די דאָזיקע לעצטע ווערטער דריקט זיך אויס די רעוואָלוציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין דעם מענטשלעכן דענקען פון גאַלילעין און ספּינאָזאַן ביז איינשטיינען און קראָטשען.

אין זיין טיפער אָפּהאַנדלונג וועגן איינשטיינס טעאָריע, זאָגט סעמועל גוגענהיימער: „אונדזערע גייסטער האָבן רוים און צייט געשאַפן. זיי זענען עס די גערדאַנקלעכע קענגווירקונגען פון אונדזערע ספּעציפישע באַדינגונגען צו די דערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אין דער רעאַלער וועלט. אין יענער וועלט הערט אויף אַ גלייכע ליניע צו זיין די קירצסטע דיסטאַנץ צווישן צוויי פונקטן."

דאָס מיינט ווידער, אַז אויף וויפיל מיר מענטשן אַנטוויקלען זיך, אויף

וויפיל מיר ווערן אינהאַלטסרייכער, אויף וויפיל מיר אַליין קנוילן זיך אַלץ מער אַריין אין דער רעאַליטעט, אַלץ מער ווערט די מעגלעכקייט פאַר מאַטעמאַטישע אַקסיאָמען — זיך צו פאַרלירן אין גרעסערע אמתן, וואָס דער מענטש האָט אַ דאַנק זיין פּראָגרעס דערבליקט און פון דער „אויף אייביק אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט" ווערט אַ פאַרהעלטנישמעסיקע אין רוים און אין צייט ווירקנדיקע היפּאָטעזע.

„איינשטיינס לערע העלפט אונדז זיך צו דערמאָנען — זאָגט דער זעלביקער גוגענהיימער — אַז „דאָס וואָס איז נישט צום דערגרייפן אין איין דור ווערט דערגרייפלעך אין אַן אַנדער דור, און אַז עס דאַרף נאָך באַוויזן ווערן אויב די דאָזיקע באַגריפן אפילו, וועלכע זעען אויס צו זיין פאַר אונדז פון די פונדאַמענטאַלסטע און סאַמע לעצטע, אַז אויך זיי וועלן נישט קאָנען אין די קומענדיקע דורות אַנאַליזירט און אויפגעלייזט ווערן אין אַ נאָך־טיפער ליגנדיקער רעאַליטעט, און אַז דער מענטשלעכער געדאַנק וועט זיך אויף ווייטער אַנטוויקלען נישט נאָר אין גרויס נאָר אויך אין דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זיינע חושים און באַנעם־מעגלעכקייטן."

פון דער נאַטור פון מאַטעמאַטישע פיגורן און פון קיינע מאַטע־מאַטישע אַבסטראַקציעס קאָן קיין איינאונאיינציקער שלוס נישט פאָלגן „אויף אייביק מיט אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט", און מיר קאָנען דעריבער פאַר קיין פאַל נישט ציען קיינע לאָגישע פּאַראַלעלן צו אַן אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט — אין דער נאַטור פון גאָט.

און אפילו ווען די מאַטעמאַטיק זאָל אַזאַ אַבסאָלוטהייט פון נויט־ווענדיקייט יאָ פאַרמאָגן, איז נאָך אויך דאַן דערפון נישט געדרונגען, אַז זי, די דאָזיקע נויטווענדיקייט, קאָן זיך אויך באַציען אויף דער רעאַליטעט אָדער גאָט. ווייל מיר מוזן האַלטן אין זכרון, אַז מאַטעמאַטיק פאַרנעמט זיך מיט אַבסטראַקציעס און נישט מיט קיין קאָנקרעטקייטן. זי אָפּערירט בלויז מיט קוואַנטיטעטן, און קאָן דעריבער נישט זיין דער אויסדרוק פון קוואַליטעטן, און זי קאָן בשום אופן נישט זיין מאָסגעבנדיק פאַר אַ רעאַלי־טעט, וועלכע איז קוואַליטאַטיוו אין איר מהות.

אין דער אמתן האָט זיך דער גאַנצער באַגריף פון געזעצמעסיקייט און נויטווענדיקייט געביטן זינט ספּינאָזאַ האָט זיין „עטיק" געשריבן. די נאַטור־געזעצן האָבן זינט דעמאָלט פאַרלוירן גאָר גאָר אַ סך, סיי פון זייער שטרענגער געזעצמעסיקייט און סיי אייזערנער נויטווענדיקייט.

„די אַזוי־אָנגערופענע געזעצן פון דער נאַטור", זאָגט לייטאָן, „זענען עקזאַקט נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל זיי פאַרנעמען זיך מיט אַבסטראַקטע

קאָנסטרוקציעס, וואָס אין זיי איז די אויסערגעוויינטלעך־פּרוכטבאַרע קוואַלי־טאַטיווע קאָמפּליצירטקייט פון דער עמפּירישער וועלט פאַראיינפאַכט גע־וואָרן אויף אַ קינסטלעכן אופן."

דער כאַראַקטעריסטישסטער שטריך פון דער נייסטער פילאָסאָפיע איז דאָס, וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ נייעם באַגריף אינעם טערמין „נאַטור־געזעץ". זי האָט געמאַכט אַ סוף צו דער אומפאַרמיידלעכקייט און נישט־געערירטקייט, וואָס די וויסנשאַפט האָט ביז איצט אַרויסגעלייענט פון די פּראָצעסן און געשעענישן, וועלכע קומען פאָר אין דער נאַטור, און וועלכע זענען געקומען צום אויסדרוק אין דער וויסנשאַפטלעכער פאָרמו־לירונג פון נאַטור־געזעצן.

אין די נייעסטע בליקן אויף דער קאָסמישער אַנטוויקלונג ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער באַטאָנט די איבעראַנדערשונג, די אַרויסוויקלונג און דאָס ווערן פון אַלץ, אויף וואָס נאָר אונדזערע חושים שטויסן זיך אָן אין דער ווירקלעכקייט, און אונדזער געדאַנק — אין דער פאַנטאַזיע. אַלץ וואָס איז געווען גייט אַריין אין זיין גאַנצער גאַנצקייט, אַלס אַ מעכטיקער פאַקטאָר אין דעם וואָס וועט ווערן. דערפון נעמט זיך אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן דעם וואָס ווערט און דעם וואָס איז געווען, ווי אויך — אַ געוויסע איינהייטלעכקייט אין דעם גאַנצן גאַנג פון דעם געווען־זיין־און־ווערן. דאָס אָבער וואָס ווערט, איז עפּעס אַזעלכס וואָס איז נאָך ניט געווען, און קיינער אין דער וועלט קאָן דאַריבער נישט זאָגן ווי עס וועט זיין איידער עס איז געוואָרן, אָדער אַז עס מוז און עס וועט זיין דווקא אַזוי און נישט אַנדערש. דער פּראָצעס פון ווערן באַטייט, אַז דאָס וואָס קומט, מוז זיין אַנדערש ווי דאָס וואָס איז געקומען. וואָלט עס נישט געווען אַנדערש, וואָלט אַזאַ זאַך ווי: „עס איז געוואָרן" פאַר אונדז בכלל נישט עקסיסטירט. אַלץ וואָלט פאַר אונדז דעמאָלט געווען אַן „עס איז". דאָס וואָס ווערט קאָן דאַריבער בשום אופן נישט זיין אידענטיש מיט דעם וואָס איז געווען. און היות ווי געזעצמעסיקייט און נויטווענדיקייט פאָדערן אַן אומבאַדינגטע אידענטיש־קייט, ממילא קאָנען נישט אינעם פּראָצעס פון ווערן אַריינקומען די באַגריפן פון געזעצמעסיקייט און נויטווענדיקייט.

„טאַקע דערפאַר" — זאָגט קראָטשע — „וואָס די נאַטור־געזעצן זענען אונדזערע אייגנווייליקע קאָנסטרוקציעס, און ווייל זיי גיבן דאָס באַוועגלעכע ווי עפּעס אַזעלכס, וואָס זאָל זיין פיקסירט, זענען זיי נישט נאָר נישט אומ־פאַרמיידלעך און ווייזן אונדז אַמאָל אויסנאַמען, נאָר עס איז אַבסאָלוט ניט

פאַראַן קיין איין רעאַלער פאַקט, וואָס זאָל נישט זיין קיין אויסנאַם צו זיין נאַטוראַליסטישן געזעץ".

דערביי ווייזט קראָטשע אָן אויף דעם פאַקט, אַז אַ ניי־געבוירן וועלפּעלע, הגם עס איז אין זיין אויסזען, אין זיין קראַפט און אין זיינע געוואוינהייטן אַזוי ענלעך צו די עלטערן, וועט עס אָבער קיינמאָל נישט זיין אידענטיש מיט די עלטערן. וואָלט עס אַנדערש געווען, וואָלט דאָרט אַן אידענטישקייט יאָ געווען, — ווי וואָלטן זיך וועלף געקאָנט אַנטוויקלען מיט דער אַנט־וויקלונג פון דער גאַנצער רעאַליטעט, פון וועלכער זיי זענען אַן אומ־צעטיילטער טייל?

ער ווייזט אויך אָן, אַז דאָס איז אמת נישט נאָר בנוגע דער אָרגאַנישער וועלט, נאָר אויך — בנוגע דער אומאָרגאַנישער וועלט. ווען מען אַנאַליזירט, למשל, וואַסער אין אַ קרוג, געפינט מען, אַז עס באַשטייט פון צוויי חלקים וואַסערשטאָף צו יעדן חלק פון זויערשטאָף. סינטעזירן מיר ווידער די צוויי עלעמענטן, לאָזן מיר נאָכאַמאָל דעם זויערשטאָף זיך צונויפצוגיסן מיטן וואַסערשטאָף, ווערט צוריק וואַסער. דאָס געוואָרענע וואַסער איז שוין אָבער נישט אין אַלע הינזיכטן איינס און דאָס זעלביקע מיט דעם וואָס איז פריער געווען. דאָס קאָמבינירן און ווידער־קאָמבינירן פון די שטאָפן האָט געמוזט אריינברענגען אַ געוויסע פאַרענדערונג, אפילו אויב מיר קאָנען זי נאָך נישט מערקן. די ענדערונגען, וועלכע זענען פאָר־געקומען פאַר דער דאָזיקער קורצער צייט אין דער רעאַליטעט, פון וועלכער דאָס וואַסער איז אַ טייל, האָבן זיך געמוזט אָפּרופן, אויף אַ וועלכן עס איז אופן, אויף דעם וואַסער. דאָס וואַסער, וואָס האָט זיך באַקומען נאָכן סינטעז פון די צוויי עלעמענטן, איז דעריבער ענלעך, אָבער בשום אופן נישט אידענטיש מיט דעם וואַסער אין קרוג פאַר דעם ווי עס איז אַנאַליזירט געוואָרן.

קראָטשע קומט דעריבער צום שלוס — און דאָס איז דער שלוס פון דער גאַנצער נייעסטער פילאָסאָפיע, — אַז „די אומבאַרירבאַרע געזעצן פון דער נאַטור, זענען די וואָס ווערן יעדן מאָמענט פאַרגוואַלטיקט. דאָס פאָראויס־וויסן איז אינגאַנצן פרעמד דער אמתער דערקענטעניש. זי ווייסט נאָר פון פאַקטן, וועלכע האָבן ווירקלעך פּאַסירט. פון דער צוקונפט קאָן קיין דערקענטעניש נישט זיין".

אָט די אַלע פאָראויסזעאונגען און פאָראויס־דערקענטענישן, וואָס דירעקטירן און רעגולירן מער אָדער ווייניקער אונדזערע האַנדלונגען, רופט

קראַטשע אַן „עמפּירישע באַגריפן, דאָס הייסט מנעמאָנישע המצאות, וועלכע שטיצן זיך אויף געשיכטלעכע אורטיילן".

און קראַטשע לייקנט נישט, אַז די אַלע אויף דער פאַרגאַנגענהייט זיך שטיצנדיקע פאָראויסזעענישן און פאָראויס־דענקענישן זענען זייער ניצ־לעך אינעם לעבן. אָן זיי וואָלטן מירווירקלעך קיין איין טריט נישט געקאָנט מאַכן אינעם לעבן. ער באַשטרייט אָבער יאָ זייער זיכערקייט, געוויסקייט און זייער אמתקייט, — אָט די אַלע סמנים, וואָס האָבן געקרוינט דעם באַגריף מיט אַן אומפאַרמיידלעכקייט, וועלכע איז צום אויסדרוק געקומען אין דער אַזוי־אָנגערופענער אייזערנער נאַטור־געזעצמעסיקייט.

„אויף וואָס איך באַשטיי אין דער אמתן" — זאָגט קראַטשע — „איז, אַז ווייל זיי (די נאַטור־געזעצן) זענען ניצלעך, זענען זיי נישט אמת. אויב זיי פאַרמאָגן אַ וועלכן עס איז אמת, ליגט ער אין דער פעסטשטעלונג פונעם פאַקט. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ער ליגט נישט אינעם פאָראויסזען און אינעם געזעץ, נאָר אינעם היסטאָרישן אורטייל, וואָס גיט אים זיין באַזים".

דער נייער געדאַנק האָט אַלזאָ אַרויסגענומען די אייזערנע נויט־ווענדיקייט און שטרענגע געזעצמעסיקייט פון דער מאַטעמאַטיק, אַזוי גוט ווי פון דער נאַטור און אַלע געזעצן, וועלכע די וויסנשאַפט האָט איר צו־געשריבן.

מיר וויסן דעריבער נישט פון אַזעלכע זאַכן אין אונדזער וועלט, וואָס פון זייער נאַטור זאָל פאָלגן אויף אַלע מאָל אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט, און מיר קאָנען דערפאַר נישט אַריבערטראָגן דעם דאָזיקן באַגריף אויף אַן אייביקן און אומענדלעכן וועזן.

דעריבער, ווען ספּינאָזאַ זאָגט אונדז, אַז גאָט איז אַ פרייע אורזאַך, איז אַזאַ באַהויפּטונג גאַנץ קלאָר פאַר אונדז. ווען ער מאָטיווירט אָבער גאָטס פרייהייט דערמיט, וואָס גאָט אַליין עקסיסטירט בלויז דורך דער נויטווענדיקייט פון זיין נאַטור און האַנדלט בלויז דורך דער דאָזיקער נויט־ווענדיקייט, ווערט שוין אינגאַנצן פאַר אונדז אוממעגלעך צונויפצופּאָרן די דאָזיקע צוויי באַגריפן — דעם באַגריף פון פרייהייט מיט דעם באַגריף פון נויטווענדיקייט. פרייהייט שליסט אויס אָדער אונטערדריקט נויט־ווענדיקייט, און נויטווענדיקייט קאָן נישט אַריבערגיין אין קיין פרייהייט. איז גאָט אַ פרייע אורזאַך, איז גאָט אומענדלעך, — קאָן ממילא נישט אַלץ פאָראויסבאַשטימט ווערן און אייביקייט מוז אין זיך איינשליסן דאָס ווערן אַזוי גוט ווי דאָס זיין. דער דעטערמיניזם באַנקראָטירט און דער

אינדעטערמיניזם בלייבט, מעג מיט אים די פולקומקייט יאָ אָדער נישט שטימען.

די דאָזיקע נישט־אויסגעהאַלטנקייט אין די אידעאַליסטישע דעטער־מיניסטישע סיסטעמען, האָט אין האַנט מיט דעם וואוקס פון דער מענטש־לעכער באַוואוסטקייט אויף דער שטאַרקייט פון זיין ווילן, און אויף דער קראַפטיקייט פון זיין פרייהייט, — האָט געפירט דערצו, אַז די געטלעכקייט זאָל אַלץ ווייניקער אָנהייבן אידענטיפיצירט ווערן מיט פולקומקייט, און אַז גאָט זאָל ווערן אביסל ווייניקער פולקום, אַביסל מער אינדעטערמינירט, און אַז די מענטשלעכע פאַרפולקומונג זאָל מיינען אַלץ מער און מער ווילן צו פרייהייט.

די מענטשלעכע פערזענלעכקייט האָט געפאָדערט, אַז זיין אַקטיוויטעט און זיין פּראָגרעס זאָל האָבן אַ רעאַלע ממשותדיקייט, אַז זיינע טואונגען זאָלן ווירקלעך מיינען אויפטואונגען אינעם רעאַלן גאַנג פון דער וועלט, און אַז זיינע שאַפונגען זאָלן מיינען צו שאַפן עפּעס אַזעלכס, וואָס איז נאָך פריער נישט געווען און וואָס האָט פון קיינעם נישט געקאָנט פאָראויס־געזאָגט, אָדער באַשטימט ווערן. דאָס זיכערע נישט־זיין פון קיין עפּעס נייעס אויף דער וועלט איז דערווידער געוואָרן דעם מענטשן.

די דאָזיקע געפילן פון רעוואָלט און פּראָטעסט קעגן אַן אַבסאָלוט־פאַרטיקער וועלט האָבן געפונען זייער שטאַרקסטן אויסדרוק אין דער נייעסטער פילאָסאָפיע בכלל און אין בערגסאָנען בפרט.

ד"ר. א. א. ראָבאַק

# דער באַגריף פון פרייהייט ביי ספינאָזאַן

ווען מען נעמט אין באטראכט, אז ספינאָזא האָט בכיוון א נאָמען געגעבן זיין וויכטיקסט ווערק — עטיק, און אז וויטער דער פּראַקטישער טייל פון זיין גרוים מייסטערווערק הייסט „די פארשקלאַפונג פון מענטשן" און „די פרייהייט פון מענטשן", אזוי ווי אַלץ וואָס ער האָט באהאַנדלט אויפן מעטאַפיזישן געביט איז א מין אריינפיר צום תכלית פון מענטשן, וואָלטן מיר באדאַרפט קומען צום שלוס, אז ספינאָזא האָט מער געוויכט געלייגט אויף דער אויפפירונג פון מענטשן ווי אויף דעם מהות פון גאָט אָדער אויף דער שייכות פון גייסט צום קערפּער.

אין זיין „אויסבעסערונג פון שכל" זאָגט ער טאַקע בפירוש, אז זיין כוונה איז צוצופירן אַלע וויסנשאַפטן צו איין פונקט, דאָס איז: ווי אזוי צו דערגרייכן די פולסטע מאָס מענטשלעכע פולקומענקייט; און וואָס ברענגט אונדז נישט נענטער צו אָט דעם תכלית דאַרף בראַקירט ווערן פון די וויסנשאַפטן. אָט די תכליתדיקייט אין ספינאָזאַן ווערט אָפּט פאַרזען פון פילאָסאָפן, וואָס זענען כסדר אריינגעטון אין ספינאָזאָס מעטאַפיזיק, אין זיין חקירה איבער גאָט בפרט.

צוליב דעם עקסטרעמען פּאַראַלעליזם פון ספינאָזאָס סיסטעמע, וואו געדאַנק און אויסגעשפרייטקייט (extensio) ווערן באַטראַכט פאַר צוויי געשטאַלטן פון דער זעלביקער זאַך, און וואו גאָט ווערט באטראַכט פאַר דעם אומענדלעכן אויסדרוק פון אַלע באַשרענקטע מאָדוסן, און די באַ־שרענקטע מאָדוסן פאַר די אומענדלעך־קלענסטע טיילן, אָדער אויסדרוקן פון גאָט — צוליב אָט אזא מערקווירדיקן פּאַראַלעליזם איז שווער צו דערגיין, וואָס די פרייהייט פון מענטשן געהער זיך אָן מיט דער פרייהייט פון גאָט. צי איז גאָט אבסאָלוט פריי, און צי איז דער מענטש אינגאַנצן אָן א ברעקל פרייען ווילן, אָדער צי איז דעם מענטשנס פרייהייט א מין באַשרענקטע אָפּשפיגלונג פון גאָטס אבסאָלוטער פרייהייט?

אזוי ווי ספינאָזאָס פילאָסאָפיע איז אַן ענג־צונויפגעקייטלטע סיסטעמע, וועלן מיר מוזן פריער באַטראַכטן דעם יסוד פון זיין פאַנטעאיזם, כדי צו

זען ווי זיין שיטה פון פרייהייט קאָן זיך איבערהויפּט אריינפּאסן אין דעם פּאַנטעאיסטישן בנין.

## פּאַנטעאיזם און פרייהייט

עס פאָדערט זיך בלויז א קנאַפּע ידיעה אין דער פּאַנטעאיסטישער וועלט־אָנשויאונג איינצוזען, אַז אבסאָלוטע פרייהייט קאָן נישט געמאָלט זיין ביי ספּינאָזאַן. אמת, די אומענדלעכע סובסטאַנץ איז א פרייער יש (res libera), אָבער די דאָזיקע פרייהייט איז אַ דווקאדיקע, געצוואונגען פון דער אייגענער נאַטור. וואָלט די געצוואונגענקייט געקומען פון אַן אויסנוויי‌ניקער סיבה, וואָלט מען שוין נישט געקאָנט רעדן פון קיין פרייהייט. איז אָבער גאָט די סיבה פון זיך אליין (causa sui), און דערפאר איז שוין נישט פאראן קיין סתירה אין דעם אויסדרוק „א פרייע נויטווענדיקייט" (libera necessitas)

אויב אַלץ וואָס איז נאָר פאראן עקסיסטירט אין גאָט, און גאָט שטעלט מיט זיך פאָר אַלץ, קאָן ממילא קיין זאַך נישט ווירקן אויף אים אחוץ דאָס וואָס איז שוין אין אים, דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַלע זיינע האַנדלונגען זענען בהסכם מיט זיין אייגענער נאַטור.

אויף אַזוי ווייט, הייסט עס, איז גאָט פריי. וואָס איז אָבער מכח דער פרייהייט פון מענטשן?

מען קאָן גרינג פאַרשטיין, אַז אויב די אומענדלעכע סובסטאַנץ איז פריי נאָר מחמת ס'איז קיין זאַך נישט פאַראַן אחוץ דעם, קאָן מען בשום אופן דעם מענטשן, וואָס איז נאָר אַ באַשרענקטער מאָדוס פון דעם אומענדלעכן סובסטאַנץ־געדאַנק, אָדער גאָט־וועלט, נישט צושרייבן אַזאַ איינגעשאַפּט ווי פרייהייט, אין דעם געוויינטלעכן זינען פון וואָרט. גאָט, סובסטאַנץ קאָן נישט באַווירקט ווערן פון דרויסן; דער מענטש אָבער יאָ.

לאָמיר זיך אָבער נישט באַנוגענען מיט אַן אַלגעמיינעם אויספיר. עס איז נייטיק זיך צו פאַררופן אויף באַשטימטע שטעלעס אין ספּינאָזאָס „עטיק", כדי אַרויסצוברענגען דעם תוך פון זיין שיטה בנוגע פרייהייט, וואָס ער אַנטוויקלט ערשט קלאָר אין די לעצטע פאָר טיילן פון זיין „עטיק", הגם אפילו אין ערשטן בוך (טייל) געפינען מיר שוין צעוואָרפן באַמערקונגען, וואָס זענען נישט אָן באַטיט, למשל, ווי אין די הערות צום 33טן מאמר.

## ספינאָזאַ דער דעטערמיניסט

די גאַנצע פּראָבלעמע פון ווילן און האַנדלונג ווערט נישט באַרירט ביז דעם 26טן מאמר, קעגן סוף פון ערשטן טייל. די צווייטע העלפט פון מאמר לייענט זיך: „דאָס וואָס גאָט איז נישט גורם, קאָן זיך אַליין נישט גורם זיין עפּעס צו טון".

נאָך קלאָרער און באַשטימטער רעדט דער 28טער מאמר. „יעדע זאַך באַזונדער, וואָס איז באַשרענקט און האָט אַ באַ'גורמ'טע עקסיסטענץ, קאָן נישט עקסיסטירן און קאָן אויך נישט באַ'גורמ'ט ווערן צו האַנדלען, סיידן עס איז באַ'גורמ'ט געוואָרן צו עקסיסטירן און האַנדלען דורך אַן אַנדער סיבה, וואָס איז אויך באַשרענקט און האָט אויך אַ באַ־גורמ'טע עקסיסטענץ; און ווידעראַמאָל די דאָזיקע סיבה קאָן אויך נישט עקסיסטירן און באַ'גורמ'ט ווערן צו האַנדלען אַחוץ וואו זי איז באַ'גורמ'ט צו עקסיסטירן און האַנדלען דורך אַן אַנדער סיבה, וואָס איז אויך אַ באַשרענקטע און האָט אַ באַ'גורמ'טע עקסיסטענץ, און אַזוי ווייטער אָן אַ סוף".

פון דעם מאמר איז נישט שווער צו זען, אַז פאַר קיין צופאַל איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע. סיבה און פּעולה זענען אַזוי ענג פאַרבונדן איינס מיטן אַנדערן אין זיין סיסטעמע, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַן אומענדלעכער קייט פון סיבות אָדער פּעולות, ווי איר ווילט, ד. ה. פון וואָס פאַר אַ שטאַנדפּונקט איר קוקט אויף זיי, צי אויף צוריק אָדער אויף פאָראויס, ביז וואַנען איר שלאָגט זיך אָן אָן דער סיבת כל הסיבות — די אַבסאָלוטע סיבה אין דער אומענדלעכער קייט — און דאָס איז גאָט. גאָט האָט זיך אַליין גורם געווען (causa sui) און האַנדלט בהסכם מיטן געזעץ פון זיין אייגענער נאַטור.

אָבער דאָ שטויסן מיר זיך אָן אָן אַ אינטערעסאַנטן גלגול. די אַלע געוויינטלעכע סיבות, באַשרענקטע, וואָס קומען איינע נאָך דער אַנדערער, זענען טאַקע נישט מער ווי סיבות. דערגרייכן מיר אָבער די העכסטע און ערשטע סיבה, אַזוי האָבן מיר שוין צו טון נישט מיט קיין פּראָסטער סיבה, נאָר מיט אַ שכל (causa sive ratio), מחמת ביי אַלערליי פּאַסירונגען אין דער וועלט, קומט איין זאַך אָן צום צווייטן. ברענט די זון, שמעלצט זיך דאָס אייז; וואַקסט די זריעה, האָבן מענטשן וואָס צו עסן. אָבער ביי גאָט שיקט זיך נישט, אַז ער זאָל האָבן עפּעס אַ תכלית אין זינען. ער האַנדלט, מחמת עס איז פאַר אים לאָגיש נייטיק אַזוי צו האַנדלען. עס

ליגט אין זיין נאַטור צו טון וואָס ער טוט. ווערט דערפאַר פון דער סיבה א גרונט, א שכל.

אודאי קאָן מען דאָ מאַכן א פּרואוו אָפּצופרעגן ספּינאָזאַן. ווי אַזוי ווערט פון א פיזישער סיבה א לאָגישער טעם? און צי איז נישט דאָס זעלביקע געזעץ חל סיי אויף גאָט, סיי אויפן מענטשן, און אויב ratio איז שייך צו גאָט, טאָ פאַרוואָס זאָל דעם מענטשנס האַנדלונגען גאָר צו־געשריבן ווערן צו א causa? וועלן מיר שפּעטער טאַקע זען, אַז אויך ביים מענטשן קאָן יעדע האַנדלונג זיין א שכלדיקע, און אַז אייגנטלעך דאָס איז דער משוואָק פון ספּינאָזאַס עטיק.

## די פּסיכאָלאָגיע פון מאָטיוון

לאָמיר, אָבער, פריער א קוק טון אויף ספּינאָזאַס הבדל פון סיבה און טעם אין ליכט פון דער היינטיקער פּסיכאָלאָגיע.

אַלע ווייסן גאַנץ גוט, אַז אונדזערע האַנדלונגען ווערן אַרויסגערופן דירעקט, ווערן באַ'גורמ'ט פון פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן. מיר הייבן אָן גיין, ווען די מוסקולן אין די פיס ווערן אָנגעצויגן פון די נערוון; די נערוון, ווידער, ווערן סטימולירט פון א פּראָצעס, וואָס הייבט זיך אָן אין מאַרך, געוויינטלעך פון דער קאָרע אין מאַרך. דאָס זענען אַלץ סיבות פיזישע, אָדער, אויב איר ווילט, פיזיאָלאָגישע. פרעגן מיר דעם קולטיווירטן מענטשן פאַרוואָס ער גייט, קאָן ער אָנווייזן אויף אָט די אַלע אינעווייניקסטע גע־שעענישן, אָבער דער פרעגער וועט אַלץ נישט אויף א האָר קליגער ווערן, און א נישט־צופרידנגעשטעלטער וועט ער א פרעג טון, „יאָ, אָבער צו־וואָס גייט איר דאָרטן?” דאָ האָבן מיר שוין צו טון נישט מיט קיין סיבה, נאָר מיט א מאָטיוו. מיר גייען ערגעץ כדי צו שטילן דעם הונגער, כדי זיך צו אַמוזירן, כדי אָפּצוגעבן א חוב, א. אַז. וו. דער מאָטיוו האָט נאָך אויך מסתמא פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן, אָבער דער „כדי” איז שוין א דורכאויס־מענטשלעכע זאַך. צי חיות האָבן אויך מאָטיוון אַחוץ די מאָנעכצן פון זייערע אינסטינקטן — וואָס זענען אייגנטלעך סיבות — איז נאָך נישט באַשטימט. מענטשן האָבן אָבער באַשטימטע מאָטיוון, וואָס האָבן נישט צו טון אַלעמאָל מיט זייערע דירעקטע אינסטינקטן, איך זאָג דירעקטע, מחמת סוף כל סוף, האַלט איך, מוז יעדער מאָטיוו זיך באַזירן אויף אָן אינסטינקט, וואָס איז אָבער אַזוי פאַראַרבעט געוואָרן אין דעם לויף פון ציוויליזירטן לעבן, אַז עס איז שווער אים צו דערקענען.

האָבן מיר שוין סיבות און מאָטיוון. די עלטערע פּסיכאָלאָגיע האָט

כמעט דאָס גאַנצע געוויכט געלייגט אויף די סיבות. דער עיקר איז געווען צו דערקלערן אַלע גייסטיקע געשעענישן פיזיאָלאָגיש. דער בעהייוויאָריזם פון די לעצטע 15 יאָר וויל גאָר נישט צוגעבן, אַז עס זענען פאַראַן גייסטיקע פּראָצעסן, נאָר אַז אַלץ איז פיזיש, פיזיאָלאָגיש, מעכאַניסטיש.

די נייערע פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט געקראָגן דעם הויפּט־אימפּעט פון פרוידן, גיט זיך מער אָפּ מיט די מאָטיוון, און דווקא די אומבאַוואוסטע מאָטיוון, ווי מיט די פיזיאָלאָגישע סיבות. דאָ קומען מיר שוין נענטער צו ספּינאָזאַס עטיק, הגם צום לאָגישן טעם וואָס מאַכט דעם מענטשן פאַר אַ כמעט־גאָט האָט מען נאָך נישט דערגרייכט.

אין פרוידס פּסיכאָאַנאַליטישער סיסטעמע זענען פאַראַן דריי גייסטיקע אָפּטיילונגען: (1) דער „איד" (id), וואָס באַשטייט פון דעם רעזערוואָאַר אינסטינקטיווע אימפּולסן, וואו דער עיקר איז צו באַפרידיקן די תאווה; (2) דער עגאָ (ego), וואָס באַשטייט שוין פון אַ באַוואוסטזיין וואָס האָט זיך אַרויסגעשיילט פון די רויע אינסטינקטן — אַ באַוואוסטזיין געבויט אויף דערפאַרענישן אין לעבן, געזעלשאַפטלעכע שייכותן א. אז. וו.; (3) דער אויבער־עגאָ (super-ego), אַ מין צענזאָר, וואָס קריטיקירט די מעשים בכל יום פון דעם מענטשן און פאַרשאַפט יסורים דעם עגאָ, ווען די נידעריקערע אימפּולסן פון דעם „איד" ווערן אָנגענומען.

אין אַ פּאָפּולערן זינען קאָן מען באַטראַכטן דעם id פאַר תאווה־אינסטינקטן, דעם ego פאַר אַמביציע־אינסטינקטן, און דעם super-ego פאַר אידעאַל.

ביי די חיה'שע אינסטינקטן לאָזט זיך נישט רעדן וועגן גוט אָדער שלעכט. ביי מאָטיוון קאָן מען שוין אָנצייכענען „די זענען גוט — יענע שלעכט", בעת ביי אידעאַלן קאָן שוין נישט געמאָלט זיין קיין שלעכטס.

אויב מיר זאָלן ציען די ליניע פון ספּינאָזאַן ביז פרוידן וועלן מיר אפשר קאָנען צושרייבן סיבות נאָר צו דעם, וואָס קומט פאָר אין „איד" און זען אַ שכלדיקן טעם נאָר אין דעם וואָס גייט אָן אין אויבער־עגאָ. דער עגאָ וואָלט געקאָנט הייסן אַ צווישן־טרעפּ, וואו די האַנדלונג איז בלויז אַ סיבה ווען מ'קוקט אויף דעם פון אַ העכערן, אָביעקטיוון, קריטישן שטאַנד־פּונקט, והגם לויטן מאָטיוו פון דעם האַנדלער זעט עס אים אויס אַ שכל־דיקע זאַך.

ביי די רויע חיהשע אינסטינקטן קאָן זיך בשום אופן נישט שמועסן וועגן אַ מאָראַל אָדער עטיק. די עטיק, ווידער, פון דעם עגאָ, דעם טאָג־טעגלעכן אויסגערעכנטן וועלט־מענטש, איז אַ דעסקריפּטיווע, עס פירט זיך

לויט וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט אין אַ באַשטימטער געזעל־שאַפט. איינער וואָס האַלט פון business before pleasure איז אַ מאָ־ראַלישער מענטש, הייסט עס, וואָרים ער האָט איינגעצוימט זיין תאוה און פאַרשאַרפט זיין אַמביציע, אָבער דער מענטש פון אידעאַלן ווערט שוין געפירט נישט נאָר פון סיבות נאָר פון שכל הישר, און אַז דער שכל איז אַ חלק אלוה ממעל, ווי די בעלי־מוסר וואָלטן געזאָגט (און ספינאָזאַ איז דאָך אייגנטלעך אויך איינער פון זיי, אפילו ווען ער האָט נישט געגלויבט אין קיין אויבן און קיין אונטן), וואָס קאָן נישט אַנדערש זיין ווי בהסכם מיט דער אייגענער נאַטור. אַזאַ מין עטיק איז נישט קיין דעסקריפּטיווע נאָר אַ נאָרמאַטיווע, וואָס ווייזט ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך פירן.

מיר וועלן דאָ דערווייל לאָזן דעם פאַרגלייך צווישן ספינאָזאָן און די היינטיקע דינאַמישע פּסיכאָלאָגן און זיך אומקערן צום עצם ענין — די פרייהייט. ביז אַהער איז גערעדט געוואָרן וועגן פרייהייט, אַזוי ווי עס וואָלט געווען לגמרי אַ זעלבסטשטענדיקע זאַך. דאָס וואָרט פרייהייט ווערט געוויינטלעך באַנוצט אין אַ פּאָליטישן זינען. אין דעם פילאָסאָפישן זינען ווערט דער טערמין פאַרשטאַנען אַנדערש. אונטער פרייהייט מיינט מען דאָ די פרייהייט פון ווילן.

די פראַגע פון פרייען ווילן איז איינע פון די עלטסטע אין דער גאַנצער פילאָסאָפיע. שוין אין די גאָר אַלטע צייטן האָט מען זיך גע־אַמפּערט איבער דעם, הגם דער פולער באַטייט פון אָט דער פּראָבלעמע איז נישט אַרויסגעשוואומען אַזוי בולט ווי אין מיטלאַלטער. צווישן די געציילטע דענקער, וואָס האָבן געוואָגט אין דער רעליגיעזער תקופה צו לייקענען, אַז דער מענטש איז פריי צו טאָן דאָס וואָס ער וויל, אָדער גיכער, פריי צו וועלן, איז געווען ספינאָזאַ.

אין יענע צייטן איז דער ווילן געווען אַ מין כלי־זיין, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן זיך צו באַנוצן אַנטקעגן די נסיונות פון לעבן. דער שווערפּונקט פון דער מאָראַל איז געווען דער ווילן.

אין דער פּסיכאָלאָגיע זענען אַלעמאָל געווען דריי אָפּטיילונגען: דער שכל, די געפילן און דער ווילן. וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז אויב גאָט איז געדאַנק, האָט ער אויך געפילן און ווילן אודאי, וואָרים דער אַל־געמיינער גלויבן איז דאָך, אַז גאָט קאָן אַלץ אויספירן וואָס ער וויל, מוז ער דאָך ממילא האָבן אַ ווילן, און נישט שוין־זשע איז דער ווילן זיינער נישט קיין פרייער?

האָט אָבער ספּינאָזאַ גאָרנישט אין זינען שלום צו ווערן מיטן אַלגעמיינעם גלויבן. אדרבא, דעם ווילן איז ער אַזוי גוט ווי מבטל, און דאָס איז נאָר צוליב דעם, וואָס זיין פאַנטעאיסטישע וועלט־אַנשויאונג דערלאָזט עס נישט. אַ ווילן, וואָס איז פריי, מוז קומען אין צוזאַמענשטויס מיט דער גאַנצער קייט סיבות, וואָס קומען פאָר מיט דער פּינקטלעכסטער גענויקייט אין דער וועלט. ווייט פון צו זיין אַן אייגנשאַפט פון גאָט, איז דער ווילן, פּונקט ווי ליבע, באַגער א. אַ. נאָר אַ מאָדוס פון דער אַבסאָלוטער אייגנשאַפט, געדאַנק — אַ קנייטשיקל הייסט עס, וואָס געהערט נישט צו דער אַקטיווער געשטאַלט פון גאָט, נאַטוראַ נאַטוראַנס, נאָר צו דער פּאַסיווער אויספּאַסונג — די נאַטוראַ נאַטוראַטאַ. „צו גאָטס נאַטור", זאָגט ספּינאָזאַ בפירוש, „געהערן נישט קיין ווילן און נישט קיין אינטעלעקט". (ad Dei natura neque voluntas neque intellectus pertinent). אינטעלעקט, פאַרשטייט ספּינאָזאַ נישט אין זינען פון אַבסאָלוטן גייסט אָדער געדאַנק, נאָר אַלס אַ באַשטימטע פאָרמע פון דענקען, וואָס איז באַזירט אויף די חושים.

אין אָט דעם מאמר האָט ספּינאָזאַ אַראָפּגעוואָרפן דעם ווילן פון דעם הויכן פּעדעסטאַל וואָס די וועלט האָט פאַר אים געשאַפן, און טאָמער איז נאָך די מפּלה נישט געווען גענוג גרויס, האָבן מיר ווייטער דעם מאמר (23, I), אַז „דער ווילן קאָן ווערן באַטראַכט נאָר פאַר אַ נויטווענדיקער סיבה, נישט קיין פרייע סיבה", און ווייטער איז נאָך פאַראַן דער אויס־דרונג „ממילא איז געדרונגען, אַז גאָט האַנדלט נישט מיט אַ פרייען ווילן".

אין די לעצטע צוויי מאמרים פון צווייטן טייל קומט צום בולטסטן אַרויס ספּינאָזאַס דעטערמיניזם. קיין אַבסאָלוטע פרייהייט איז נישטאָ אין גייסט. מיר ווערן באַ'גורם'ט צו וועלן וואָס־נישט־איז פון אַ סיבה, וואָס איז באַדינגט פון אַן אַנדער סיבה, א. אַז. וו. ביז דער אומענדלעכקייט.

ווייטער הערן מיר דעם זייער מאָדערנעם פּסיכאָלאָגישן געדאַנק, אַז וועלן און פאַרשטאַנד זענען אַלץ איינס, מחמת וועלן דריקט זיך אויס אין באַשטעטיקן אָדער אָפּלייקענען עפּעס (צווייטער טייל, סכאָליום 48), אָבער דאָרטן וואו מען קאָן נישט איינס פון דיביידע, דריקט זיך דער ווילן אויס אין איינזען, אַז דער מיין איז נישט גענוג אויפגענומען געוואָרן (צווייטער טייל, אַנהאַנג). איז דאָך אַ סימן, אַז עפּעס אַ געדאַנק מוז דאָס אונדז גורם זיין צו וועלן, וואָרים אַלאַ נישט, ווי אַזוי וואָלטן מיר וויסן וואָס גאָר אַזוינס צו וועלן?

דער געדאַנק איז אַ מאָדערנער, מחמת אפילו וואונדט, דער באַגרינדער

פון דער עקספּערימענטאַלער פּסיכאָלאָגיע, האָט געהאַלטן, אַז דער ווילן איז אַן עלעמענט פון גייסט פּונקט ווי די חושים און געפילן, ביז וואַנען מינסטערבערג האָט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט באַקעמפּט. קיינער פון די נייערע פּסיכאָלאָגן, אַחוץ די קאַטווילישע, האַלט איצט נישט, אַז דער ווילן איז עפּעס אַליין פאַר זיך, נאָר, אדרבא, פאַרקערט, אַז דער ווילן באַשטייט פון אַן אידעע וואָס איז גובר אַן אַנדער אידעע, אָדער גיכער טאַקע אין דעם דאָזיקן פּראָצעס פון איבערוועגן, פון גובר זיין. אויף אַזאַ'ן אופן איז ספּינאָזאַ אפשר דער ערשטער פאָרטרעטער פון דער היינטיקער פּסיכאָלאָגיע.

עס זענען דאָ פילאָסאָפישע שריפטשטעלער, וואָס ווילן דוקא אויס־געפינען דעם מקור פון ספּינאָזאָס דעטערמיניזם. איז אַזוי ווי דער ענגלישער פילאָסאָף האָבס איז געווען אַ דעטערמיניסט און ספּינאָזאַ באַרופט זיך אויף זיין פּאָליטישן קוק אין זיין טראַקטאַטוס פּאָליטיקאָ־טעאָלאָגיקוס, איז רעכט ביי געוויסע מפרשים פון ספּינאָזאַן אָפּצולערנען אַז ספּינאָזאַ איז באַ־איינפלוסט געוואָרן פון האָבסן אין זיין שיטה פון ווילן.

איך ווייס נישט פאַרוואָס מען דאַרף אָננעמען, אַז ספּינאָזאַ האָט דוקא געמוזט אָנקומען צו אַן אַנדערן כדי צו באַגרינדן אַן עיקר, אָבער אויב מען זוכט שוין יאָ השפּעות, איז דאָך נישט נויטיק אַוועקצוגיין אַזש קיין ענגלאַנד; ווייסן מיר דאָך, אַז ספּינאָזאַ האָט געלייענט דעם אור יהוה פון חסדאי קרשקש, וואָס האָט נאָך מיט 200 יאָר פאַר ספּינאָזאַן אַרויס־געזאָגט דעם, פאַר יענער צייט, שטאַרק אפּיקורסישן געדאַנק, אַז וואָס גאָט דענקט און וואָס ער וויל איז די זעלביקע זאַך. דאָ האָבן מיר שוין דעם יסוד פון דער דעטערמיניסטישער פילאָסאָפיע, און אייגנטלעך די אידענטיפיצירונג פון ווילן מיט געדאַנקען אָדער אידעען.

אין דער אמתן איז די אַפּלייקענונג פון דעם פרייען ווילן אַ פּועל יוצא פון דעם פּאַנטעאיזם. האָבסעס דעטערמיניזם איז פּשוט דער אויספיר פון זיין מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע; וואָרים ביי אים זענען דאָך גע־דאַנקען אויך נישט מער ווי באַוועגונגען פון מאָלעקולן, בעת קרשקשס דעטערמיניזם איז גיכער אַ פּאַטאַליסטישער, אַ באַשערטער פון גאָט. בלייבט טאַקע ספּינאָזאָס פאָרמע פון דעטערמיניזם די כאַראַקטעריסטישסטע. די שיטה רינט אַרויס פון זיין גאַנצער סיסטעמע, און צי ער וואָלט געלייענט האָבסן און חסדאי קרשקשן אָדער נישט — צום גרונט־געדאַנק וואָלט ער סיי־ווי געקומען.

ספינאָזאַס פילאָסאָפיע, ווי עס איז ידוע, איז אַ דעדוקטיווע, ד. ה. ער פירט אויס זיין פּועל יוצא פון אַלגעמיינע כּללים, דעפיניציעס, פּאָסטו־לאַטן, ריכטיק ווי יוקליד אין דער געאָמעטריע. בנוגע דעם ווילן, אָבער, ווערט ספּינאָזאַ ווינציקער אַבסטראַקט, לאָזט אָן אַ זייט זיין מאַטעמאַטיק און פאַרנעמט זיך מיט אַ קולטור־היסטאָרישן איבערבליק איבער דער גלויבן אין אַ פרייען ווילן. דאָ ווערט ער אַ פּסיכאָלאָג, ווען ער ווייזט אָן איבערהויפּט פאַרוואָס די וועלט האַלט, אַז עס איז דאָ אַ פרייער ווילן.

דער מערקווירדיקער אַנאַליז, וואָס ווייזט אונדז ספּינאָזאַן אין אַ פרישן ליכט, געפינט זיך אין אָנהאַנג פון דעם ערשטן טייל פון זיין עטיק און אויך אין זיין בריוו צו דר. שולער.

## פאַרוואָס מיינען מיר, אַז מיר האָבן אַ פרייען ווילן?

אָט דאָס איז די פראַגע, וואָס ספּינאָזאַ שטעלט זיך אין אַ שיחות חולינדיקער שטימונג, ווארים אַלס מאַטעמאַטיקער דאַרף אים גאָר נישט אַרן וועגן דעם, ווי אַזוי מיר זענען געקומען צו געוויסע מיינונגען.

דער „אַרגומענטום אַד פּאָפּולום" איז אָבער אַזוי שטאַרק, אַז אַפילו אַ ספּינאָזאַ מוז זיך אָפּנים רעכענען דערמיט. חוץ דעם איז דאָ פאַראַן אַ שמץ פון דעם אָנטאָלאָגישן אַרגומענט, אמת נישט בנוגע גאָט, וואָס ספּי־נאָזאַס רבי, דעקאַרט, האָט אַזוי פילאָסאָפיש באַאַרבעט, אָבער בנוגע דעם ווילן. דער אַרגומענט אין אָט דעם פּרט וואָלט געקאָנט הייסן: אויב עס איז גאָר נישטאָ אין דער אמתן אַזאַ זאַך ווי ווילן און פרייהייט, טאָ פון וואַנען נעמט זיך דאָס דער באַגריף ביי אונדז? מוז דאָך עס שטאַמען פון גאָט, און אויב פון גאָט, מוז עס דאָך זיין אַן אַבסאָלוטער אמת, אַ קלאָרער באַגריף, און נישט קיין פאַנטאַזיע אָדער פאַרבלענדעניש.

איך זאָג נישט, אַז ספּינאָזאַ האָט טאַקע אין זינען געהאַט אָט דעם אַרגומענט, אָבער אין דער לויפט פון יענער צייט איז די דאָזיקע ראיה זיכער געווען, און אַפילו ספּינאָזאַ איז געווען אַביסל אָנגעשטעקט מיט דעם אָנטאָלאָגישן אַרגומענט בנוגע גאָט.

אין ספּינאָזאַס אויגן זענען פאַראַן צוויי סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דעם גלויבן אין אַ פרייען ווילן. ערשטנס, דער אומוויסן פון דעם המון, וואָס זעט נאָר אַז עס פּאַסירן זאַכן און גיט קיין שום אַכט נישט אויף די סיבות וואָס האָבן די געשעענישן אַרויסגערופן. למשל, דער געוויינט־לעכער מענטש מיינט, אַז אָט וויל ער, שרייבט ער, האָט ער אויפגעהערט שרייבן, איז דאָס ווייל ער האָט אַזוי געוואָלט. אין דער אמתן אָבער

זענען מיר פונקט אַזוי פריי ווי אַ שטיין, וואָס עמעצער האָט אים אויפ־געהויבן און אַ וואָרף געטאָן דורך דער לופט. וואָלט דער שטיין געקאָנט דענקען און רעדן, וואָלט ער געטענהט, אַז ער איז זיך געפלויגן אַזאַ און אַזאַ שטח מיט זיין אייגענעם ווילן, און אַז קיין שום אויסערלעכע סיבה איז נישטאָ דערביי. פונקט אַזוי זענען מיר פריי ווען מיר גייען, שטעלן זיך אוועק, עסן, שלאָפן, א. אז. וו. אויב מיר האַלטן זיך פאַרט דערביי, אַז מיר האָבן אַ פרייען ווילן, איז דאָס נאָר וואָס מיר זעען נישט די גאַנצע קייט סיבות (פיזישע און פיזיאָלאָגישע, ווי מיר וואָלטן היינט גע־זאָגט), וואָס גייען אַפריער.

נאָך אַ שטאַרקערע השפעה אויף דעם גלויבן אין אַ פרייען ווילן האָט געהאַט די רעליגיע. די טעאָלאָגן האָבן געוואָלט זען אין יעדער פּאַסירונג אַ פינגער פון גאָט. דאָ האָבן מיר שוין נישט צו טון מיט קיין מענטשלעכן ווילן, נאָר מיט אַ געטלעכן ווילן.

אַרויסגייענדיק פון אַן אַנטראָפּאָצענטרישן קוק־ווינקל, האָט זיך דער מענטש איינגערעדט, אַז אַלץ וואָס איז דאָ אויף דער וועלט האָט גאָט באַ־שאַפן צוליבן מענטשן, כדי ער זאָל גאָט דינען און לויבן פאַר די אַלע חסדים וואָס ער טוט מיט אים. וואָרים אויב נישט, טאָ פאַר וועמען דען זענען עס די אַלע מינים באַשעפענישן, די אַלע פירות, גרינסן, נאַטירלעכע וואונדער, אויב נישט פאַרן מענטשן. און כדי דער גוטער מענטש זאָל באַ־קומען זיין שכר פאַר דינען גאָט, און דער שלעכטער זיין שטראָף פאַר זיין אומדאַנקבאַרקייט, האָט גאָט שוין געפונען פאַר נייטיק אָפּצוגעבן אַ טייל פון זיין פרייען ווילן צו די מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען אויסקלייבן דאָס, וואָס זיי ווילן.

אָט דער פרייער ווילן איז, הייסט עס, אַ מין קאָנטראַקט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן גאָט און דעם מענטשן, וואָס דערמאָנט אונדז, אַגב, אָן דעם אָפּמאַך פון דער מדרש־לעגענדע צווישן גאָט און די יידן ביים בארג סני.

אָט אַזוי דערקלערט ספינאָזאַ דעם אורשפרונג פון גלויבן אין פרייען ווילן. מיט אַ 70 יאָר שפּעטער האָט דער שאָטישער פילאָסאָף דייוויד היום געמאַכט אַ פּסיכאָלאָגיש־טיפערן אַנאַליז פון דער דאָזיקער אילוזיע, וואָס הייסט פרייער ווילן, אָבער ביז זיין צייט האָט ספינאָזאַ געגעבן די חריפות־דיקסטע דערקלערונג פון דעם ווייט־פאַרשפּרייטן גלויבן.

## דעטערמיניזם לגבי פאַטאַליזם

**מיר האָבן געזען פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, אַז יעדע האַנדלונג**

פון גאָט אָדער מענטש מוז צוריקגעבראַכט ווערן צו נויטווענדיקייט (די אַנאַנקע פון די עלעאַטיקער). דאָך דאַרף די דאָזיקע נויטווענדיקייט נישט אָנגענומען ווערן בטעות פאַר — בלינדן גורל.

פאַרקערט, דאָס איז אַ גורל, וואָס האָט אָפענע אויגן און אַ ווייטן קוק. עס איז אַ לאָגישע נויטווענדיקייט, וואָס שטימט מיט גאָטס נאַטור. דערפאַר האַנדלט גאָט אויף אַ פרייען אופן און אין דער זעלבער צייט אויף אַ נויטווענדיקן. אַלצדינג וואָס פּאַסירט ווערט אויסגעפירט נישט פון אַ קאַפּריזנעם ווילן, אָדער אַן איינפאַל, נאָר פון דעם געזעץ פון גאָטס נאַטור, וואָס איז שכלדיק.

„אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשיד מאַכט עס אויס פאַר דעם מענטשן, וועלכער זעט אַז אין ביידע פאַלן האָט ער נישט קיין דעה אין דעם גאַנצן סדר?״ אַזאַ שאלה קאָן מען דערוואַרטן. די תשובה דערויף איז, אַז עס איז פאַראַן איין תנאי — און אַ זייער וויכטיקער אויך — וואָס געהערט צו דער נויטווענדיקייט און דאָך איז דירעקט אָפּהענגיק פון מענטשן, אַזוי אַז מיר וואָלטן געקאָנט אונטערשיידן צווישן פאַטאַליזם און דעטערמיניזם אין זין פון „נויטווענדיקיזם״.

דער דאָזיקער תנאי שטייגט איבער אין וויכטיקייט און אויטאָריטעט דעם ווילן פון די פריי־ווילניקעס און איז די ישועה פון מענטשן. ספּינאָזאַ רופט אָן פריי אַ מענטשן, ווען ער פּאַסט־צו אָט דעם תנאי אָדער פאַקטאָר צו זיך אַליין. אָבער, איידער מיר נעמען באַהאַנדלען דעם דאָזיקן פאַקטאָר, דאַרפן מיר פריער באַטראַכטן וואָס איז דאָס אַזוינס, וואָס האַלט אָפּ דעם מענטשן פון צו זיין פריי; נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס צו זיין פריי איז אַ העכערע מדרגה ווי זיין געניט. איז, אָנהויבנדיק מיטן נידעריקערן, לאָמיר זיך איצטער שטעלן די פראַגע: וואָס איז דאָס אַזוינס, וואָס ספּינאָזאַ רופט אָן קנעכטשאַפט? שפּעטער וועלן מיר איבערגיין און באַטראַכטן דאָס, וואָס ער רופט אָן, פאַרקערט, „פרייהייט״.

## די שקלאַפעריי פון מענטשן

עס איז געוווינט צו געבן אַ קוק אויף דעם אונטערקעפּל פון פערטן טייל פון דער „עטיק״, כדי צו האָבן אַ באַגריף, וואָס ספּינאָזאַ האָט געמיינט, ווען ער האָט באַנוצט די ווערטער: שקלאַף און פריי.

דער טעקסט: „די קנעכטשאַפט (שקלאַפעריי) פון מענטשן אָדער די קראַפט פון די ליידנשאַפטן״ מיינט, אַז די צוויי אויסדרוקן זענען אין עצם סינאָנימען.

אין דער דערקלערונג צו דער 66טער פּראָפּאָזיציע פון טייל 4 לייענען מיר אָט וואָס: „מיר וועלן זען, וואָס פאַר אַ חילוק עס ליגט צווישן אַ מענטשן, וואָס ווערט געפירט פון לויטער געפילן אָדער מיינונגען, און אַ מענטשן, וואָס דער שכל פירט אים. דער ערשטער טוט אָפּט דאָס, וועגן וואָס ער האָט נישט קיין אמתן וויסן; דער לעצטער פאַרלאָזט זיך אויף גאָרנישט, חוץ אויף זיך אַליין און טוט נאָר דאָס, וואָס ער ווייסט, אַז עס איז פון וועזנטלעכער וויכטיקייט אין לעבן און דערפאַר גאַרט ער נאָך דעם באמת. דערפאַר רוף איך אָן דעם ערשטן שקלאַף, דעם צווייטן — פריי".

עס קאָן נישט זיין קיין פּשוטערע דעפיניציע, ווי די דאָזיקע איז. דער מענטש, וואָס איז געשטערט פון זיינע לײַדנשאַפטן, וואָס זענען, פאַרשטייט זיך, אַרויסגעוואַקסן פון מיינונגען אָדער פאַרשטעלונג — איז פאַרשקלאַפט. ער האַנדלט נישט אין הסכם מיט זיין אייגענער נאַטור, נאָר אַ דאַנק אויסערלעכע סבות, וואָס באַשאַפן די דאָזיקע לייַדנשאַפטן. דער מקור פון דער צרה, פאַר וואָס מיר האָבן נישט קיין שום געהעריקע אידעען וועגן זיך אַליין, ליגט אין דעם פעלן פון דעם אמתן וויסן, וואָס באַשטייט פון שכל און אינטואיטיוון וויסן.

וואָס פאַר אַ מיטל גיט אונדז ספּינאָזאַ, כדי מיר זאָלן זיך קאָנען אויסהיילן פון דער שלאַפקייט? עס איז דער זעלבער וויכטיקער תנאי, וואָס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן — דער אַלמעכטיקער שכל (ראַטיאָ).

## די פרייהייט פון מענטשן

אויך אין דעם פינפטן חלק פון דער „עטיק", ווערט די פרייהייט פון מענטשן פאַרבונדן מיט דער קראַפט פון פאַרשטיין — אַ סימן, אַז די צוויי באַגריפן זענען אידענטיש.

אויב מיר ווילן זיין פריי, דאַרפן מיר פאַרשטאַרקן די קראַפט פון פאַרשטיין, ד. ה. האַנדלען אין הסכם מיטן שכל און באַקומען אַ געהעריקע אידעע וועגן אונדז גופא, ווי אויך אַ געהעריק וויסן בנוגע זאַכן. כדי, אָבער, צו דערגרייכן די דאָזיקע געהעריקע אידעע וועגן אונדז גופא, מוזן מיר קודם כל באַפרייען זיך אַליין פון די לייַדנשאַפטן, וואָס שטערן אונדז; און דער אופן, ווי אַזוי דאָס צו טון, הייבט זיך אָן מיט דעם פאָרמירן אַ קלאָרע און דייטלעכע אידעע פון די לייַדנשאַפטן, אָדער עמאָציעס וואָס זענען מגולגל געוואָרן אין לייַדנשאַפטן. נאָר דאַן ווערן מיר אַקטיוו, ווען מיר פאַרשטייען קלאָר און דייטלעך אונדזערע אַפעקטן און, בתוך פּועל

יוצא, שוין אויך זיך גופא; און עס איז נישט פאַראַן אַזאַ לײדנ־שאַפט, וועגן וועלכער מיר קאָנען נישט באַקומען אַ קלאָרע און דײטלעכע אידעע.*)

פאַרשטײט זיך, אַז מען דאַרף נישט דווקא דרינגען, אַז אַ האַנדלונג וואָס איז אין הסכם מיטן שכל מוז אין אַלע הינזיכטן זײן אַנדערש ווי אַ האַנדלונג וואָס איז געבוירן פון לײדנשאַפט. די פראַגע איז נאָר די: צי פאָלגן מיר דעם דיקטאַט פון שכל, אָדער נישט? דער פועל יוצא קומט דאָ נישט אַרײַן אין באַטראַכט.

## AMOR DEI INTELLECTUALIS

אין דעם לעצטן קאַפּיטל האָבן מיר געזען, אַז נאָר אַזאַ מענטשן קאָן מען אָנרופן פרײַ, וועלכער האַנדלט על פּי השכל, ד. ה. דעם, וואָס יוערט נישט געפירט פון קײן זאַך נישט, וואָס איז מחוץ אים גופא, ווי יי לײדנשאַפטן, נאָר באַוועגט זיך אין הסכם מיט זײַן שכל. דער דאָזיקער שכל (ראַטיאָ) איז דער לײטער צו עפּעס, וואָס איז נאָך העכער — צום אינטואיטיוון וויסן, וואָס קאָן אויך באַצײכנט ווערן די דריטע מדרגה פון וויסן (דערקענטעניש) [די ערשטע צוויי זענען: פאַרשטעלונג און שכל (ראַטיאָ)]. דאָס דאָזיקע אינטואיטיווע וויסן איז אַן אײנבליק אין גאָט און אין זיך אַלײן אָן שום איבערדענקונג.

דער מהות פון גאָט ווערט אונדז אַנטפּלעקט, און נויטווענדיקערהײט דערקאָנען מיר זיך אַלײן, וואָס מער מיר פאַרטיפן זיך אין דער אָנווענדונג פון שכל.

פון דער דריטער מדרגה פון אינטעלעקטועלער דערקענטעניש דרינגט אַרויס די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט, ווײַל דאָס דערקענען אים איז שוין מתחייב דאָס ליב האָבן אים, און וואָס גרעסער די דערקענטעניש, אַלץ גרעסער איז די ליבע. דער דאָזיקער „אַמאָר אינטעלעקטואַליס דעי" איז אַ

*) מיר דאַרפן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דאָס פאַרשטײן פון דעם אונטערשיד צווישן גוט און שלעכט איז נישט אינגאַנצן גענוג, כדי צו באַפעסטיקן אָדער קאָנטראָלירן אונדזערע אַפעקטן. דורך דעם פאַרשטײן דאַרפן מיר באַקומען אַ להיפּוכדיקן אַפעקט, אַנדערש וועט אונדזער לײדנשאַפט ווײטער אָנהאַלטן — הגם מיר ווײסן די סבה פון דעם שלעכטן. דאָס שײַנט צו זײַן דער גרויסער אונטערשיד צווישן ספּינאָזאַ און סאָקראַטעס, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז טוגנד און וויסן זענען אײנס און דאָס זעלבע, ווײַל קײנער קאָן נישט ווּיסנדיקערהײט באַגײן קײן עוולה.

טייל פון דער אומענדלעכער ליבע, מיט וועלכער גאָט האָט זיך ליב*), און איז די איינציקע, אייביקע זאַך (אייביק פאַרשטאַנען נישט ווי דויער אין שייכות צו צייט, נאָר פּשוט ווי עקסיסטענץ).

די דאָזיקע אינטואיטיווע דערקענטעניש צוזאַמען מיט דער אינטעלעקטועלער ליבע פון גאָט וואַקסט כּסדר, וואָס מער עס האַלט אָן, און דערגרייכט דעם קלימאַקס צום סוף אין אייביקער צופרידנקייט און מנוחה. דאָס איז דאָס העכסטע גוטס („סוממום באָנום") און די העכסטע באַלוינונג איז די טוגנד גופא, די גרעסטע פרייד און גליק.

ספינאָזאַ אָנערקענט אָבער דעם פאַקט, אַז די דאָזיקע מדרגה, וואָס ער באַשרייבט, איז צוגענגלעך נאָר פאַר יחידים. וואָס זאָל אָבער טון דער פּשוטער בשר־ודם? איז פאַר אים נישטאָ קיין ישועה? ניין! ספּינאָזאַ וויל אים אויך העלפן, ער בעט אים מאַכן אַ רשימה פון כּללים, וואָס זענען געדרונגען פון דער אָנווענדונג פון שכל.

די דאָזיקע פּרינציפּן דאַרפן זיין איינגעקריצט אין זכרון. דורך אַ שטענדיקער אָנווענדונג קאָן יעדער איינער ביי יעדער געלעגנהייט זיך אָפּגעבן וועגן זיי אַ דין וחשבון, למשל, ווען ער מאַכט אָפּ ביי זיך, אַז שנאה דאַרף באַזיגט ווערן נישט דורך אַ קעגן־שנאה, נאָר דורך ליבע. ער וועט אין דער פּאַסיקער צייט קאָנען אָנווענדן פּראַקטיש דעם דאָזיקן פּרינציפּ. עס וועט קומען צו אים אויטאָמאַטיש — אַזוי ווי איינער, וואָס האָט זיך געלערנט שווימען, וועט נישט צעטומלט ווערן אויפן וואַסער בעת אַ געפאַר.

מיר קומען איצט צום שלוס פון ספּינאָזאָס באַרימטער שיטה פון פרייהייט, האָבנדיק אין זינען, אַז די הויפּט־פּונקטן אין דער דערגרייכונג פון פרייהייט זענען אָט וועלכע: פון שכל שטאַמט די דריטע אינטעלעקטואַליזירונג, די אינטואיטיווע דערקענטעניש — אַמאָר אינטעלעקטואַליס דעי — אייביקע צופרידנקייט — דאָס העכסטע גוטס.

---

*) קונאָ פישער, אין זיין געשיכטע פון דער מאָדערנער פילאָסאָפיע, וואונדערט זיך, ווי אַזוי ספּינאָזאַ רעדט וועגן ליבע ביי גאָט, בעת ער זאָגט דאָך בפירוש, אַז ביי גאָט זענען נישטאָ קיין געפילן. די סתירה איז אַביסל קשה, אָבער דאָס וואָרט „ליבע", אין דעם זינען ווי ספּינאָזאַ באַנוצט עס דאָ, איז פון אַן אַנדער סאָרט ווי מען פאַרשטייט עס געוויינטלעך.

דר. צ. רודי

# ספינאָזאַ און דער מאַטעריאַליזם

## I

צווישן די מערערע באַאורטיילונגען, וועלכע מ'האָט אונטערגעשטעלט ספינאָזאן, געפינט זיך כמעט קיין איינציקע נישט, וואָס זאָל אין מהות אָפּשאַצן און באַווערטן זיין פילאָסאָפיע פון אַן עמפּירישער און מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. אפילו דער אָביעקטיווער פּאַרשער דונין־באָרקאָווסקי, דער קאַטוילישער פּאַטער, וואָס איז אַזוי סימפּאַטיש אַנטקעגן ספינאָזאן, לייגט קיין שום געוויכט נישט אויף דעם גרויסן טיפגייענדיקן צוזאַמענהאַנג צווישן ספינאָזאַס געדאַנקען־אַרבעט און דעם אַזוי־גערופענעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, און אין זיין מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק דערשינענעם ווערק באַצווייפלט ער אינגאַנצן די דאָזיקע מעגלעכקייט און באַמערקט, אַז ס'וואָלט געווען קריטיש און פּסיכאָלאָגיש זינלאָז אַנצונעמען מיט אייניקע מאָדערנע אויסטייטשער, אַז ספינאָזאַ איז געווען אַ מאַטעריאַליסט און אַן אַטעאיסט.*)

כדי צו פאַרשטאַרקן אַזאַ סברה, ציטירט דונין־באָרקאָווסקי גאַנץ ריכטיק די באַקאַנטע שטעלע פון ספינאָזאַס בריוו (נומ. 71) צו היינריך אָלדענבורג, אַוואו ס'ווערט געזאָגט: „אויב אָבער ס'זענען פאַראַן מענטשן, וואָס מיינען, אַז דער טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט גייט אויס פון אַ קוק־פונקט, לויט וועלכן גאָט און נאַטור (אונטער וואָס זיי פאַרשטייען אַ מאַסע אָדער אַ קערפּערלעכע מאַטעריע) זענען איינס און דאָס זעלבע, דאַן זענען זיי גאַנץ און גאָר אין אַ טיפן טעות". פון דעם איז אָבער נאָך גאָרנישט געדרונגען, אַז ספינאָזאַ איז געווען אַ „גאָט־פאַרשיכורטער פילאָסאָף", א. אַז. וו.

פונקט אַזוי וויניק קאָן מען אונדזער פילאָסאָף אָפּשטעמפּלען אַלס דעם „פירשט פון די אַטעאיסטן", ווי דאָס ווילט זיך דעם מאַרקסיסטישן פילאָסאָף א. דעבאָרין**), ווייל ספינאָזאַס נעגאַטיווע באַציאונג צו די

*) St. v. Dunin-Borkowski, Spinoza nach 300 Jahren 1932 זייט 98.

**) A. Deborin, Spinozas Weltanschauung, Marxistische Bibliotek, באַנד 13, ז. 44.

אַטעאיסטן, ווי ס'איז צו דערקענען פון זיין שרייבן צו יעקב אָסטענס (בריוו 73), איז מבטל אינגאַנצן אַזאַ צונעמעניש. אַזוי פאַרטיידיקט זיך ספּינאָזאַ קעגן וועלטהויזענס באַשולדיקונג אין אַטעאיזם מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „קודם כל זאָגט ער (ד. ה. פאַן לאַמבערטום וואַן וועלטהויזען), אַז ס'איז נישט וויכטיק צו וויסן, צו וועלכן פאָלק איך געהער, אָדער וואָס פאַר אַ לעבנסשטייגער איך פיר. ווען ער וואָלט באמת געוואוסט, דאַן וואָלט ער נישט געקומען אַזוי גיך צו דער איבערצייגונג, אַז איך פּרעדיק דעם אַטעאיזם. ווייל געוויינטלעך שטרעבן דאָך די אַטעאיסטן אין אַ שטאַרקער מאָס צו כבוד און רייכקייטן; איך אָבער, ווי ס'ווייסן אַלע וואָס קענען מיך, האָב דאָס אַלץ שטענדיק פאַראַכטעט", א. אַז. וו.

אויב אָבער מיר קאָנען נישט מכריע זיין, צי ספּינאָזאַ איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַטעאיסט, צי ער האָט יאָ געגלויבט אין גאָט, דאַן מוזן מיר אָבער אַרויסטרעטן שאַרף און אַנטשיידן קעגן דעם, וואָס מ'האָט ביז איצט שטענדיק געפּרואווט איינצורייען דוקא ספּינאָזאַן און זיין פילאָ־סאָפיע (ספּינאָזיזם) צווישן די אידעאַליסטישע פילאָסאָפן און זייערע סיס־טעמען. איבער דער סיבה פון אַזאַ מין „אידעאַליזירונג" לייענען מיר אפשר צום בעסטן ביי געאָרגי פּלעכאַנאָוו: „צוליב דעם וואָס ס'הערשט איצטער אַלגעמיין דער אידעאַליזם, איז דאָס זייער נאַטירלעך, וואָס די געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע ווערט איצט דערקלערט פון אַן אידעאַליסטישן שטאַנדפּונקט. דערפאַר ווערט ספּינאָזאַ שוין פון לאַנג אָן צוגערעכנט צו די אידעאַליסטן. נישט איין לייענער וועט זיך באַשטימט וואונדערן, וואָס איך פאַס אויף דעם ספּינאָזיזם אַלס אַ מאַטעריאַליסטישע תורה. דאָס איז אָבער די איינציק־ריכטיקע אויפפאַסונג פון אים. אין 1843 האָט פייערבאַך בשעתו פאַרטרעטן די דורכאויס באַגרינדעטע איבערצייגונג, אַז די לערע ספּינאָזאַס איז געווען „דער אויסדרוק פון די מאַטעריאַליסטישע באַגריפן פון דער נייער עפּאָכע". געוויס איז אויך ספּינאָזאַ נישט אַנטרונען פון דעם איינפלוס פון זיין תקופה און זיין סביבה. זיין מאַטעריאַליזם איז געווען, לויט אַ באַמערקונג פון פייערבאַך, געקליידט אין אַ טעאָלאָגישן מלבוש. דער עיקר אָבער איז דאָס, וואָס ער האָט אויף יעדן פאַל באַ־זייטיקט דעם דואַליזם פון גייסט און נאַטור. אויב אַפילו די נאַטור הייסט ביי ספּינאָזאַן גאָט, דאַן איז זי דאָך אָבער איין אַטריבוט פון די אַטריבוטן פון זיין גאָט, ד. ה. די אויסשפּרייטונג. אין דעם טאַקע באַשטייט דער גרונד־אונטערשייד פון ספּינאָזיזם און אידעאַליזם." (ג. פּלעכאַנאָוו גע־זאַמלטע שריפטן, באַנד 18, ז. 315, רוסיש.)

אַזוי אַרום: אויב מ׳זאָל לאָזן אין אַ זייט די פֿאַרשידענע סתירות־פֿולע עטיקעטן און צונעמענישן, וועלכע האָבן זיך צוגעקלעפּט צו ספּינאָזאַס סיסטעם, דאַן קומט מען דאָך צו אַן אַלגעמיינעם הסכם מיט דעם מאַרקסיסט דעבאָרין, אַז דער ערשטער גרונדזאַץ, וואָס פֿאַרבינדט ספּינאָזאַן מיט די מאַרקסיסטן און די מאַטעריאַליסטן פֿון דער קעגנוואַרט, איז די אָנערקענונג פֿון דער עקסיסטענץ פֿון אַן אָביעקטיווער וועלט, ד. ה. די אָנערקענונג פֿון דעם יעניקן פּרינציפּ, צוליב וועלכן ספּינאָזאַ איז דערקלערט געוואָרן דורך די אָנהענגער פֿון קריטיציזם, פֿון קאַנטיאַנערטום, אַלס דאָגמאַטיקער.

„מ׳זאָגט" — שרייבט דער דייטשער פֿילאָסאָף טעאָדאָר ציהען *), — אַז ספּינאָזאַס סיסטעם איז דורכאויס דאָגמאַטיש און דערפֿאַר, צוליב ז״עם קאַנטישן קריטיציזם, איז דאָס סיסטעם געוואָרן נישט האַלטבאַר אין זיינע וועזנטלעכע טיילן. אין אַ סך אָפּהאַנדלונגען, שוין גאָרנישט צו רעדן פֿון לערנביכער, ווערט שטענדיק אויפֿגעשטעלט אָט דער זאַץ און ער ווערט באַגרינדעט מיט שלאָגנדיקע באַווייזן. קאַנט אַליין האָט אָפֿט זיך אַרויסגעזאָגט אין אַ שאַרפֿער פֿאָרם קעגן ספּינאָזאַן".

אויך פּראָפֿעסאָר ליבערט, דער רעדאַקטאָר פֿון די „קאַנטשטודיען", (באַנד 27, ז. 443) דערקלערט: „מ׳וועט קוים טרעפֿן אַן אַנדער מערב־אייראָפּעאישן פֿילאָסאָף, וועלכער האָט, ווי ספּינאָזאַ, געטראַכט דעם געדאַנק פֿון זיין, אַזוי פּרימער, אַזוי אַבסאָלוט, אַזוי רעדוקציאָנסלאָז, אַזוי אומקריטיש, אַזוי נישט קאַנטיש, אַזוי גאַנץ נאַאיוו, אַזוי אין זיך געשלאָסן". באַזונדערס שטאַרק האָט דעם דאָזיקן קעגנזאַץ צווישן די צוויי פֿילאָסאָפֿן — ספּינאָזאַ און קאַנט — אַרויסגעאַרבעט בן־ציון קעלערמאַן **), וועלכער קומט פֿון מאַרבורגער נייקאַנטיאַניזם.

די מאַרקסיסטן זעען אין אַזאַ מין איינשאַצונג פֿון ספּינאָזאַס סיסטעם אַ זייער חשובֿע פּרעמיסע פֿאַר זייערע אויספֿירונגען, ווייל אָפֿט ווערט אידענטיפֿיצירט פֿון די קריטיציסטן דער „דאָגמאַטיזם" מיט דעם מאַטעריאַליזם. אָבער אַזאַ מין הנחה ווי „דאָגמאַטיזם־מאַטעריאַליזם" וועט אַ לאָגיש־דענקענדיקן מאַרקסיסט נישט אָנטאָן קיין באַזונדער גרויסע שמחה, אפֿילו אויב מ׳זאָל זיך אַזוי נוהג זיין ווי דאָס טוט דעבאָרין ***) און אין דעם קרייז פֿון באַטראַכטונגען אַריינציִען אויך פֿיכטען, לויט וועלכן „נאָר צוויי

*) Kant-Studien, באַנד 27, זייט 443.

**) Benzion Kellerman, Die Ethik Spinozas, זייט 42.

***) A. Deborin, Spinozas Weltanschauung, Marxistische Bibliotek, באַנד 13, זייט 42.

שטרענג־קאָנסעקוווענטע פילאָסאָפישע סיסטעמען זענען מעגלעך: דאָגמאַ־טיזם און קריטיציזם, אַוואו, אגב, אונטער דאָגמאַטיזם ווערט פאַרשטאַנען דער ספּינאָזיזם אָדער דער מאַטעריאַליזם".

אויב אָבער מ'זאָל נישט פאַרשלייערן דעם באַגריף דאָגמאַטיזם און מ'זאָל אים לאָזן אויפטרעטן אין זיין ריכטיקן ליכטשיין און, בכן, אַלס אַ פילאָסאָפישע לערע, וועלכע פּרואווט נישט אירע פּאָראויסזעצונגען, אָדער ווי ס'פאָרמולירט אים נעלסאָן, אַלס אַ לערע, וועלכע גייט אַרויס פון דער אויפשטעלונג פון אירע פּרינציפּן, נישט ווייזנדיק קיין וועג, אויף וועלכן ס'זאָל מעגלעך זיין צו קאָנטראָלירן די דאָזיקע פּרינציפּן, דאַן וואָלט ספּי־נאָזאַ, ווען ער קאָן נאָך רעדן און שרייבן, באַשטימט פּראָטעסטירט און זיך געוועהרט קעגן אַזאַ מין מאָדנער, אומנאַטירלעכער אויסלייגעכץ פון זיין פילאָסאָפיע. נאָר וואָס דאַרפן מיר מער; אַ פּאָר יאָר פאַר זיין טויט שרייבט ספּינאָזאַ צו אַלבערט בורג, וועלכער איז איבערגעטראָטן צום קאַטויליציזם (בריוו 76): „איך פּרעטענדיר נישט, מ'זאָל זאָגן, אַז כ'האָב געשריבן די בעסטע פילאָסאָפיע, נאָר איך ווייס, אַז איך דערקען די אמת־דיקע פילאָסאָפיע. (Ego non praesumo me optimam invenisse Philosophiam, sed veram me intellegero scio). אויב איר פרעגט אָבער, ווי אַזוי איך ווייס דאָס, דאַן וועל איך ענטפערן: גראַד אַזוי ווי איר ווייסט, אַז די דריי ווינקלען פון אַ דרייעק זענען גלייך דער סומע פון צוויי רעכטע (גלייכע) ווינקלען. און אַזוי וועט קיינער נישט אָפּלייקענען, אַז דאָס איז גענוג, אַזוי לאַנג ווי ער האָט אַ געזונטן מח און חלומט נישט פון אומ־ריינע גייסטער, וועלכע בלאָזן אונדז אַריין פאַלשע אידעען, וועלכע זענען ענלעך אויף די אמתדיקע, ווייל דאָס אמתדיקע איז דער פּרוּבּירשטיין פון זיך אַליין און פון פאַלשן".

מיט דער איינפירונג פון דער מאַטעמאַטישער פאָרם, פון געאָמעטרישן מעטאָד, האָט געגלויבט ספּינאָזאַ, אַז ער האָט געפונען דעם לחלוטינדיקן פילאָסאָפישן מעטאָד, ד. ה. די „אמתדיקע פילאָסאָפיע". אין דעם זין איז ער אַ פאָרלויפער פון דער הייננטצייטיקער עמפּירישער פילאָסאָפיע, וועלכע באַטראַכט נישט דעם לאָגיש־מאַטעמאַטישן אַנאַליז פון די זאַצן און באַ־גריפן אַלס אַן אַבסטראַקטע לער־מיינונג אָדער אַן אויסגעטראַכטן סיסטעם, נאָר זעט אין דעם — ווי די מאָדערנע לאָגיסטיק פון דוד הילבערט און יערגענסען — אַ ריין־עמפּירישע דערקענטעניש, וועלכע ווערט מיינסטנס געוואונען פון די קאַוזאַלע (סיבותדיקע) באַציאונגען אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט. אין דעם „טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פון

אינטעלעקט״, זייט 46 *) זאָגט דערפאַר אונדזער פילאָסאָף: „אין הינזיכט אויף דער אָרדענונג אָבער, און כדי צו אָרדענען און פאַראייניקן אַלע אונדזערע פּערצעפּציעס, איז נייטיק, אַז מיר, אַזוי באַלד ווי דאָס קאָן געשען און די פאַרנונפט פאַרלאַנגט דאָס, זאָלן פאָרשן נאָך דעם, אויב ס'איז פאַראַן אַ וועזן און פון וואָס פאַר אַן אופן דאָס איז, וואָס בילדעט די סיבה פון אַלע זאַכן, אַזוי אַז דאָס אָביעקטיווע זיין פון וועזן איז אויך די סיבה פון אַלע אונדזערע אידעען. דאַן וועט אונדזער גייסט, ווי געזאָגט, ווידערגעבן די נאַטור אַזוי פולקום ווי נאָר מעגלעך. ווייל דאַן וועט ער (דער גייסט) אָביעקטיוו אַנטהאַלטן סיי איר וועזן, סיי איר אָרדענונג און סיי איר איינהייט. פון דאַנען קאָנען מיר זען, אַז ס'איז קודם כל נאָר נייטיק, שטענדיק אָפּצולייטן אַלע אונדזערע אידעען נאָר פון פיזישע זאַכן אָדער פון רעאַלע וועזנס. דערביי מוזן מיר גיין שריט פאַר שריט מעגלעכסט נאָך דער רייפאָלגע פון די סיבות פון איין רעאַלן וועזן צו אַ צווייטן, דוקא אַזוי, אַז מיר זאָלן נישט אַריבערגיין אויף אַבסטראַקטע און אַל־געמיינע ענינים, אַזוי אַז מיר זאָלן פון אַזעלכע נישט שליסן סיי עפּעס רעאַל און סיי זיי אַליין אָפּלייטן פון אַ רעאַלער זאַך; ווייל ביידע אונטער־ברעכן דעם ריכטיקן פאָרשריט פון שכל״.

II

מ'דאַרף איצטער, נאָך די געבראַכטע ציטאַטן, מאַכן איין שריט, כדי צו קומען צו דער הנחה פון דער נישטבאַשאַפנהייט פון דער נאַטור און פון אורשפּרונג פון דער אָביעקטיווער מאַטעריעלער וועלט, וואָס ענגעלס האָט געהאַט באַטראַכט אַלס דעם יסוד פון דער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. די נאַטור פאַר זיך דאַרף נישט האָבן קיין שום אויסערלעכע סבות, כדי צו קאָנען עקסיסטירן. זי איז די סבה פון זיך אַליין, זי איז causa sui. ענגעלס באַטאָנט זייער שטאַרק, וואָס ספּינאָזא האָט אויפ־געשטעלט און באַגרינדעט אַ נייעם פּרינציפּ פון דערקלערן די וועלט פון זיך אַליין. „ס'דאַרף אָנגערעכנט ווערן פאַר אַ כבוד דער דאַמאָלדיקער פילאָסאָפיע, וואָס זי האָט זיך נישט געלאָזט פאַרפירן דורך דעם באַשרענקטן צושטאַנד פון די גלייכצייטיקע נאַטור־דערקענטעניש, וואָס זי — פון ספּינאָזא ביז צו די גרויסע פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטן — איז באַשטאַנען

*) אַלץ וואָס ווערט דאָ ציטירט פון ספּינאָזאָס ווערק איז לויט דער דייטשישער איבערזעצונג, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון קאַרל געבהאַרדט, אין פאַרלאַג פעליקס מיינער, לייפּציג.

אויף דערקלערן די וועלט פון זיך זעלבסט און איבערלאָזן דער צוקונפטיקער נאַטורוויסנשאַפט דאָס אויסאַרבעטן פון פּרטים.״*) אויב די נאַטור איז אומענדלעך, מיט אַנדערע ווערטער, זי האָט נישט קיין ענדע, דאַן איז זי אויך אָנפאַנגסלאָז, ד. ה. זי האָט נישט קיין אָנפאַנג. לאָגיש באַטראַכט אַלזאָ — דרויסן פון דער נאַטור איז נישטאָ נישט קיין וועזן און נישט קיין עקסיסטענץ. דערפאַר, מיינט מאַנקאָווסקי**), האָט ספּינאָזאָ געמוזט אַלס מאַטעריאַליסט אָנהייבן זיין גרעסטן און באַדייטנדיקסטן פילאָסאָפישן ווערק, „די עטיק״, מיט דער דעפיניציע פון דער „סבה פון זיך אַליין״: „אונטער סבה פון זיך אַליין (causa sui) פאַרשטיי איך דאָס, וועמענס תמצית ס׳שליסט אין זיך איין די עקסיסטענץ, אָדער דאָס, וועמענס נאַטור ס׳קאָן ווערן באַגריפן נאָר אַלס עקסיסטירנדיק״.

אין דער באַציאונג פיגורירן ביי ספּינאָזאָן צוויי באַגריפן — „תמצית״ (essentia) און „עקסיסטענץ״. ס׳קאָנען זיין צווייערליי תמציתן: אַזעלכע, פון וועלכע ס׳ווערט לאָגיש געדרונגען, אַז זיי עקסיסטירן און קאָנען נישט זיין נישטעקסיסטענץ, און אַזעלכע, וועמענס עקסיסטענץ ס׳איז נישט אומ־באַדינגט נייטיק און זענען נישט אַלנפאַלס אייביק, ד. ה. ס׳האָט אַן אָנפאַנג און אַן ענדע. ס׳איז נישט צופעליק, וואָס גלייך נאָכדעם גיט ספּינאָזאָ אויך אַ דעפיניציע פון „ענדלעכע זאַכן״, צום אונטערשיד פון דער „אומ־ענדלעכער סובסטאַנץ״. די ענדלעכע זאַכן קאָנען ווערן באַשרענקט דורך אַנדערע פון דער זעלבער נאַטור, אַן ענדלעכע זאַך קאָן דינען אַלס סבה פון אַן אַנדער זאַך. דאַגעגן איז די סובסטאַנץ אומענדלעך און דערשיינט אַלס די סבה פון זיך אַליין, ד. ה. איר אייגענער תמצית איז די סבה פון איר אייגענער עקסיסטענץ. אונדזער צוגאַנג צו די ענדלעכע זאַכן און צו דער אומענדלעכער סובסטאַנץ מוז אין גרונט זיין פאַרשידן. איבער יעדער ענדלעכער זאַך קאָנען מיר זאָגן, דאָס איר סבה איז אַן אַנדער ענדלעכע זאַך, און די סבה פון דער לעצטער איז אַ דריטע א. אַז. וו., זי איז קאָנטינואירט עד אין סוף. צי קומען מיר אָבער דורכדעם צו אַ דערקלערונג פון דער עקסיסטענץ פון דער גאַנצער נאַטור אַלס סובסטאַנץ, צו אַ באַגרייפונג פון מהות פון דער נאַטור? אויב מיר ווען וויטער גיין קאָנסעקווענט אָט דעם וועג, דאַן קומען מיר צו דער פראַגע איבער דער סבה פון דעם תמצית פון דער נאַטור, און אַזאַ מין פראַגע־שטעלונג איז

*) Engels, Naturdialektik, .243 זייט

**) Л. А. Маньковский: Спинозизм и Материализм, .86 זייט

נישט ריכטיק, ווייל די נאַטור אַלס תמצית זעצט לאָגיש פאָראויס די אומענדלעכקייט און אָנפאַנגסלאָזיקייט. בכדי צו קאָנען באַגרייפן די עקסיסטענץ און דעם תמצית פון די איינצלנע זאַכן מוז מען על פּי נויט אויפפאַסן דעם תמצית פון דער נאַטור אַלס גאַנצע (גאַנצקייט?) און די נאַטור אַלס סובסטאַנץ, און דאָס דאָזיקע פאַרשטיין איז בשום אופן נישט געגעבן דורך דעם אָנווייזן אויף אַן אומענדלעכער קייט פון אורזאַכן. אַזאַ מין אָנווייזן אינטערפּרעטירט ספּינאָזאַ אַלס אַ „פולשטענדיקע אַבסורדיטעט”. דער אומענדלעכער תמצית פון דער נאַטור אַנטפּלעקט זיך אין אַלע ענדלעכע זאַכן און די גאַנצע אויפגאַבע באַשטייט אין באַגרייפן דעם תמצית פון איר אייגענעם אינהאַלט, פון זיך אַליין, נישט נעמענדיק צו היקף קיין שום רמז אויף אַן אומענדלעכער קייט פון סבות.

ווי אַזוי אָבער פאַרשטייט ספּינאָזאַ די „סבה פון זיך אַליין”, די causa sui? וועלכער געדאַנקענגאַנג דערלויבט אים אַרויפצוליינגן אַ לאָגישן פאַרבאַט אויף דער פראַגע וועגן דער סבה פון דער נאַטור אַלס גאַנצע?

ס'איז שוין באַמערקט געוואָרן, אַז די אָנערקענונג פון דער אומענדלעכקייט פון דער נאַטור איז די ערשטע באַדינגונג פאַר דעם פאַרבאָט. די צווייטע באַדינגונג ווערט באַפרידיקט דורכדעם, וואָס די וועלט ווערט באַטראַכט אַלס אַן אומענדלעכע גאַנצקייט, וועלכע איז צוזאַמענגעזעצט פון אַן אומענדלעכער כמות פון איינצלנע זאַכן, וואָס ווירקן איינע אויף די אַנדערע און קעגנאַנאַנדער. דאָס פאַרשטיין פון דעם תמצית פון דער וועלט, פון וועלכער ס'קומט אַרויס איר עקסיסטענץ, ד. ה. דאָס געפונענ־זיין פון אַן אומענדלעכער צאָל פון איינצלנע זאַכן — הייסט באַגרייפן דעם צוזאַמענהאַנג, וועלכער דרינגט דורך אַלע איינצלנע זאַכן, פאַראייניקט זיי, ליגט אין זייער יסוד און באַדינגט זייער עקסיסטענץ. דורך דער causa sui אַנטוויקלט ספּינאָזאַ דעם דיאַלעקטישן שטאַנדפּונקט פון אַן אַלגעמיינער קעגנ־זייטיקער ווירקונג. אָן דער דיאַלעקטישער מעטאָדע וואָלט ספּינאָזאַן נישט געלונגען אָוועקצוליינגן דעם יסוד פאַר אַ מאַטעריאַליסטישער ליזונג פון דער וועלט. ספּינאָזאַ האָט אָנגעהויבן זיין אונטערזוכונג פון **causa sui**, פון וואָס ס'מוז, ווי ס'מיינט דער נאַטורוויסנשאַפטלער ענגעלס, אָנהייבן יעדע וויסנשאַפטלעכע פאַרשונג פון דער וועלט אַלס גאַנצע.*)

בכדי צו באַגרייפן די וועלט, מוז מען זיך קלאָר מאַכן, דאָס זי שטעלט פאָר אַ גאַנצהייטלעכע אינדיווידואַליטעט, וועמענס עקסיסטענץ־אורזאַך איז

*) מאַרקס־ענגעלס אַרכיוו (רוסיש), באַנד 2, זייט 27.

אנטהאַלטן אין די געזעצן פון אינטערנעם צוזאַמענהאַנג און פון דער קעגנ־ווירקונג אין דער אומענדלעכער כמות פון אירע פאָרמען. וואָס פאַר אַן עוואָלוציע די וועלט זאָל נאָר נישט האָבן דורכגעמאַכט, אַלס גאַנצע בלייבט זי דאָך שטענדיק אַדעקוואַט אין דער איינהייט פון איר וועלט־צוזאַמענהאַנג, און אויב זי ווערט אַפילו געזען אויף פאַרשידענע אופנים, טו קאָן זי דאָך אָפּהיטן איר איינהייטלעכן כאַראַקטער, נישט פאַרענדערנדיק איר פאָרם. ווייל: „מיר וועלן לייכט באַגרייפן, אַז די גאַנצע נאַטור איז איין אינדיווידואום, וועמענס חלקים, ד. ה. אַלע קערפּער צוזאַמען, בייטן זיך אָן אַ צאָל מאָל, אָן אַ שום פאַרענדערונג פון אינדיווידואום אַלס גאַנצער". („עטיק", ז. 60).

אַט דער דיאַלעקטישער טעזיס פון ספינאָזאַ איז, לויט מאַנקאָווסקי, דער יסוד פון זיין מאַטעריאַליסטישער איינשטעלונג. די נאַטור אָדער די סובסטאַנץ איז נישט קיין פּשוטע סומע פון איינצלנע צוזאַמענגעזעצטע קערפּערס, נאָר די איינהייט פון דער אַסאָציאַציע פון אַלע קערפּערס צוזאַמען (גאַנצקייט). בכן פאָלגט פון דעם די פאָדערונג 1: „דער מענטשלעכער קערפּער איז צוזאַמענגעזעצט פון זייער אַ סך אינדיווידן (פון פאַרשידענער נאַטור), פון וועלכע יעדער איינער איז ווידעראַמאָל קאָמפּליצירט", און די פאָדערונג 3: „די אינדיווידן, וואָס שטעלן צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער און דערפאַר דער מענטשלעכער קערפּער אַליין, ווערן געזען פון אויסער־לעכע קערפּערס אויף זייער אַ סך אופנים". („עטיק", ז. 61). אָבער ספינאָזאַ גייט דאָ אַוועק — און דאָס וועט מוזן אָנערקענען אַפילו דער פאַרביסנסטער מעכאַניסט — פון דעם עיקרדיקן פּרינציפּ פון דעם קלאַסישן מעכאַניזם, פון דער סומאַטיווער באַטראַכטונג פון אָרגאַניזם און טענדירט דאָ דורכאויס צו אַ גאַנצהייטלעכער אויפפאַסונג פון דער אָרגאַנישער פאָרם, אין דעם זין פון אַן „אָרגאַניסמישער" ביאָלאָגיע. אויך זשאַן זשאַק רוסאָ האָט זיך אָנגעהאָגען אין דער מעטאָדע, וועלנדיק באַגרייפן די מענטשלעכע געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט איז נישט קיין ווילן פון אַלע (volonté de tous), נאָר אַן אַלגעמיינער ווילן (volonté générale), זי איז נישט קיין מעכאַנישע סומע פון אינדיווידועלע ווילנס, נאָר זייער יסוד, אַ גאַנצקייט־מאַכנדיקער פאַרבאַנד, דער אַלגעמיינער פאַרבאַנד פון אַלע ווילנס, האָט צו זאָגן איבער יעדן איינציקן ווילן. אָבער דאָס „וועלן" אין זיך איז לויט ספינאָזאַ אַ פונקציע פון אינטעלעקט. ס'איז נישט פאַראַן אַן אַבסטראַקטער ווילן, זאָנדערן נאָר קאָנקרעטע וועלונגען. „דער ווילן קאָן נישט ווערן אָנגערופן אַ פרייע סבה, נאָר אַ נייטיקע." („עטיק", לערזאַץ 32).

די נאַטור, אַלס אַ גאַנצהייטלעכער „אינדיווידואום", קאָן מען זיך בילדלעך נישט פאָרשטעלן. דאָס איז אַן אַבסטראַקטער באַגריף, אַן וועלכן ס'וואָלט אָבער געווען אוממעגלעך צו דענקען מאַטעריאַליסטיש. ספינאָזאַ אונטערשיידט זיך לטובה פון די אים שפּעטער נאָכפאָלגנדיקע פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטן פון אַכצענטן יאָרהונדערט לאַמעטריע, העלוועציוס און האָלבאַך דורכדעם, וואָס ער טרעט צו צום פּראָבלעם פון דער וועלט מער דיאַלעקטיש ווי זיי. אפילו ביי האָלבאַך, וועלכער האָט סיסטעמאַטיזירט דעם מעכאַנישן מאַטעריאַליזם, איז נישט צו געפינען דעם מין באַגריף פון דער סובסטאַנץ אַלס יסוד פון אַלע ענדלעכע דערשיינונגען. ספינאָזאַ האָט געקענט ריכטיק לייזן דאָס פּראָבלעם פון דער סובסטאַנץ נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען צו פאַראייניקן דיאַלעקטיש די באַגריפן פון ענדלעך און אומענדלעך. דאָס אומענדלעכע באַשטייט נישט פון ענדלעכע חלקים, נאָר אומגעקערט, די ענדלעכע חלקים זענען נישט אַנדערש ווי די דערשיינונג פון דער אומענדלעכקייט אין די דורך רוים און צייט באַגרענעצטע סעגמענטן. (זע „עטיק", זייט 15).

דאָס זיין פון אומענדלעכע זאַכן און דערשיינונגען איז שטענדיק פאַר־בונדן מיט אַ פאַרניינונג (negatio), ווייל איין ענדלעכע זאַך פאַרניינט די צווייטע. דאַגעגן איז די אומענדלעכקייט פאַרבונדן לאַגיש מיט אַ באַ־שטעטיקונג (determinatio) פון איר זיין. די אומענדלעכע קעגנזייטיקע פאַרניינונג פון די ענדלעכע זאַכן באַטייט די אייביקע עקסיסטענץ פון דער נאַטור אַלס גאַנצע. פון דאַנען אויך פירט ספינאָזאַ אויס זיין באַרימט־געוואָרענעם לערזאַץ 7: „צו דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ געהערט די עקסיסטענץ", און אין דעם פירוש צום לערזאַץ 8: „יעדע סובסטאַנץ איז נייטיקערהייט אומענדלעך", זאָגט ער אין אָנמערקונג 2: „אַלע די, וואָס אורטיילן פאַרווירט איבער די זאַכן און וואָס זענען נישט געוואוינט זיי אויסצופאָרשן פון זייערע ערשטע סבות, וועט עס אָן אַ ספק זייער שווער פאַלן צו באַגרייפן דעם זיבעטן לערזאַץ, ווייל זיי מאַכן נישט קיין אונטער־שיד צווישן די מאָדיפיקאַציעס פון די סובסטאַנצן און פון די סובסטאַנצן אַליין און ווייסן נישט, ווי די זאַכן ווערן אַרויסגעבראַכט. פון דעם קומט דאָס, וואָס זיי שרייבן צו די סובסטאַנצן אַן אָנפאַנג, ווי ס'איז צו זען ביי די זאַכן אין דער נאַטור." („עטיק", ז. 5). און ווייטער איז צו לייענען: „אויב עמעץ באַהויפּטעט, אַז די סובסטאַנץ ווערט געשאַפן, דאַן באַהויפּטעט ער גלייכצייטיק, אַז אַ פאַלשע אידעע איז געוואָרן אמת, און נאָך אַ גרעסערע אומגערייִמטקייט קאָן באמת נישט אויסגעטראַכט ווערן.

מ'מוז דערפאַר על פּי נויט מודה זיין, דאָס די עקסיסטענץ פון א סובּ־סטאַנץ, אַזוי אויך פון אירע תמציתן, איז אַן אייביקער אמת". („עטיק, זייט 6).

די אויפפאַסונג פון דער קאָרעלאַציע (פּאַרהאַלטן) צווישן דעם ענדלעכן און אומענדלעכן פּירט אונדז אַלזאָ צו דער אידעע פון דער נישט־באַשאַפונג און פון דער אייביקער עקסיסטענץ פון דער וועלט, וועלכע קאָן דערשיינען אין די אויגן פון די מאַטעריאַליסטן אַלס די שטאַרקסטע באַווייזפירונג קעגן דער רעליגיעזער אָנשויאונג פון דער וועלטבאַשאַפונג. „אַליץ, וואָס איז פאַראַן, איז אַנטוועדער אין זיך אָדער אין אַן אַנדערן", שטייט אויף זייט 2 פון דער „עטיק". אויב די ענדלעכע זאַכן עקסיסטירן נישט אין זיך אַליין, נאָר זיי זענען גאָר מיט אַנדערע זאַכן ענג פאַרבונדן, דאַן עקסיסטירט אָבער די אומענדלעכע סובסטאַנץ אין זיך און קאָן נישט זיין אין קיין שום אַנדערן. אויב די סובסטאַנץ פון אונדזער מאַטעריעלער וועלט איז אומענדלעך, דאַן איז זי פאַראַן אין זיך, ווערט דורך זיך באַגריפן און עקסיסטירט נישט אין קיין שום אַנדערער אומענדלעכער סובסטאַנץ.

## III

מיר זענען דערגאַנגען צום שווערסטן פּונקט פון ספּינאָזאַס לערע, צום גאָט־באַגריף, וויל, ווי באַקאַנט, רופט ער אָן די סובסטאַנץ גאָט. „אונטער גאָט פאַרשטיי איך דאָס אומבאַדינגט־אומענדלעכע וועזן, דאָס הייסט די סובסטאַנץ, וועלכע באַשטייט פון אומענדלעך א סך אַטריבוטן, פון וועלכע יעדער דריקט אויס אַן אייביקן און אומענדלעכן תמצית." („עטיק", דעפיניציע 6). אָדער לערזאַץ 14: „אחוץ גאָט קאָן קיין שום סובסטאַנץ נישט זיין און נישט ווערן באַגריפן".

ס'לאָזט זיך נישט אָפּלייקענען, אַז ספּינאָזאַס געדאַנקען־אַרבעט האָט געהאַט איר התחלה אין דער יידישער טעאָלאָגיע, אין דער זייער שוואַך וויסנשאַפטלעך פונדירטער יידישער רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע פון מיטלאַלטער, זי איז אָבער נאָכדעם געוואָרן פאַרגעזעצט אויף דעם יסוד פון דער מערב־אייראָפּעאישער נאַטורוויסנשאַפט און פילאָסאָפיע, אין וועלכער ספּינאָזאַ האָט זיך געהאַט גוט איינגעלעבט, נאָכדעם ווי ער האָט געבראָכן דורך דער זעלבסטשטענדיקייט פון זיין דענקען מיט דער יידישער אמונה און די רבנים האָבן אויסגערופן אויף אים דעם באַוואוסטן חרם. און פון איצט אָן, אויב מיר פאָלגן נאָך דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון פילאָסאָף, פון דעם ערשטן אַנטוואורף פון דער „קורצגעפאַסטער אָפּהאַנדלונג פון גאָט,

פון מענטשן און זיין גליק" ביז צו דער פולשטענדיקער באַארבעטונג פון דער „עטיק", אַלזאָ די יאָרן 1656-1660 ביז 1670-1675, ווערט טאַקע ספּינאָזאַס גאָט, ווי ס'שרייבט האַראַלד העפדינג*), „דער גאָט פון די פילאָסאָפן און פון די מענער פון דער וויסנשאַפט, אויף אַזוי ווייט, ווי זיין גאָט־באַגריף איז אַ מעטאַפיזישער אויסדרוק פון דער לעצטער פאַר־אויסזעצונג פון יעדן דענקען און פון יעדער וויסנשאַפט". און ווייל די דאָזיקע פאַראויסזעצונג שטייט נישט אין קיין שום אויסערער פאַרהעלטעניש צו די אויסערע קעגנשטאַנדן פון דערקענען, נאָר להיפך, זי איז זיך נתגלה אין זיי, דאָס די קעגנשטאַנדן ווערן פאַרשטאַנען און די באַדינגונגען פון איר דאָזיין ווערן פעסטגעזעצט אין זיין אינהאַלט, דאַן מוז ספּינאָזאַס גאָט זיין אַן אינערלעך־זייענדיקער (אימאַנענטער), נישט קיין אויסערלעכער (טראַנסצענדענטער) גאָט. זיין קעגנזאַץ צום געוויינטלעכן גאָט־באַגריף באַ־צייכנט ספּינאָזאַ אויפן פאָלגנדיקן אופן (בריוו 73 צו היינריך אָלדענבורג): „איך האָב איבער גאָט און נאַטור אַ גאַנץ אַנדערע מיינונג ווי די, וועלכע ווערט געוויינטלעך פאַרטרעטן פון די מאָדערנע קריסטן. איך באַגרייף גאָט אַלס די אימאַנענטע און נישט אַלס די אויסערלעכע סבה פון אַלע זאַכן". אין דעם ערשטן קאַפּיטל אין „קורצן טראַקטאַט" האָט ספּינאָזאַ באַלויכטן אָט דעם פונקט דורך אַ פאַרגלייך מיט דעם שכל, וועלכער וועקט און רעגט אַלע איינצלנע געדאַנקען, אָבער ער איז נישט פאַר זיין אַן אויסערע סבה.

פון די פאַראויסזעצונגען (הנחות) פון אַ ראַציאָנאַלן פאַרשטיין די וועלט האָט ספּינאָזאַ לאַנגזאַם קאָנסטרואירט זיין גאָט־באַגריף, דאַן האָט ער געמוזט (ממשיך זייענדיק דאָס, וואָס די יידישע פילאָסאָפן אין מיטל־אַלטער, דער עיקר דער רמב"ם און אבן גבירול האָבן געפּרוּווט) אויס־רייניקן פון דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן באַגריף אַלע אַנטראָפּאָ־מאָרפיזמען און אַלע פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן און האָט געפירט אַ פאַר־ביטערטן קאַמף קעגן דער אידעע פון גאָט אַלס פּערזענלעכקייט, וועלכע באַזיצט שכל, פרייהייט, אַ ווילן, א. אַז. וו. אָבער גלייכצייטיק האָט זיך ספּינאָזאַ באַמיט אונדז מאַכן שווער צו באַגרייפן דעם מין פּאַנטעאיזם, וועלכער קלעפּט אָן אים.

דער פּאַנטעאיזם דאַרף נישט פּאָסטולירן די באַשאַפונג פון דער וועלט, דאָך אַזוי גייט ער אַרויס פון דער הנחה, אַז די מאַטעריעלע וועלט איז עקסיסטענט אין גאָט, אַז נאָר גאָט דערשיינט אַלס אומענדלעך, ווערנד

*) Harald Hoffding, Chronicon Spinozanum, באַנד 1, זייט 9.

די וועלט איז נישט אַנדערש, ווי די צוזאַמענזעצונג פון אַלע ענדלעכע זאַכן. גאָט פון פּאַנטעאיסטישן שטאַנדפּונקט איז אַן אומענדלעך גייסטיק וועזן, צום אונטערשייד פון די מאַטעריעלע, קערפּערלעכע זאַכן. פון דעם איז געדרונגען, אַז צווישן גאָט און דער וועלט פון די מאַטעריעלע זאַכן עקסיסטירט אַ פּרינציפּיעלע דיפערענץ: גאָט איז אַ באַזונדער וועזן, וואָס ליגט אין יסוד פון דער מאַטעריעלער וועלט, אַן „אַל־פּערזאָן" — איבער רעדן מיט וויליאַם שטערן — וואָס לייגט אַרויף יעדן זייענדיקן אירע זעלבסטדערהאַלטונגס־צוועקן אַלס געזעצן און וועלכע גיט צו דער וועלט דורך איר שעפערישער זעלבסטדערהאַלטונג אַן אייביקע טענדענץ צו פאַר־פולקומונג (Person u. Sache, II, 44). פון דעם אַלץ געפינט מען נישט ביי ספּינאָזאַ קיין שום ספק. זיין „פּאַנטעאיזם" איז נישט אַנדערש ווי אַ גראַנדיעזער מאָניזם. ספּינאָזאַ קאָן נאָר איין אַלץ־אַרומנעמענדיקע און אין אַלץ זיך אויסווירקנדיקע „סובסטאַנץ". דאָס וואָס ער רופט אויך „גאָט" (Deus sive substantia sive natura), איז נישט מער ווי אַ טעאָלאָגישער רודימענט, אַן אויסערלעכע קאָנצעסיע פאַר דער הערשנדיקער אידעאָלאָגיע. און בשעת ספּינאָזאַ שרייבט צו אָט דער סובסטאַנץ די אַטריבוטן פון אויסשפּרייטונג און דענקען — אגב, ביי דער אונטערשטרייכונג פון דער מעגלעכקייט פון נאָך אַנדערע אַטריבוטן, וואָס זענען נישט צוגענגלעך אונדזער מענטשלעכער דערקענטעניש — דאַן דאַרף מען דאָס נישט אויפ־פאַסן אַזוי „מעטאַפיזיש", ווי דאָס קאָן באַשיינפּערלעך פאָרקומען. עס איז אין תוך גענומען דאָך אַ מאַטעריאַליסטישער אויסגאַנגס־פּונקט.*) אַחוץ דעם פאַרבינדט דאָך ספּינאָזאַ אָרגאַניש דאָס אומענדלעכע מיט דעם ענדלעכן. די אומענדלעכע סובסטאַנץ איז אַן „אינדיווידואום", וואָס קאָן נישט עקסיסטירן אָן זיינע מאָדיפיקאַציעס, ד. ה. אָן זיינע אָפּנבאַרונגען.

דער געדאַנקענגאַנג ספּינאָזאָס איז פאָלגנדיקער: 1) די אומענדלעכע סובסטאַנץ איז די קערזייט („אינדיווידואום") פון אירע ענדלעכע מאָני־פעסטאַציעס; 2) די אומענדלעכע סובסטאַנץ עקסיסטירט אין זיך אַליין און נישט אין אַן אַנדערן. פון דאַנען בעט זיך די רעדוקציע: די סובסטאַנץ איז די נאַטור, וועלכע ווערט באַטראַכט אונטער דעם קוק־ווינקל פון דער אומ־ענדלעכקייט, און די נאַטור, וואָס ווערט אַזוי געזען, עקסיסטירט נישט אין גאָט, נאָר איז גאָט אַליין, ד. ה. ס'איז אַ באַגריף וואָס קאָן פאַרבייטן גאָט. דער פּאַנטעאיזם דאַגעגן קאָן נישט יוצא זיין בשום אופן מיט אַזאַ

*) H. Duncker, Marxistische Bibliotek, באַנד 13, זייט 7.

מין סוראָגאַט, ווייל לויט אים איז גאָט די גייסטיקע סבה פון אַלע מאַטעריעלע זאַכן. ספינאָזאַס השערות אין דער הינזיכט פירן, לויט מאַנקאָווסקיס מיינונג, נאָר צו איין ציל — די איבערצייגונג אָדער דער באַוויז, אַז גאָט איז נישט קיין גייסטיק נאָר אַ מאַטעריעל וועזן, ד. ה. אַן און פאַר זיך איז נישטאָ קיין גאָט. „אונטער סובסטאַנץ פאַרשטיי איך דאָס, וואָס איז אין זיך און ווערט דורך זיך באַגריפן, ד. ה. דאָס, וועמענס באַגריף, כדי צו ווערן געבילדעט, דאַרף נישט האָבן דעם באַגריף פון אַן אַנדער זאַך.” („עטיק” 1, דעפיניציע 3). דאָ איז באמת זייער קלאָר, דאָס אין דער דעפיניציע ווערט פון ספינאָזא געשטעלט די סובסטאַנץ אַלס אומענדלעכקייט קעגן די ענדלעכע זאַכן.

ס'איז באַמערקנסווערט פאַר ספינאָזאַס לערע, וואָס ביי דער דעפינירונג פון דער סובסטאַנץ זעט ער איר אונטערשיד פון די ענדלעכע זאַכן נאָר אין דער עקסיסטענץ, נאָר אין דעם, וואָס זי עקסיסטירט אין זיך און איז פון גאָרנישט אָפּהענגיק. די סובסטאַנץ אָן אַטריבוטן באַזיצט נישט קיין תמצית — דאָס איז, כדי צו פאַרשטיין ספינאָזאַ, אַ זייער וויכטיקער טעזיס, ווייל ביי דער ווייטערדיקער דעפיניציע פון דער מאַטעריע אַלס אַן אַטריבוט פון דער סובסטאַנץ, באַווייזט ספינאָזא גראָד, אַז די מאַטעריע מאַכט אויס דעם תמצית פון דער סובסטאַנץ, ד. ה. די סובסטאַנץ איז מאַטעריעל. „איך האָב נישט געוואוסט, פאַרוואָס זאָל זיין די מאַטעריע אומווירדיק פאַר דער געטלעכער נאַטור, ווייל דאָך (לויט לערזאַץ 14) אחוץ גאָט קאָן נישט זיין קיין סובסטאַנץ פון וועלכער זי וואָלט געקאָנט לײַדן.” („עטיק”, זייט 14).

ספינאָזאַס דעפיניציע וועגן גאָט („אונטער גאָט פאַרשטיי איך דאָס אומבאַדינגט־אומענדלעכע וועזן, דאָס הייסט די סובסטאַנץ, וואָס באַשטייט פון אומענדלעך אַ סך אַטריבוטן, פון וועלכע יעדער איינער דריקט אויס אַן אייביקן און אומענדלעכן תמצית”, „עטיק”, דעפיניציע 4) ווערט לייכט דערקלערט דורך די לערזאַצן 9 און 10 אין ערשטן טייל פון דער „עטיק”: 1) „וואָס מער רעאַליטעט אָדער זיין ס'האָט יעדע זאַך, אַלץ מער אַטריבוטן קומען איר צו”; 2) יעדער איינצלנער אַטריבוט פון אַ סובסטאַנץ מוז ווערן דורך זיך אַליין באַגריפן”.

דער פועל יוצא פון דעם איז: אויב די סובסטאַנץ דריקט אויס די אייביקע עקסיסטענץ פון דער נאַטור, דורכדעם וואָס זי נעמט אַריין אין זיך איר אומענדלעכע פאַרגאַנגענהייט און אומענדלעכע צוקונפט; אויב זי איז די נאַטור אין איר אומענדלעכער פאַרענדערונג און אַנטוויקלונג,

דאַן דערשיינט זי אַלס קאָמבינאַציע, אַלס איינהייט פון אומענדלעך אַ סך תמציתן. ביז איצט האָט דאָס מענטשלעכע דענקען תופס געווען צוויי תמציתן: אַלץ, וואָס עקסיסטירט, באַזיצט אויסשפּרייטונג, און אַז גלייכ־צייטיק מיט דער אויסשפּרייטונג עקסיסטירט אויך דאָס מענטשלעכע דענקען אָדער די מעגלעכקייט פון זיין אַנטשטייאונג. סיי די אויסשפּרייטונג און סיי דאָס דענקען זענען נישט אָפּטיילבאַר פון דער סובסטאַנץ, אָבער אויך די סובסטאַנץ איז פון זיי נישט אָפּטיילבאַר. אַזוי ווי דאָס דענקען עקסיסטירט אַלס אַ פאַקט, דאַן זענען טאַקע זיינע פּאַראויסזעצונגען פּרע־פאָרמירט אין דעם תמצית פון דער נאַטור אַליין. בכן איז די פאַרענדערונג און די אַנטוויקלונג פון דער נאַטור אומענדלעך, ווייל אויך פון אַ מאַרק־סיסטישן שטאַנדפּונקט, אָדער נאָך ריכטיקער, פון אַ היסטאָריש־מאַטעריאַ־ליסטישער דיאַלעקטיק געזען, איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון דער אַנטשטייאונג פון נייע תמציתן, נייע איינגנשאַפטן אין דעם אַנטוויקלונגס־פּראָגאַנג, קאָנפאָרם צו דער פיזישער וועלט און דער וועלט פון דערקענטעניש. אַ סך זעען ביי ספּינאָזאַ אַ טעות און אַ שוואַכע זייט, דאָס וואָס פון דער אומענדלעכער צאָל פון די אַטריבוטן פון דער סובסטאַנץ רופט ער אָן נאָר צוויי.*) ווער וואָלט אָבער געקענט פון זיי נאָך מער אויפציילן? די געשיכטע פון קאָסמאָס, פון דער נאַטור, איז דאָך נאָך נישט אָפּגעשלאָסן. דאָס וואָס מ'האַלט ביי ספּינאָזאַן אַלס חסרון, איז דאָס גראָד זיין מעלה. נישט וועלנדיק צולאָזן דעם באַשאַפונגס־אַקט פון דער וועלט, האָט ספּינאָזאַ געמוזט פּאַראויסזען די מעגלעכקייט פון דער אַנטשטייאונג פון נייע אייגנשאַפטן — אָדער אין זיין טערמינאָלאָגיע פון נייע תמציתן — אין דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער נאַטור. אַזוי ווי אָבער ס'איז ביי אים די רייד פון אַן אַבסאָליוטער אומבאַדינגטער נאַטור, איינשליסלעך איר צוקונפט, דאַן האָט ער די לאָגישע באַרעכטיקונג צו זאָגן, אַז אָט די אַבסאָליוטע אייביקע אויסערצייטלעכע (אין דעם זין וואָס זי אומפאַסט דעם גאַנצן אומענדלעכן צייטלויף) נאַטור באַזיצט אַן אומ־ענדלעכע צאָל פון תמציתן, ד. ה. פון אַטריבוטן, וואָס זענען שוין פאַראַן און וואָס וועלן שטענדיק עקסיסטירן.

ספּינאָזאַ דאַרף מען בשום אופן נישט באַטראַכטן אַלס דיאַלעקטיקער, ער האָט אויך נישט געשאַפן קיין אַנטוויקלונגס־לערע, דאָך אַנטהאַלט אין זיך זיין סיסטעם, אַלס אַ קאָנסעקווענט מאַטעריאַליסטיש־עמפּיריש סיסטעם

*) Л. А. Маньковский: Спинозизм и Материализм, 97 זייט

(וואָס איז אָבער דורכאויס נישט מעכאַניסטיש) די נייטיקע פּאָראויס־זעצונגען און יסודות פאַר דעם אויפבוי פון אַ וויסנשאַפטלעכער טעאָריע פון דער דיאַלעקטיק. מ'דאַרף מיט נאָכדרוק באַטאָנען, אַז ספּינאָזאָס לערע איז בשום אופן נישט אַ מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפיע, נאָר אַ פאָר־שטופע צום דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. אַזוי באַמערקט אויך קאַרל מאַרקס אין דער „הייליקער פאַמיליע": „העגעלס געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע שילדערט דעם פראַנצויזישן מאַטעריאַליזם אַלס אַ רעאַליזירונג פון דער ספּינאָזיסטישער סובסטאַנץ".*) אויך לודוויג פייערבאַך האָט געזוכט זיך מתקרב צו זיין צו ספּינאָזאַן. בשעת ער האָט זיך אָנגעהויבן אָפּצוקערן פון אידעאַליזם, האָט ער געשריבן פאָלגנדיקן באַמערקנסווערטן זאַץ: „ווי אַנטקעגנגעזעצט ס'זאָל נישט זיין אויך דער פּראַקטישער, דער ספּעקולאַציע־אויסלאַכנדיקער רעאַליזם, אין די שטות פון אַזוי־גערופענעם סענסואַליזם און מאַטעריאַליזם פון די ענגלענדער און פראַנצויזן, דעם גייסט פון גאַנצן ספּינאָזאַ, טו האָבן זיי דאָך זייער לעצטן יסוד אין דער יעניקער אָנשויאונג פון דער מאַטעריע, וועלכע ספּינאָזאַ, אַלס מעטאַפיזיקער, האָט אַרויס־געזאָגט אין דעם באַקאַנטן זאַץ: „די מאַטעריע איז אַן אַטריבוט פון גאָט".**) דעם הויפּט־חסרון פון ספּינאָזיזם זעט פייערבאַך אין דעם, וואָס פאַר אים דערשיינט „דאָס זינלעכע, אַנטיטעאָלאָגישע וועזן פון דער נאַטור נאָר אַלס אַן אָפּגעצויגן, מעטאַפיזיש טעאָלאָגיש וועזן". ספּינאָזאַ האָט מבטל געמאַכט דעם דואַליזם פון גאָט און נאַטור, ווייל ער האָט דערקלערט די ווירקונגען פון דער נאַטור אַלס די ווירקונגען פון גאָט. אָבער דוקא דערפאַר, וואָס די ווירקונגען פון דער נאַטור דערשיינען אין זיינע אויגן אַלס די ווירקונגען פון גאָט, בלייבט גאָט פאַר אים אַן אָפּ־געזונדערט וועזן פון דער נאַטור, וואָס ליגט אין איר גרונד. גאָט שטעלט זיך אַרויס אַלס סוביעקט, די נאַטור — אַלס פּרעדיקאַט. אַזוי באַלד ווי די פילאָסאָפיע וועט זיך האָבן בהחלט עמאַנציפּירט פון דער גאָטס־געלערטהייט, מוז זי תיכף באַזייטיקן אָט דעם באַדייטנדיקן חסרון פון ספּינאָזאָס פילאָסאָפיע, וועלכע איז לויט איר מהות אַ ריכטיקע. נישט Deus sive natura, נאָר aut Deus aut natura איז די נאַטור פון דעם אמת". אַזוי אַרום שטעלט פאַר פייערבאַכס „הומאַניזם" אַ נישט אַנדערש

*) Mehring, Aus dem literarischen Nachlass, K. Marx, באַנד 2, זייט 240.

**) Karl Grün, Ludwig Feuerbach in seinem Briefwechsel und Nachlass, באַנד 1, ז. 324-25.

ווי פון זיינע טעאָלאָגישע צודאַטן באַפרייטער ספּינאָזיזם. „און אַט דער טאַקע, דורך פייערבאַכן פון די טעאָלאָגישע שיריים אויסגעלייטערטער, ספּינאָזיזם איז געוואָרן דער באָדן, אויף וועלכן מאַרקס און ענגעלס האָבן זיך באַזעצט, נאָכדעם ווי זיי זענען אַוועק פון אידעאַליזם. אויסצוטון דעם טעאָלאָגישן מלבוש פון ספּינאָזיזם האָט באַצוועקט — באַלייכטן און אַנט־דעקן זיין אמתדיקן מאַטעריאַליסטישן אינהאַלט. דער ספּינאָזיזם פון מאַרקס און ענגעלס איז אַלזאָ געווען דער יינגסטער מאַטעריאַליזם". (ג. פּלעכאַנאָוו, „די גרונד־פּראָבלעמען פון מאַרקסיזמוס", ז. 22, דייטש).

## IV

די נאָר וואָס ציטירטע שטעלן פון מערינג, גרין און פּלעכאַנאָוו קאָנען געפינען צום טייל אַ באַשטעטיקונג, בשעת מיר רירן אָן דאָס פּראָבלעם פון דענקען און דערקענען ביי ספּינאָזאַ בכלל. דאָס דענקען איז נישט די סבה פון זיין, נאָר זיין רעזולטאַט, גענויער — זיין אייגנשאַפט. איך עמפינד און דענק דורכאויס נישט אַלס אַן אָביעקט וואָס שטייט אַנטקעגן דעם סוביעקט, נאָר אַלס סוביעקט־אָביעקט, אַלס אַווירקלעכער מאַטעריעלער וועזן. און דער אָביעקט איז פאַר מיר נישט נאָר דער קעגנשטאַנד, וועלכן איך עמפינד, ס'איז אויך די גרונדלאַגע, די נייטיקע באַדינגונג פון מיין עמפינדונג. די אָביעקטיווע וועלט עקסיסטירט נישט נאָר מחוץ פון מיר, זי איז אויך אין מיר אַליין, זי שטעקט אויך אין מיין אייגענער הויט. אַלס באַווייז, אַז די אויסשפּרייטונג און דאָס דענקען זענען צוויי אייביקע אַטריבוטן פון דער נאַטור, גייט ספּינאָזאַ אַרויס פון אַ גאַנץ עמפּירישער אַקסיאָמאַטיק. אַזוי צ. ב.: „דער מענטש דענקט", אָדער: „מיר שפּירן און דערגרייכן נישט קיין שום אַנדערע איינצלזאַכן, ווי נאָר קערפּער און מאָדוסן פון דענקען" („עטיק" 1, ז. 44).

פון די ריין עמפּירישע טאַטזאַכן שליסט ספּינאָזאַ וועגן דער עקסיס־טענץ פון די אַטריבוטן פון דענקען און פון דער אויסשפּרייטונג, ד. ה., ער איז זיך אַזוי נוהג, ווי יעדער אַנדערער קאָנסעקווענט עמפּירישער־דענקענדער פילאָסאָף וואָלט געהאַנדלט. דער גאַנג פון זיינע אורטיילן וועגן אַטריבוטיוויזם פון דענקען איז פאָלגנדער: „די איינצלנע געדאַנקען, אָדער דער און יענער געדאַנק, זענען מאָדוסן, וואָס דריקן אויס גאָטס נאַטור אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן" („עטיק", ז. 45). ס'ווערט אַלזאָ קאָנ־סטאַטירט די טאַטזאַך, דאָס איין „איינצלנער" געדאַנק, ד. ה. דער געדאַנק פון איינצלנע מענטשן, עקסיסטירט און אַט דער פאַקט ווייזט, אַז ס'איז

פאַראַן אַ באַשטימטע קאָרעלאַטיווע זייט פון דער נאַטור. פון דער דאָזיקער פעסטגעשטעלטער טאַטזאַך מאַכט ספינאָזאַ פאָלגנדע דעדוקציע: „לויט דעם קומט צו אַן אַטריבוט, וועמענס באַגריף ס'שליסן אין זיך אַלע איינצלנע געדאַנקען און דורך וועמען זיי ווערן אויך באַגריפן. ערגאָ, איז דאָס דענקען איינער פון די אומענדלעך אַ סך אַטריבוטן פון גאָט, וואָס דריקט אויס גאָטס אייביקן און אומענדלעכן תמצית, אָדער גאָט איז אַ דענקענדע זאַך, וואָס ס'איז געווען צו באַווייזן" (ז. 45).

נאָכדעם ווי ספינאָזאַ באַהויפּטעט, אַז „די אויסשפּרייטונג איז גאָטס אַטריבוט, אָדער גאָט איז אַן אויסגעשפּרייטע זאַך", דערקלערט ער: „דער באַווייז פון דעם לערזאַץ ווערט אויך אַזוי געפירט ווי דער פריערדיקער", ד. ה. פון דעם פעסטגעשטעלטן פאַקט פון דער עקסיסטענץ פון אויסגעשפּרייטע קערפּערלעכע זאַכן פאָלגט די מסקנה, אַז ס'איז דאָ אין דער נאַטור דער אַטריבוט פון אויסשפּרייטונג אָדער פון קערפּערלעכקייט, „ווייל אַלע, וואָס האָבן אַביסל אַ טראַכט געטון וועגן דער געטלעכער נאַטור, פאַרניינען גאָטס קערפּערלעכקייט. זיי באַווייזן דאָס אויך זייער גוט מיט דעם, וואָס אונטער קערפּער פאַרשטייט מען שטענדיק אַ גרייס, וואָס איז לאַנג, ברייט און טיף און באַגרענעצט דורך אַ באַשטימטער געשטאַלט, אַלץ ענינים, וועלכע זענען זייער נישט פּאַסנד, אויסצוזאָגן פון גאָט אַלס דעם אומבאַדינגט אומענדלעכן וועזן". דאַריבער, ווער ס'פאַרניינט גאָטס קערפּערלעכקייט אָדער אויסשפּרייטונג, גייט אַרויס פון אַן איינפאַכער אָנשויאונג, דאָס מ'דאַרף פאַרשטיין אונטער אויסשפּרייטונג אָדער קערפּערלעכקייט נאָר ענדלעכע באַגרענעצטע זאַכן. אַזוי ווי אָבער גאָט איז אומענדלעך, דערפאַר קאָן מען אים טאַקע נישט צושרייבן קיין אויסשפּרייטונג אָדער קערפּערלעכקייט. פון דעם פאַקט, וואָס ס'עקסיסטירן ענדלעכע קערפּערלעכע זאַכן, דעדוצירט ספינאָזאַ לאָגיש און דיאַלעקטיש דאָס פאַראַנענזיין פון אַ קערפּערלעכער אָדער אויסגעשפּרייטער אומענדלעכקייט. די זייטן 13-17 פון דער „עטיק", וווּ ספינאָזאַ אורטיילט וועגן דער קאָרעלאַציע צווישן ענדלעך און אומענדלעך, זענען לויט מאַנקאָווסקי אַ גלענצנדער ביישפּיל פאַר אַ מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק.

אָבער די אויפפאַסונג פון דער טיילבאַרקייט פון דער סובסטאַנץ פאַרבאָרגט דאָך אין זיך דעם וואָרצל פון אַלע פעלער. נאָר ענדלעכע זאַכן טיילן זיך; דאַגעגן דערשיינט די אומענדלעכקייט אַלס אַ גאַנצקייט און קאָנטינואיטעט. פון ספינאָזאַס שטאַנדפּונקט שטעלט פאַר די נאַטור אַ געוויסע דיאַלעקטישע צעצווייאונג, ד. ה. אַ סינטעז (אַ פאַראייניקונג) פון

קאָנטינואיטעט און דיסקאָנטינואיטעט. אויף ווי ווייט די נאַטור באַשטייט פון ענדלעכע זאַכן, איז זי טיילבאַר און נישט סטאַביל; אויף ווי ווייט אָבער זי דערשיינט אַלס גאַנצקייט, איז זי אומטיילבאַר און קאָנטינואירלעך. בשעת מיר באַגרייפן די נאַטור נאָר דורך אונדזערע חושים, ד. ה. ריין אויסערלעך און אויבערפלעכלעך, דאַן גיט זי זיך אונדז נאָר פון איר קוואַנטיטאַטיווער זייט, ד. ה. אַלס טיילבאַר און דיסקאָנטינואירבאַר. בשעת מיר טרעטן אָבער צו איר צו פון שטאַנדפּונקט פון שכל, ד. ה. לויט וויסנשאַפטלעכער מעטאָד, דאַן רעפּרעזענטירט זי זיך אונדז תיכף אַלס קאָנ־טינואירלעך, אַלס אַ געוויסע איינהייטלעכע און אומטיילבאַרע קוואַליטעט. אמת, ספּינאָזאַ אַקצעפּטירט נישט דאָס וואָרט „קוואַליטעט", וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין דיאַלעקטישן לעקסיקאָן, אָבער זיין גאַנצער געדאַנקען־גאַנג טענדירט צו דער הנחה, דאָס די נאַטור באַזיצט צוויי זייטן — אַ קוואַנטיטאַטיווע און אַ קוואַליטאַטיווע. „אויב אָבער עמעץ פרעגט, פאַר־וואָס זענען מיר פון דער נאַטור אַזוי גענייגט צו טיילן די גרייס, טו ענטפער איך אים, אַז די גרייס ווערט פון אונדז באַגריפן אויף צווייערליי אופנים, פון איין זייט אַבסטראַקט און אויבערפלעכלעך, בשעת מיר שטעלן זי פאָר, פון דער אַנדער זייט אַלס סובסטאַנץ, וואָס געשעט נאָר דורך דעם שכל אַליין. דערפאַר, אויב מיר זעען די גרייס, ווי זי איז אין דער אימאַגי־נאַציע, וואָס פּאַסירט זייער אָפט און פאַלט אונדז לייכטער, דאַן וועט זי (די גרייס) דערשיינען אַלס ענדלעך, טיילבאַר און צוזאַמענגעזעצט פון חלקים. אויב אָבער מיר פּאַסן זי, ווי זי איז אין שכל און מיר באַגרייפן זי אויף ווי ווייט זי איז סובסטאַנץ, וואָס ס'איז זייער שווער, דאַן דערשיינט זי אונדז, ווי מיר האָבן שוין גענוג באַוויזן, אַלס אומענדלעך, איינציק און אומטיילבאַר. דאָס וועט קלאָר זיין פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט געלערנט צו אונטערשיידן צווישן אימאַגינאַציע און שכל; דערצו נאָך, אויב מ'נעמט אין אַכט, אַז די מאַטעריע איז אומעטום די גלייכע און אַז חלקים לאָזן זיך אין איר נאָר אויף אַזויפיל אונטערשיידן, אויף וויפיל מ'דענקט די מאַטעריע רעפּרעזענטירט זיך אויף פאַרשידענע אופנים, פון וואַנען אירע חלקים לאָזן זיך נאָכדעם אונטערשיידן נאָר אויף אַ מאָדאַלן שטייגער און נישט אויף אַ רעאַלן. למשל, דענקט מען אַז וואַסער, אויף ווי ווייט דאָס איז וואַסער, איז טיילבאַר און זיינע חלקים אַלס פונאַנדערטיילבאַר, נישט אָבער אויף ווי ווייט דאָס איז קערפּערלעכע סובסטאַנץ; אויף אַזוי ווייט איז דאָס באמת סיי אומצערייסבאַר און סיי אומטיילבאַר. ווייטער: וואַסער אַלס וואַסער אַנטשטייט און פאַרגייט; דאַגעגן אַלס סובסטאַנץ,

איז נישט דאָס אַנטשטייט און נישט דאָס פאַרגייט" („עטיק", ז. 16).

דאָ מוז מען שטאַרק באַטאָנען, וואָס ספינאָזא זאָגט וועגן דער מאַטעריע: „אירע חלקים לאָזן זיך אונטערשיידן נאָר אויף אַ מאָדאַלן שטייגער, נישט אָבער אויף אַ רעאַלן". אָט פון דער הנחה איז די מאַרקסיסטישע אָנשויאונג זייער שטאַרק אַנטציקט, ווייל ס'קומט אויס, אַז די דערשיינונגען פון דער נאַטור, אירע עקסיסטענץ־פאָרמען און די פאָרמען פון דער מאַטעריע געפינען זיך אין אַ שטענדיקער (פּערמאַנענטער) ענדערונג, דורכדעם וואָס זיי בייטן זיך איינע מיט די אַנדערע, בשעת די מאַטעריע אַליין, אַלס אַן אומענדלעכער תמצית, בלייבט שטענדיק איין און די זעלבע. לויט דעם איז די אויסשפּרייטונג אַן אומענדלעכער תמצית אָדער אַן אַטריבוט פון דער נאַטור און, לויט ספינאָזאַס טערמינאָלאָגיע, גאָטס אַטריבוט. אַרויספירנדיק פון דעם פאַקט, וואָס ס'עקסיסטירן ענדלעכע אויסגעשפּרייטע זאַכן, די עקסיסטענץ פון אַן אומענדלעכער קערפּערלעכער סובסטאַנץ, קומט ספינאָזא אויף דעם זעלביקן אופן אויך צו דער דעדוקציע פון דער עקסיסטענץ פון אַן אומענדלעכן דענקען.

באַטראַכטן מיר די נאַטורוויסנשאַפטן, דאַן וואַרפט זיך שניידנדיק אין די אויגן דער אונטערשיד צווישן אַנאָרגאַנישער (לעבלאָזער) און אָרגאַנישער נאַטור, וועמענס העכסטע מאַניפעסטאַציע ס'דערשיינט דורך דעם מענטשלעכן דענקען. די אָרגאַנישע נאַטור אונטערשיידט זיך קוואַליטאַטיוו פון דער נישט־אָרגאַנישער און די דיסטינקציעס (אונטערשיידן) אין דער אָרגאַנישער נאַטור גופא קאָנען נישט אַזוי גרויס זיין ווי די דיסטינקציע צווישן איר און דער אַנאָרגאַנישער נאַטור. אַלע זאַכן — זאָגט ספינאָזא — לאָזן זיך אונטערשיידן (באַשטימען) אַנטוועדער לויט די אַטריבוטן אָדער לויט די מאָדוסן. ס'עקסיסטירט אַ געוואַלטיק גרויסע מאַניגפאַלטיקייט פון די אויסגעשפּרייטע זאַכן, ס'איז פאַראַן געניי אַזאַ פּולאַרטיקייט אויך פון די אידעען, אָבער אין דער אויסשפּרייטונג גופא אונטערשיידן זיך די זאַכן אויף אַ מאָדאַלן שטייגער. דאָס זעלבע קאָן מען אויך באַהויפּטן וועגן דער דיסטינקציע צווישן די אידעען אָדער געדאַנקען. דאָך אַזוי אונטערשיידן זיך די אויסגעשפּרייטע זאַכן פון די אידעען נישט מאָדאַל נאָר אַטריבוטיוו, ד. ה. לויט איר תמצית. איבערגייענדיק נאָכדעם פון די ענדלעכע זאַכן און אידעען צו דער אומענדלעכער נאַטור, רעזומירט ספינאָזא: „פון דאַנען ווערט קלאָר, אַז בשעת צוויי אַטריבוטן ווערן באַגריפן אויך אַלס רעאַל פאַרשידן, ד. ה. איינער אָן דער הילף פון צווייטן, קאָנען מיר נאָך בשום אופן דערפון נישט שליסן, אַז זיי מאַכן אויס צוויי

וועזנס אָדער צוויי פאַרשידענע סובסטאַנצן; ווייל ס'געהערט דאָך צו דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ, אַז יעדער איינצלנער פון אירע אַטריבוטן ווערט דורך זיך אַליין באַגריפן, טאַקע דערפאַר ווייל אַלע אַטריבוטן, וועלכע זי האָט, זענען שוין פון שטענדיק אָן פאַראַן אין איר און קיינער פון זיי קאָן נישט ווערן אַרויסגעבראַכט פון די אַנדערע, נאָר יעדער אַטריבוט דריקט אויס די רעאַליטעט אָדער דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ" („עטיק", ז. 8).

ספינאָזאַ שטייט דאָ אויף אַ ריין וויסנשאַפטלעכן, יאָ זאָגאַר אויף אַ מאָדערן נאַטור־פילאָסאָפישן שטאַנדפונקט. דאָס לעבן און דאָס דענקען רעפּרעזענטירן מיט זיך דערשיינונגען, וואָס זענען קוואַליטאַטיוו פאַרשידן פון דער אַנאָרגאַנישער נאַטור, אַזוי אַז מ'מוז זיי דערפאַסן אויף דעם יסוד פון זייערע אייגענע ספּעציפישע געזעצן, וואָס מ'מוז אָבער ברענגען אין באַצוג מיט די פענאָמענען פון דער אַנאָרגאַנישער נאַטור. דער טעאָרעטישער שטרייט, וועלכער איז אין די לעצטע יאָרן אַנטשטאַנען אין סאָוועט־רוסלאַנד צווישן די דיאַלעקטישע מאַטעריאַליסטן און די מעכאַניסטן, באַווייזט זייער בולט, אַז די מעכאַניסטן האָבן אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט ספּינאָזאָס פראַגעשטעלונג פון זיבעצעטן יאָרהונדערט. די מעכאַניסטן דערקלערן די אַנטשטייאונג פון לעבן אויסשליסלעך פון דעם רוימלעכן תמצית פון דער מאַטעריע און דערפאַר פאַרטרעטן זיי די מיינונג, אַז אַן אויסשפּענדיקע דערקלערונג פון לעבן קאָן געבן נאָר די ריינע אָנווענדונג פון די געזעצן פון דער אַנאָרגאַנישער נאַטור און זייערע דערשיינונגען. דורכדעם באַווייזן די מעכאַניסטן די פולשטענדיקע איגנאָראַנץ פון די אייגנאַרטיקע אויטאָנאָמע געזעצן, דורך וועלכע ס'ווערט רעגירט דאָס לעבן און דאָס דענקען. ספּינאָזאַ, וואָס האָט גלענצנד באַגריפן דעם צוזאַמענ־האַנג וואָס דאַרף עקסיסטירן צווישן דער אויסגעשפּרייטער נאַטור און דעם דענקען, האָט אָבער גלייכצייטיק אויך באַמערקט זייערע באַזונדערע געזעצן. אַלס יסוד פון לעבן און דענקען דערשיינט, לויט ספּינאָזאַ, בשום אופן נישט די אויסשפּרייטונג, הגם אויך אויסערהאַלב פון איר איז אוממעגלעך סיי לעבן און סיי דענקען. די דאָזיקע גרונדלאַגע האָט איר ספּעציפישן תמצית, וועלכער ווערט גערופן פון ספּינאָזאַ דער אַטריבוט פון דענקען. דידעראָ, דער קאָנסעקווענטער און דיאַלעקטיש־דענקענדער פראַנצויזישער מאַטעריאַליסט, פאַרטרעט פולשטענדיק אין דער פראַגע ספּינאָזאָס שטאַנד־פונקט. אויך לעניין האָט פאַרטראָטן אַן ענלעכע מיינונג וועגן דער באַ־

ציאונג צווישן אָרגאַנישער און אַנאָרגאַנישער נאַטור.*) די מאַטעריע אַלס סובסטאַנץ איז קאָנטינואירלעך און אומטיילבאַר, דערפאַר קאָנען זיך אין איר צוזאַמענלעבן אַזעלכע קעגנזאַצן, ווי אויסשפרייטונג און וואָרנעמונג. „אין דער פונדירונג פון דעם אַלייניקן אויפבוי פון דער מאַטעריע" — שרייבט לענין — „קאָן מען נאָר פאָסטולירן די עקסיסטענץ פון אַ פעאיקייט, וואָס איז אידענטיש מיט דער וואָרנעמונג". אויך פּלעכאַנאָוון האָט זייער שטאַרק אינטערעסירט די פראַגע, צי דאָס דענקען איז אַן אייביקער אַטריבוט פון דער מאַטעריע. ער האָט זיך אַ סך מאָל באַשעפטיקט מיט דעם און האָט זאָגאַר פעסטגעשטעלט, אַז צווישן מאַרקסיזם און ספּינאָזיזם עקסיס־טירט אַ קרובהשאַפט.*)

ספינאָזאַ האָט באַגרינדעט דעם אויסערגעוויינטלעך וויכטיקן טעזיס פאַר דער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, וואָס לאָזט זיך אויסדריקן אין צוויי ווערטער: די מאַטעריע דענקט. לויט זיין לערע, זענען נישט פאַראַן אין דער נאַטור צוויי סובסטאַנצן, נאָר איין איינציקע, וועלכע איז גלייכצייטיק אויסגעשפרייט און דענקענדיק. דאָס, וואָס ספינאָזאַ רופט אין זיין שפראַך סובסטאַנץ, הייסט אין דער געוויינטלעכער שפראַך מאַטעריע. די מאַטעריע איז, אַזוי צו זאָגן, דאָס געהיימניש פון ספינאָזאָס סובסטאַנץ. ספינאָזאַ האָט זיך געווענדט נאָר קעגן דער אידענטיפיצירונג פון דענקען און אויסשפרייטונג. ער האָט אָבער אַנטשידן געהאַלטן דאָס דענקען אַלס אַן איינגנשאַפט פון דער מאַטעריע. דערפאַר האָט ער אַוועקגעוואָרפן דע־קאַרטס אידענטיפיצירונג פון מאַטעריע און אויסשפרייטונג. אונטער סוב־סטאַנץ דאַרף מען, לויט ספינאָזאַ, פאַרשטיין די מאַטעריע, וואָס בילדעט די איינהייט פון צוויי אַטריבוטן. די מאַטעריע באַזיצט די פעאיקייט צו דענקען און ס'איז נישט פאַראַן קיין דענקען אָן מאַטעריע.

ספינאָזאָס מאַטעריאַליזם און עמפיריזם דריקט זיך אויס פונקט מיט אַזאַ דייטלעכקייט און אויסגעהאַלטנקייט אויך אין זיין דערקענטעניש־טעאָריע און אין דער לערע וועגן די אַפעקטן, וועלכע מיר קאָנען דאָ לײדער נישט באַהאַנדלען צוליב דוחק אין פּלאַץ. אָבער אויך פון דער דאָזיקער קליינער באַטראַכטונג איבער ספינאָזאָס לערע וועגן סובסטאַנץ טרעט ער נענוג בולט אַרויס אַלס מאַטעריאַליסטישער דענקער און אַלס פאָרלויפער פון וויסנשאַפטלעכן דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם.

---

*) Ленин: Материализм и Эмпирио-Критицизм, 22 זייט

**) Г. Плеханов: Сочинения, באַנד 10, זייט 12.

ד״ר. יעקב שאַצקי

# ספּינאָזאַס סאָציאַל־פּאָליטישע פילאָסאָפיע

אין דער אַנטוויקלונג פון ספּינאָזאַס פילאָסאָפישן סיסטעם פאַרנעמט די סאָציאַלע פילאָסאָפיע אָדער די סאָציאָלאָגיע זייער אַ וויכטיק אָרט. אונטער דעם נאָמען סאָציאַלע פילאָסאָפיע דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ספּינאָזאַס לערע וועגן מלוכה און רעכט, וועגן יחיד און זיין שייכות צום כלל, וועגן פרייהייט, וואָס דער מענטש האָט אין דער נאַטור, ווייל ער באַטראַכט זיך ווי אַ טייל פון דער דאָזיקער נאַטור און ממילא קאָן ער זיך דערלויבן אויף אַלץ וואָס איז אין זיין כח, און וועגן פליכט, ווי אַ באַגריף, וואָס צוימט די דאָזיקע רעכט, געגעבן פון דער נאַטור.

די דאָזיקע פילאָסאָפיע פון שטאַט געפינט זיך ביי ספּינאָזאַן אין דריי פאַרשידענע ווערק: אין דעם „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט״, געדרוקט אין 1670, אין דעם „פּאָליטישן טראַקטאַט״, געדרוקט 1678, נאָך דעם פילאָסאָפס טויט, און אויך אין דער „עטיק״, ספּעציעל אין פערטן טייל (פּראָפּאָזיציעס: 35 און 37).

אַזוי ווי דער „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט״ איז שוין געווען אין 1665 כמעט ווי פאַרטיק, און דער „פּאָליטישער טראַקטאַט״ איז געשריבן געוואָרן פאַר זיין טויט (1677), קאָן מען דעריבער מיט זיכערקייט פעסט־שטעלן, אַז די לעצטע 12 יאָר פון זיין לעבן האָט ספּינאָזאַ זיך באַשעפטיקט מיט דעם סאָציאַלן טייל פון זיין פילאָסאָפיע.

אין משך פון די צוועלף יאָר האָט ספּינאָזאַ אין איניקע פּרטים געענדערט זיינע מיינונגען, און דאָס איז וויכטיק צו געדענקען בעת מיר טרעטן צו צו אונדזער טעמע.

מען מוז ראשית כל קלאָר מאַכן די היסטאָרישע סביבה, אין וועלכער עס איז אויסגעוואַקסן אַזאַ שטאַרקער אינטערעס פאַר סאָציאַלע פראַגן.

די תקופה פון רענעסאַנס ווערט באַטראַכט געוויינטלעך ווי אַ תקופה, ווען דער יחיד רעוואָלטירט קעגן דער העגעמאָניע פון דער קירכלעכער מאַכט און קעמפט פאַר דער „אויטאָנאָמיע פון גייסט״. דער מענטש האָט אַ ווערט נישט נאָר פון שטאַנדפּונקט פון די דאָגמען פון דער קירכע, אויף

וויפיל ער איז זיי „געטריי" — דער מענטש האָט אַ ווערט, ווי אַ „פּראָדוקט פון דער נאַטור", און ספּעציעל ווי אַ „פּסיכישער מעכאַניזם".

מיטלאַלטער האָט נישט געוואוסט פון דעם עצם מענטש. מען האָט אים געזען אין ליכט פון טונקעלן מיסטיציזם, מען האָט אייגנטלעך געקענט נישט דעם רעאַלן מענטשן, נאָר דעם מיסטיש־סימבאָלישן.

די קענטעניש פון מענטשן, די אַנטראָפּאָלאָגיע, הייבט אָן צו בליען אין 16טן יאָרהונדערט און דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון אַנטוויקלונג אין ספּינאָזאָס תקופה, אין 17טן יאָרהונדערט.

וואָס איז געווען, אייגנטלעך, די אַנטראָפּאָלאָגיע פון יענער צייט?

די אַנטראָפּאָלאָגיע פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט האָט זיך פאַר־נומען מיטן אויספאָרשן די אינהאַלטלעכקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור. דאָס לעבן פון אַ מענטשן האָט אַן אינהאַלט און האָט אַ ווערט; אין וואָס פאַר אַ שייכות געפינט זיך דער אינהאַלט צום ווערט?

דער מענטש לעבט אין אַ סביבה; ווי איז זיין באַציאונג צו איר — ווי אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט די דאָזיקע באַציאונג?

דער יחיד, ווען ער איז אַפילו אַ טייל פון אַ כלל, האָט ער דאָך אַן אייגענע עקסיסטענץ פאָרמע, אַ דאַנק וועלכער ער דיפערענצירט זיך אין דער דאָזיקער סביבה.

די דאָזיקע אַלע פּראָבלעמען, ווי די פראַגע פון באַאורטיילן די ווערטן פון לעבן, די שייכות פון יחיד צום כלל, די דיפערענציאַציע פון מענטשן — דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון דער אַנטראָפּאָלאָגיע ווי אַ לעבנס־פילאָסאָפיע פון יענע תקופות.

דער קאַמף פאַר דער אויטאָנאָמיע פון גייסט האָט ממילא געמוזט ווירקן אויף דעם פּאָליטישן קאַמף פון יענער צייט.

פּונקט אַזוי ווי אייניקע האָבן געקעמפט פאַר דער אויטאָנאָמיע פון רעליגיעזן באַוואוסטזיין, טענהנדיק, אַז דער שכל איז אין באַזיץ פון אַלע אמתן, די רעליגיעזע איינגעשלאָסן — אַזוי האָט מען אויך געקעמפט פאַר דער פּאָליטישער פרייהייט, טענהנדיק אַז דער מענטש איז פון דער נאַטור פריי, ממילא פאַרמאָגט ער אין זיך די פעאיקייט פון באַגרענעצן זיין אייגענע פרייהייט לטובת דעם כלל און קאָן דעריבער אים פון דרויסן נישט אָנגעוואָרפן ווערן.

דער מענטש פון דער רענעסאַנס תקופה האָט געזוכט אָפּצוטיילן מעטאַ־פיזיק פון פיזיק, טעאָלאָגיע — פון פּאָליטיק, זוכנדיק די קרובהשאפט פון

דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד מיט דעם אָביעקטיוון פאַרשטאַנד פון דעם אוניווערס.

דעריבער האָט דער מענטש פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט געקעמפט פאַר אַן אויטאָנאָמיע פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד אויך אין שייכות צו דעם מאָראַלישן לעבנס־סדר פון יחיד.

בייקאָן (Bacon) האָט געלערנט, אַז דער מאָראַלישער סדר איז אונטערגעוואָרפן דעם געזעץ פון דער נאַטור, און דעריבער איז די אויפגאַבע פון מענטשן אָביעקטיוויזירן זיינע האַנדלונגען אויפן סמך פון די אָביעקטיווע געזעצן פון דער נאַטור.

די לײדנשאַפט איז אין אַ סתירה מיט דער נאַטור. דאָס איז חל נישט נאָר אויף דעם לעבן פון יחיד, נאָר אויך אויף דעם לעבן פון כלל אין דער פאָרמע, אין וועלכער ער אָרגאַניזירט זיך, ד. ה. אין מלוכה־פאָרמע.

די גרויסע צערודערונג אין אייראָפּע אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט, די פאַרשידענע טיפּן פון דעספּאָטישע רעפּובליקן און דעמאָקראַטישע מאָנאַרכיעס האָבן געמוזט באַאיינפלוסן די לערע פון דער אָביעקטיווער עוואָלוציע פון שטאַטס־געזעץ און נאַטור־רעכט. דער גרויסער האָלענדישער שטאַטס־פילאָסאָף הוגא דע גראָט (Grotius) האָט אין זיין בוך וועגן „פעלקער־רעכט" (1625) געוואָלט באַשטימען די אומפאַרענדערלעכע, פאַר אַלעמען גילטיקע באַגריפן און פּרינציפּן פון דער נאַטור־רעכט, וואָס דרינגען אַרויס פון דער נאַטור פון דער זאַך און ממילא זענען זיי אַ נויטווענדיקייט, און נישט קיין קאַפּריז.

„דאָס נאַטור־רעכט איז אַזוי אומפאַרענדערלעך" — שרייבט ער — „אַז אַפילו גאָט אַליין וואָלט אים נישט געקאָנט ענדערן. אַזוי ווי גאָט קאָן נישט ווירקן, אַז צוויי מאָל צוויי זאָל נישט זיין פיר, אַזוי קאָן ער נישט ווירקן, אַז דאָס, וואָס איז שלעכט אין הסכם מיט זיין אינערלעכער נאַטור, זאָל נישט זיין שלעכט".

דער דאָזיקער ממש ספינאָזיסטישער זאַץ דאַרף פאַר אונדז זיין אַ שליסל צו דער פילאָסאָפיע וועגן מלוכה, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אַזוי פונאַנדערגעבליט און איז פאַרפולקומט געוואָרן אין ספינאָזאַס ווערק.

זוכנדיק די דאָזיקע „נאַטור־געזעצן" פון נאַטור־רעכט האָט מען געקאָנט דערוואַרטן, אַז אין ליכט פון דער פילאָסאָפיע פון פאַרשידענע יחידים וועלן די געזעצן זיך אַנדערש רעפּרעזענטירן.

באָדען (Bodin) דער גרויסער פראַנצויזישער טעאָרעטיקער פון מלוכה, האָט פאַרטיידיקט די „נאַטור־רעכט" פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע (1577).

אַלטוס (Althus) האָט אין זיין „פּאָליטיק" (1603) פּראָקלאַמירט דעם מאַיעסטעט פון פאָלק.

באָסוע (Bossuet) אַ פראַנצויזישער בישאָף פון 17טן יאָרהונדערט, האָט געלערנט, אַז דער מענטש איז באַשאַפן צוליב דער געזעלשאַפט, ווייל „גאָט איז אונדזער פאָטער און מיר זענען אַלע דעריבער קינדער פון איין פאָטער".

די הויפּט־פראַגע איז געווען, וואו הייבן זיך אָן און וואו ענדיקן זיך די פליכטן לגבי דעם „פאָטער" — לויט באָסוע'ס פיגוראַטיווער טערמינאָלאָגיע, און אויך וואו ליגן די גרענעצן פון דעם „פאָטערס" רעכט צו די „קינדער".

אַז דער מענטש פאַרמאָגט אַ געזעלשאַפטלעכן דראַנג (appetitus societatis) ד. ה. אַז דער דראַנג צוזאַמענלעבן מיט מענטשן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מענטשן, דאָס האָט שוין אפילו די אַלט־גריכישע פילאָסאָפיע געוואוסט. די פראַגע איז אָבער, ווי אַזוי צו פאַרבינדן די נאַטירלעכע רעכט צו פרייהייט מיט דעם נאַטירלעכן דראַנג צום געזעלשאַפט־לעכן לעבן — וואָס קאָן אַנדערש נישט אָרגאַניזירט ווערן, ווי דורך אַ געוויסן קרבן פון דער באַזונדער פרייהייט.

גראָט ווייל אונטערשיידן נאַטירלעכע רעכט פון פּאָזיטיווע, אָדער פרייוויליקע רעכט (jus voluntarium).

פאַר אים איז אַ מלוכה אַ „פולקומער פאַרבאַנד פון פרייע מענטשן מיטן צוועק אָפּצוהיטן די רעכט פון דעם מענטשן און לטובת דעם אַלגעמיינעם נוצן".

דער דאָזיקער פּרינציפּ, וואָס גראָט האָט גענאָשט פון ציצעראָנען, דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם הייליקן אויגוסטין, ווייל אוועקשטעלן די מלוכה, ווי אַ פאַרבאַנד, וואָס איז דאָס העכסטע און פולקומסטע אין מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, ממילא איז דאָס אַן אייביקע אינסטיטוציע.

דער גרויסער רבי פון ספינאָזאַ, טאָמאַס האָבס (Thomas Hobbs) האָט אין אַ רייע ווערק, ווי (1642) Leviathan, De Cive און אַנדערע, אויך אַנטוויקלט די דאָזיקע געדאַנקען.

האָבס האָט מער באַאיינפלוסט ספינאָזאַן, איידער גראָט — דעריבער איז כדאי צו באַרירן זיין פילאָסאָפיע מער אויספירלעך.

ער גייט אויך אַרויס פון דער הנחה, אַז דער סאַמע אָביעקטיווסטער און ממילא דער סאַמע נאַטירלעכסטער כח, וואָס פאַרבינדט מענטשן, איז די מלוכה.

די מלוכה קאָן אריינברענגען אַ סדר צווישן מענטשן און באַפרידיקן זיינע עיקרדיקע פאָדערונגען.

דאָס לעבן איז באַוועגונג און די קונסט באַשטייט אין דעם אריינברענגען אַזאַ סדר אין די באַוועגונגען, אַז זיי זאָלן זיך נישט פּלאָנטערן.

די דאָזיקע קונסט געהערט דער פּאָליטיק.

דער מענטש איז בטבע אַן עגאָאיסט — לערנט האָבס — און נישט קיין געזעלשאַפטלעכע חיה, ווי אריסטאָטל האָט געוואָלט האָבן.

די נאַטירלעכע רעכט פון דעם מענטשן איז די זעלבסטדערהאַלטונג פון זיין לעבן, און דעריבער האָט דער מענטש אַ רעכט צו באַנוצן אַלע מיטלען פאַר דעם ציל, שוין דערפאַר, וואָס די נאַטור האָט אים געגעבן רעכט אויף אַ ציל.

אַזוי ווי יעדער מענטש האָט אַ רעכט אויף זיך, דעריבער שאַפט זיך אַ לאַגע פון מלחמה פון אַ יחיד קעגן יחיד, פון אַלע קעגן אַלע.

אָבער מענטשן קאָנען אַזוי נישט לעבן — דעריבער זוכן זיי שלום. דער דאָזיקער דראַנג נאָך שלום איז נישט אַ נאַטור־מידה, נאָר איז אַ פּועל־יוצא פון שרעק.

כדי צו דערגרייכן דעם געווינטשטן שלום, מוז דער מענטש זיך אָפּזאָגן פון רעכט אויף אַלץ. דאָן טרעט ער אריין אין אַ מין אָפּמאַך מיט די איבריקע יחידים און טראָגט איבער אַ טייל פון זיינע רעכט אויף אַנדערע.

דער דאָזיקער אָפּמאַך, וואָס גאַראַנטירט דעם מענטשן די זיכערקייט פון עקסיסטענץ, געקויפט מיטן פּרייז פון אַ „פרייוויליק־אַרויפגעצוואונגענעם קרבן" פון „באַפרייען זיך פון געוויסע פרייהייטן", איז די באַזע פון מענטש־לעכן צוזאַמענלעבן און קאָן אָננעמען פאַרשידענע אויסערלעכע אָרגאַניזאַציאָנאַלע פאָרמען, ווי געזעלשאַפט, שטאַטס־קאָמונע, מלוכה, א. אז. וו. — דער עצם זיינער וועט זיך אַלעמאָל אויסדריקן אין דעם, אַז דורך דעם אָפּהיטן די אָפּמאַכן, אויף וועלכע ער איז איינגעגאַנגען, אַנטפּלעקט זיך זיין סאָציאַלע מאָראַל.

ווייל: אמת און נישט־אמת, יושר און אומיושר זענען נישט מער ווי רעלאַטיווע באַגריפן פון יענעם „אַבסאָלוטן" אמת, וואָס רופט זיך אָן פּאָליטישער אָדער סאָציאַלער אָפּמאַך.

דעריבער איז דער נאַטור־געזעץ אַ מאָראַלישער געזעץ נישט דערפאַר, ווייל אַזאַ געזעץ עקסיסטירט אָביעקטיוו אין דער נאַטור (ווי גראָט וויל

דאָס האָבן), נאָר דער מענטש וויל נישט שעדיקן דעם צווייטן, אויס מורא, אַז מען זאָל אים נישט שעדיקן.

אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז „אַ מענטש צו אַ מענטש איז אַ וואָלף" און זיין „וועלפישקייט" ווערט געצווימט נאָר פון שרעק נישט צו ווערן פאַרניכטעט פון אַ שטאַרקערער „וועלפישער" נאַטור — קומט האָבס צום אויספיר, אַז מלוכה איז דער קערפּער, וועמענס ווילן (טאַקע צוליב דעם אָפּמאַך פון אַ סך מענטשן) איז דער ווילן פון אַלע, אַזוי אַז די מלוכה האָט דאָס רעכט זיך צו באַנוצן מיטן כח און פעאיקייטן פון יעדן יחיד בכדי אָנצוהאַלטן שלום און פאַרטיידיקן די מלוכה.

די פראַגע איז אָבער נאָך: וואָס פאַר אַ „מאָראַלישער געזעץ" איז יענער געזעץ, וועלכען די מלוכה שאַפט?

האָבס אונטערשיידט צוויי מינים מלוכות: אַ „נאַטירלעכע" (די אָרגאַניזאַציע ביי די פּרימיטיווע שבטים, למשל) און אַ געשאַפענע אָדער אַ פּאָליטישע.

וועלכע איז די אָביעקטיווסטע און וואו זענען די גרענעצן צווישן מלוכה־געזעץ און אינדיווידועלן רעכט?

אויב פּאָליטישע מאָראַל איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ רעלאַציע צווישן יחיד און אָפּמאַך, איז נאָך אַ פראַגע, ווען ווערט דער אָפּמאַך אויס געזעץ, און אונטער וואָס פאַר אַ אומשטענדן ווערט דער אָפּמאַך גופא אויס אָפּמאַך, ווייל ער איז אין אַ סתירה מיט די נייע געזעלשאַפטלעכע שייכותן וואָס האָבן זיך אין דער מלוכה אַנטוויקלט?

די דאָזיקע פראַגע שטעלן שוין די מיטצייטלער פון האָבסן און גראָטן. אַן אָפּמאַך פון אַ רעפּובליקאַנישער געזעלשאַפט וועט דאָך מוזן זיין אין אַ סתירה מיטן כלל, ווען צוליב פאַרשידענע טעמים וועט זיך אין דער זעלבער געזעלשאַפט אַנטוויקלען אַ שטאַרקע מאָנאַרכיסטישע ריכטונג, אָדער פאַר־קערט?

בעת די ענגלישע דעמאָקראַטן פון 17טן יאָרהונדערט האָבן אונטער דער השפּעה פון דער גרויסער רעוואָלוציע אין זייער לאַנד געפּריידיקט, אַז דאָס פאָלק האָט די העכסטע מאַכט און נישט דער קעניג (Milton: The Tenure of Kings and Magistrates. 1649.) און געזען די סבה פון רעוואָלוציעס נאָר אין דער אינטערווענץ פון דער מלוכה־מאַכט אין דעם רעליגיעזן לעבן פון דער געזעלשאַפט, און דעריבער געפאָדערט פרייהייט פון געוויסן, ד. ה. אָפּטיילן טעאָלאָגיע פון פּאָליטיק, — האָבן אַנדערע געפּרעדיקט דעם קולט פון יחיד. באַאיינפלוסט פון מאַקיאַוועליס

„דער פירשט" (Il Principe), זענען זיי געוואָרן גרויסע אָנהענגער פון א מאָנאַרכיסטישן סיסטעם, ספּעציעל פאַר „דעמאָראַליזירטע פעלקער", ווי עס דריקט זיך אויס דער באַרימטער איטאַליענישער שטאַטס־פילאָסאָף אין זיינע „רעדעס וועגן די ערשטע צען קאַפּיטלען פון טיטוס ליוויאוס" (Discorsi sopra la prima deca di Tito Livio).

אויך האָבס איז בעצם געווען א מאָנאַרכיסט, ווייל דער פּרינציפּ פון אונטערוואַרפן די יחידים דעם ווילן פון א מלוכה און וועלן דעם דאָזיקן ווילן פּערסאָניפיצירן אין איין ווילן, האָט געהייסן אויף דעם לשון פון רעאַלע, קאָנקרעטע באַגריפן, באַגרינדען דעמאָקראַטיש די נויטווענדיקע עקסיסטענץ פון א מאָנאַרכיע, ווייל אָן אָפּמאַך, כדי ער זאָל קאָנען אָפּ־געהיט ווערן, מוז האָבן איין צד, וואָס פירט אים דורך. יענער צד מוז זיין אן אינדיווידועלער. דער צווייטער צד, וואָס גיט די באַפולמעכטיקונגען, קאָן זיין א קאָלעקטיוו, אָבער די עקזעקוטיווע מאַכט קאָן קיין פילקעפּיקע נישט זיין.

אַנדערש פאַסט אויף די ענינים ברוך דע ספּינאָזאַ.

בעת האָבס וויל באַזירן די געזעלשאַפט נאָר אויף אַן אויסערלעכער איינהייט (שרעק צווינגט מענטשן זיך צו פאַראייניקן), זוכט ספּינאָזאַ אינערלעכע מאָטיוון, וואָס פירן דערצו, אַז מענטשן זאָלן זיך דאַרפן אָרגאַניזירן אין גרופּעס.

להיפוך צו האָבסיס פּעסימיסטישער פילאָסאָפיע, אַז א מענטש צו א מענטש איז א וואָלף — האַלט ספּינאָזאַ, אַז א מענטש צו א מענטש איז ווי א גאָט („עטיק", פערטער טייל, 35), און אַז דאָס באַגרענעצן פון רעכט אויף מאַכט דרינגט אַרויס פון די פאָדערונגען פון פרייהייט און שכל.

האָבס איז א מאָנאַרכיסט, ספּינאָזאַ א דעמאָקראַט. זיין דעמאָקראַטיזם איז נישט באַשטימט אַפּריאָרי: ער איז באַשטימט אָביעקטיוו פון דער גאַנצער ספּינאָזיסטישער פילאָסאָפיע.

ערשטנס, שטעלט אַוועק ספּינאָזאַ א פּרינציפּ, אַז יעדע מאַכט וואָס ווערט באַפעסטיקט דורך פרייע מענטשן איז העכער פון יענער מאַכט, וואָס ווערט דערוואָרבן דורך א מלחמה.

ספּינאָזאַ וויל שאַפן די מלוכה דורך א פאַראייניקונג פון כחות, בעת האָבס שאַפט זי דורך מאַכן אונטערטעניק א סך יחידים צו איין ווילן, וואָס האָט אַזאַ אומבאַגרענעצטע מאַכט, אַז ער קאָן אפילו די מענטשן צונעמען די אינערלעכע פרייהייט.

ספינאָזאַ זאָגט, אַז מען קאָן ביי מענטשן זייער אינערלעכע פרייהייט נישט אַוועקנעמען.

עס זענען פאַראַן רעכט, וואָס אַ מענטש קאָן נישט איבערטראָגן אויף אַן אַנדערן מענטשן אָדער אויף אַ מלוכה, למשל, די פרייהייט פון רעדן.

די דאָזיקע פרייהייט פון רעדן איז נישט די טעכנישע מעגלעכקייט צו רעדן, נאָר דער אינהאַלט פון דענקען, פון געוויסן, וואָס מאַניפעסטירט זיך כלפּי חוץ אין וואָרט.

דער וועג, דורך וועלכן ספינאָזאַ איז געקומען צו זיינע דעמאָקראַטישע און אָפּטימיסטישע אויספירונגען בנוגע מענטש און מלוכה, יחיד און כלל, איז נישט געווען אַזאַ דירעקטער.

צום אָנהייב האָט ספינאָזאַ אויך געמיינט, אַז דער צוועק פון דער מלוכה איז דאָס דערגרייכן פון אַ געזיכערטער עקסיסטענץ פאַר די יחידים, און די מאָטיוון זענען: שרעק און האָפענונג. די שרעק פאַר אַ גרעסער אומגליק און די האָפענונג אויף אַ גרעסער גוטס.

ער האָט אָבער שוין אין דער „עטיק" (דריטער טייל, 16) אָפּגעלייקנט דאָס, מאָטיווירנדיק דערמיט, וואָס אחדות געבוירן פון שרעק האָט נישט קיין שטאַנדהאַפטיקייט.

איז די נויטווענדיקייט פאַר אחדות אָדער פאַראייניקונג, וואָס מיר רופן אַן מלוכה — אַ נאַטור־רעכט, אָדער נישט?

אונטער נאַטור־רעכט פאַרשטייט ספינאָזאַ „די פּרינציפּן פון נאַטור פון יעדן איינציקן אינדיווידואום, לויט וועלכע יעדער פון זיי איז באַשטימט אין אונדזער באַגריף אויף אַ נאַטירלעכן אופן צו עקסיסטירן און באַאיינפלוסן אויף אַ באַשטענדיקן אופן". („טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט", קאַפּ. 16, זאַץ 2).

למשל, פיש זענען באַשטימט פון דער נאַטור אויף צו שווימען; גרויסע פיש זענען פון דער זעלבער נאַטור באַשטימט אויפצופרעסן די קליינע פיש. דערפאַר לעבן די פיש אין הסכם מיט דעם העכסטן רעכט פון נאַטור — ווען זיי פאַרכאַפּן די וואַסערן און די גרויסע פיש שלינגען איין די קליינע.

וואָס איז געדרונגען פון דעם דאָזיקן רעכט?

אַז דאָס רעכט אויף רעכט גייט אַזוי ווייט, ווי וויט עס גייט די מאַכט.

ווען מענטשן האָבן די מאַכט עפּעס צו פאַרכאַפּן, דאַן גיבן זיי אַ יורידישע באַרעכטיקונג פאַר דער טאַט, ווייל נאַטור־רעכט אָדער דאָס רעכט

פון נאַטור ווערט נישט באַשטימט פון דעם שכל הישר, נאָר פון באַגער און פון מאַכט.

אויב דאָס איז די באַזע פון דעם, וואָס מיר רופן אָן רעכט, ד. ה. אַז רעכט איז נישט מער ווי די אָפּשפּיגלונג פון מענטשלעכער מאַכט, היינט ווי אַזוי איז מעגלעך אַן אָרגאַניזאַציע, אַ מלוכה, וואו דער קאָנפליקט פון יעדנס באַגער נאָך מאַכט, און דאָס רעאַליזירן פון דעם באַגער (רעכט) איז אומפאַרמיידלעך און ממילא אַ סתירה מיט דער עצם אידעע פון געזעלשאַפט?

ספינאָזאַ ענטפערט דאַרויף, אַז כדי צו לעבן זיכער און בעסער האָבן מענטשן געמוזט זיך פאַראייניקן און מאַכן, אַז דאָס רעכט (וואָס הייסט מאַכט), וואָס יעדערער פון זיי האָט געהאַט פון דער נאַטור, זאָל ווערן אַ בשותפותדיק רעכט, אַזוי אַז דאָס דעטערמינירן פון דעם רעכט זאָל קומען נישט דורך דעם כח און דראַנג פון יחיד, נאָר דורך דער מאַכט און ווילן פון דעם קאָלעקטיוו.

ווייל, „אַזוי שנעל ווי איינער גיט איבער עמעצן אַנדערש אַ טייל פון דער מאַכט, וואָס ער באַזיצט, אַלצאיינס אויב ער טוט עס געצוואונגענערהייט אָדער פרייוויליק, אַזוי שנעל איז ער אין דער זעלבער מאָס אויף אַ נויטווענדיקן אופן מוותר אויף אַ טייל פון זיינע רעכט". („טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט", קאַפּ. 16, זאַץ 24).

דעריבער איז דער דראַנג צו קאָאָרדינירן די כחות פון יחידים אין אַ קאָלעקטיוו אויף אַ נויטווענדיקן אופן אויך די קאָאָרדינאַציע פון די טיילן פון מאַכט פון די יחידים, און די דאָזיקע טיילן גיבן אין סך־הכל אַ גרויסע מאַכט (מלוכה־מאַכט), וואָס קאָן שוין דיקטירן די יחידים (אין הסכם מיט זייער פרייוויליקער אָדער געצוואונגענער צושטימונג) אויספירן די געבאָטן פון דער מלוכה.

וואָס איז אָבער שטאַרקער אין דעם אָפּזאָגן זיך פון אַ טייל מאַכט, וואָס מיינט אַ טייל פון רעכט: דער פרייוויליקער מאָמענט אָדער דער צוואַנג?

ספינאָזאַ האַלט, אַז מענטשן וואָלטן קיינמאָל נישט איבערגעגעבן זייער רעכט צו אַן אַנדערן, ווען זיי וואָלטן געקענט אויסמיידן מחלוקתן. אָבער אַזוי ווי דאָס איז בכלל אוממעגלעך — גיבן זיי דעריבער איבער אַ הערשער צו טאָן דאָס, וואָס זיי אַליין זענען נישט בכח, ד. ה. מילדערן קריגערייען און דורכפירן באַשלוסן.

בעת האָבס זאָגט, אַז מען קלייבט אַ הערשער נאָר צוליב אַ מלחמה,

ווייל דעמאָלט איז דער אינדיווידואַליזם די גרעסטע געפאַר — לערנט ספינאָזאַ, אַז עס איז אַן אומזין. מענטשן ווילן נישט זיין קנעכט אין דער צייט פון שלום נאָר צוליב דעם, אַז זיי זאָלן האָבן אַ פירער אין דער צייט פון מלחמה.

שווימט ארויס אַ צווייטע, וויכטיקע פראַגע: קאָן אַזאַ מלוכה, וואָס קלייבט אויס אַ הערשער צוליב אַ מלחמה, זיין זיכער, אַז ער וועט שטרעבן אָנהאַלטן שלום, כל זמן עס וועט אין אים, אין דעם הערשער, הייסט עס, געשאַצט ווערן נאָר דאָס, וואָס קאָן זיך אַנטפּלעקן בעת אַ מלחמה?

עס איז דעריבער קלאָר פאַר ספינאָזאַן, אַז מאָנאַרכיזם איז געבויט אויף יענעם קולט פון העלדנטום, וועלכער אַנטפּלעקט זיך בעת אַ מלחמה און ממילא האַלט ער זיך נאָר אַ דאַנק איר.

גאָר אַנדערש איז אין דער דעמאָקראַטיע.

„די דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע האָט די מעלה" — זאָגט ספינאָזאַ („פּאָליטישער טראַקטאַט, קאַפּ. 5, זאַץ 7) — „וואָס איר געשיקטקייט אַנטפּלעקט זיך מער אין דער צייט פון שלום, איידער אין דער צייט פון מלחמה".

דעריבער איז דעמאָקראַטיע לויט ספינאָזאַן „אַן אַלגעמיינע פאַראייניקונג פון מענטשן, וואָס פאַרמאָגן בשותפות דאָס העכסטע רעכט צו אַלצדינג, צו וואָס זי איז פעאיק". („טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט", קאַפּ. 16, זאַץ 26).

און ווייל די נאַטור צווינגט די מענטשן זיך דערהאַלטן ביים לעבן, צווינגט דאָס לעבן די מענטשן זיך אָרגאַניזירן נישט נאָר כדי זיך קאָנען פאַרטיידיקן קעגן שונא, נאָר כדי דערגרייכן דאָס, צו וואָס זיי זענען פעאיק, ד. ה. כדי צו שאַפן דעם אַלגעמיינעם וואָוילזיין.

ווען מענטשן וואָלטן זיך נישט געהאָלפן קעגנזייטיק, וואָלטן זיי נישט געהאַט גענוג צייט כדי צו באַפרידיקן זייערע נויטן און דערהאַלטן זיך ביים לעבן.

נישט יעדער יחיד איז פעאיק אַלץ צו טון און וואָלט דעריבער נישט געקאָנט פּראָדוצירן אַלץ דאָס, אין וואָס ער נייטיקט זיך אַם שטאַרקסטן.

„מענטשן, וואָס פירן אַ באַרבאַריש לעבן" — זאָגט ספינאָזאַ („טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט", קאַפּ. 18, זאַץ 20) — „נישט קיין אָרגאַניזירטס, לעבן אויף אַן אָרימען און כמעט חיהשן אופן, און אפילו דאָס ביסל, וואָס זיי פאַרמאָגן — הגם עס איז מיזערנע און רוי — באַשאַפן זיי

דורך אַ בשותפותדיקער אַרבעט, ווי זי זאָל נישט זיין".

בכן, גיט די געזעלשאַפט דעם מענטשן דעם סכום פון פרייהייט, וואָס די נאַטור האָט יעדן צוגעטיילט, און די געזעלשאַפט קאָן זיין נאָר אַ דעמאָקראַטישע, ד. ה. אַזאַ וואָס איז באַזירט אויף אַ פרייוויליקן קרבן פון דער אַבסאָלוטער, היהשער, נאַטירלעכער פרייהייט לטובת דעם וואוילזיין פון אַלע, וואָס מיינט לטובת זיך אַליין. ס'איז דער „גוט-פאַרשטאַנענער עגאָאיזם".

ווייל דער יחיד האָט נישט די מאַכט, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט האָבן כדי זיך צו באַשיצן — האָט ער דאָך אויך נישט די מאַכט צו מאַכן אַנדערע אים פאָלגן, זיין געהאָרכזאַם.

די דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט — אויב זי איז נישט בכח אינגאַנצן אָפּצושאַפן די סתירות צווישן יחיד און יחיד — איז זי אָבער בכח לכל הפחות זיי צו לינדערן, אָפּשוואַכן.

„פון אַ דעמאָקראַטישער רעגירונג" — זאָגט ספינאָזאַ — „דאַרף מען דערוואַרטן ווינציקער אומזין, ווייל עס איז כמעט ווי אוממעגלעך, אַז אויף וועלכער עס איז פאַרזאַמלונג זאָל זיך אַ מערהייט אויסדריקן פאַר עפּעס, וואָס איז אַן אומזין".

ספינאָזאַ וויל פאַרשן פּאָליטיק אָן פאָראורטיילן — אַזוי ווי מאַטעמאַטיק — דעריבער איז פאַר אים קלאָר, אַז אַ מערהייט דערגרייכט מיט איר צושטימונג אַ העכערע פאָרמע פון אָביעקטיווער אורטיילסקראַפט ווי אַ מינדערהייט.

(מיט יאָרן שפּעטער וועט זשאַן זשאַק רוסאָ, וועמענס „סאָציאַלער אָפּמאַך" (Contrat sociale) איז שטאַרק באַאיינפלוסט פון ספינאָזאַס פּאָליטישע טעאָריעס, זען דעם אידעאַל פון דעמאָקראַטישקייט, נישט אין אַ מערהייט, נאָר אין אַן אַבסאָלוטער איינשטימיקייט, און עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס די פּוילישע פּאַרלאַמענטאַרישע געזעצגעבונג איז אים אַזוי געפעלן געוואָרן.)

ווי קען אָבער דערגרייכט ווערן אָט יענער אידעאַלער צושטאַנד, ווען אַ מערהייט קאָן קיין „אומזין נישט באַשטימען"?

עס זענען דאָך פאַראַן פאַרשידנאַרטיקע, קעגנזייטיקע אינטערעסן ביי מענטשן, באַזונדערס ווען די מענטשן באַוואוינען אַ גרויסן שטח און זייערע האַנדלונגען ווערן אָפּטמאָל באַווירקט פון די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סבות, וואָס קאָנען זיין לאָקאַלע און ממילא דעצענטראַליזירטע.

ספינאָזאַ האַלט, אַז וואָס קלענער עס איז דער שטח פון אַ מלוכה — אַלץ דויערהאַפטיקער איז די מלוכהשע מאַכט.

פאַר אים איז דער מוסטער געווען האָלאַנד, ווי אַ פעדעראַציע פון שטעט, וואו די בירגער זענען ענגער געקניפּט און געבונדן צווישן זיך, ווי מיט בירגער פון אַנדערע שטעט, ווען עס זאָל אַפילו זיין פון דעם זעלבן לאַנד.

ער האָט אויך געזען אַ מוסטער אין די פאַרשידענע איטאַליענישע רעפּובליקן און מלוכהלעך יענעם אידעאַל, וועלכער איז, ווי מיר ווייסן פון דער געשיכטע, נישט געווען אַזוי דויערהאַפטיק, ווי ספּינאָזאַ האָט זיך פאָרגעשטעלט.

אין אַזאַ שטאָט־מלוכה איז גרינגער צו זיכערן דאָס לעבן פון די בירגער און ממילא פאַרזיכערן זיי שלום — איבערגעבנדיק אין רשות פון די בירגער יענע פרייהייט, וואָס איז נישט אין קיין שום סתירה מיט דער פּאָליטישער מאַכט פון דער מלוכה, ד. ה. די פרייהייט פון וואָרט.

עס קאָן זיין, אַז אויך אַזאַ מלוכה קאָן מיט דער צייט דעגענערירט ווערן, ווי דאָס איז געשען מיט אַ סך מלוכות, וואָס זענען, לויט ספּינאָזאַס מיינונג, אַמאָל געווען דעמאָקראַטיש און זענען שפּעטער געוואָרן אַריסטאָ־קראַטיש.

ווי אַזוי איז דאָס געשען ?

דאָס קאָן אויסגעטייטשט ווערן נאָר אויפן סמך פון ספּינאָזאַס דעפיניציעס פון קנעכט און אונטערטאַנער (ד. ה. בירגער).

אַ קנעכט איז לויט ספּינאָזאַן דער, וואָס איז געצוואונגען צו זיין געהאָרכזאַם זיין בעל־הבית, וועלכער האָט דאָך אין זינען זיין אייגן נוצן.

דער אונטערטאַנער (בירגער) איז יענער מענטש, וואָס האַנדלט לטובת הכלל אויפן באַפעל פון דער העכערער מאַכט. די דאָזיקע העכערע מאַכט איז דאָך די סומע פון די פרייוויליק־אָפּגעגעבענע טיילן פון אינדיווידועלער מאַכט — דעריבער איז אַזאַ האַנדלונג נישט קעגן דעם מענטשן, וואָס פּאָלגט זי אויס, נאָר פאַרקערט, עס איז אין זיינע אינטערעסן אַזוי צו טון.

עס איז די טאַט באַזירט אויסשליסלעך אויפן שכל:

פּונקט אַזוי ווי קינדער זענען נישט קיין קנעכט, ווען זיי פאָלגן די עלטערן, ווייל די עלטערן באַפעלן זיי, האָבנדיק דאָך אין זינען דעם נוצן פון די קינדער — אַזוי האָט די מלוכה אין זינען נאָר זיך, ד. ה. אַלע יחידים, וואָס מאַכן אויס אין סך הכל די מלוכה.

אָבער עס איז דאָך פאָרט פאַראַן קריוודעס פון מענטש צו מענטש!

ספּינאָזאַ פאַרלייקנט דאָס נישט. ער זאָגט אָבער, אַז אַ קריוודע קאָן נאָר פאָרקומען צווישן פּריוואַטע מענטשן, „ווען דאָס רעכט פאַרפליכטעט

צו דעם, אַז זיי זאָלן זיך איינער דעם אַנדערן נישט אָנטאָן קיין שאָדן".

דאָס רעכט, הייסט עס, וואָס איז מאַכט, הייסט זיין יושרדיק, ד. ה. שאַפן יענעם צושטאַנד, אין וועלכן דער מענטש וועט דעם צווייטן אָפּגעבן דאָס, וואָס עס קומט אים לויטן דין פון ציוויל־רעכט. פּונקט ווי אומיושר־דיקייט וועט זיין דאָס אַוועקנעמען ביי עמעצן דאָס, וואָס עס קומט אים לויטן געזעץ, כלומרשט אין נאָמען פון דעם געזעץ.

הייסט עס, אַז יושר און אומיושר זענען, פּונקט ווי שולד און פאַר־דינסט, נישט מער ווי אויסערלעכע באַגריפן און נישט קיין עלעמענטן, וואָס דריקן אויס די נאַטור פון אינטעלעקט.

דאָס זענען רעלאַציעס, שייכותן, וואָס דרינגען נישט אַרויס פון דער נאַטור פון דער זאַך, נאָר פון דער נאַטור פון געזעץ וואָס מענטשן שאַפן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס מיר רופן אָן אַ סתירה צו דעם געזעץ.

אין דער „עטיק" (קאַפּ. 4, פּראָפּאָזיציע 37, הערה 2) האָט אָבער שוין ספּינאָזאַ באַמערקט, אַז ווען מענטשן וואָלטן געלעבט לויט דער הדרכה פון שכל, וואָלטן זיי שוין זיך געקירעוועט מיט זייער רעכט אָן שאָדן פאַר אַנדערע.

מיר ווייסן אָבער, אַז מענטשן זענען אונטערגעוואָרפן פאַרשידענע עמאָציעס, און דערפאַר קומען פאָר קאָנפליקטן צווישן זיי.

פּונקט אַזוי ווי אַ שטאַרקע ליידנשאַפט צוימט איין אַ שוואַכערע, אַזוי ווערט אַ יחיד געצוימט פון כלל.

די אויפגאַבע פון כלל איז צו קאָנטראָלירן די מענטשלעכע געפילן. די דאָזיקע אויפגאַבע איז אַ פּועל יוצא פון דעם רעכט אויף דער זעלבסט־דערהאַלטונג־מאַכט — און דאָס איז די מלוכה.

ווען אָבער איז דער קאָנפליקט מעגלעך — ווען ליידנשאַפט איז מנצח דעם שכל אַפילו אין די ראַמען פון אַ קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַציע.

אין דער צייט פון שלום? ניין! נאָר אין אַ צייט פון מלחמה!

דער חשק צו מלחמות מאַכט פון אונטערטאַנער (בירגער) קנעכט — דאַן איז שוין מעגלעך, אַז אַ מערהייט זאָל זיך אונטערוואַרפן אַ זאַך, וואָס איז אָן אומזין, ווי צו זיין רעגירט פון אַ מינדערהייט אָדער גאָר פון אַ יחיד.

דאַן נאָר, אין דעם אומנאַטירלעכן צושטאַנד פון מלחמה, איז מעגלעך, אַז אַ דעמאָקראַטיע זאָל ווערן אַן אַריסטאָקראַטישע אָדער גאָר אַ דעס־פּאָטישע מלוכה, געפירט פון יחיד אָדער פון עטלעכע אויטאָקראַטן.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן זענען קנעכט באַזיגט געוואָרן, — נישט קיין אונטערטאַנער (בירגער).

דער וואָס האַנדלט אין קאָלעקטיוון לעבן מיטן הסכם פון שכל, ד. ה. פון העכערער מאַכט, איז אַ בירגער; דער, וואָס איז אינדיווידואַליסטיש — איז אַ קנעכט.

ספּינאָזאָ גלויבט דעריבער זייער שטאַרק, אַז פרייהייט געגעבן דעם יחיד, אויף דעם אופן, ווי דער יחיד וויל — מיינט איבערגעבן אים די מאַכט. ווייל דאָס מיינט פרייהייט פאַר אַלע יחידים, וואָס איז לויט ספּינאָזאָן די פאַרניכטונג פון דער מלוכה, און דעמאָלט קערן זיך די מענטשן אום צום צושטאַנד פון נאַטור־עקסיסטענץ.

דער פּראָצעס פון איבערפורעמען דעם „ווילד־פרייען" אין אַן אָר־גאַניזירטן־פרייען — דאָס איז דער וועג פון נאַטור־צושטאַנד צו אַ מלוכה־קאָרפּאָראַציע.

„מענטשן קומען נישט אויף דער וועלט ווי בירגער, נאָר זיי ווערן דאָס". („פּאָליטישער טראַקטאַט, קאַפּ. 5, זאַץ 2).

דאָס איז דער וועג פון עוואָלוציע. אין די ראַמען פון דער דעטערמי־נירטער נאַטור איז די נאַטור פון מענטשן אַן אָביעקט פון עוואָלוציע.

דאָס לערנט אים די זעלבע נאַטור, דער זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט, דער דראַנג צו דערגרייכן די פולקומקייט פון לעבן.

דעריבער איז נאָר שלום דער וועג צו שאַפן בירגער; מלחמה שאַפט קנעכט, ליידנשאַפטלעכע עגאָאיסטן.

ווייל — זאָגט ספּינאָזאָ („טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט", קאַפּ. 3, זאַץ 1) — „ווער עס האַלט זיך פאַר גליקלעך נאָר דערפאַר, אַז אים אַליין גייט גוט און אַנדערע נישט, אָדער דערפאַר, אַז ער איז גליקלעכער פון אַנדערע און האָט אַ בעסערן גורל פון אַנדערע — דער ווייסט נישט, וואָס מיינט אמת גליק און זעליקייט, און די פרייד וואָס ער דערפילט, אויב זי איז נישט קיין קינדישע, שטאַמט זי נישט פון עפּעס אַנדערש, ווי פון קנאה און אַ שלעכט האַרץ".

יעדער מענטש איז דער בעל־הבית פון זיין פרייהייט, און ווייל ער איז דאָס, איז ער פריי דאַן — ווער ער דרינגט אַרוים פון זיין אייגענער נאַטור די נויטווענדיקייט נישט צו זיין אינגאַנצן פריי.

די אַנטינאָמיע פון אינדיווידועלער פרייהייט און קאָלעקטיווער נויט־ווענדיקייט דרינגט אַרוים נישט פון וועלכע עס איז פליכט־הנחות, נאָר פון ראַציאָנאַל־אויפגעפאַסטן „איך־אינסטינקט", פון וועלן אויסמיידן דאָס ערגערע און דערגרייכן דאָס בעסערע.

עס איז פאַראַן נאָך איין מאָטיוו, פאַרוואָס ספּינאָזאָ איז געקומען

צום שלום, אַז די דעמאָקראַטישע אָרדענונג איז די, וואָס קאָן אַם בעסטן לייזן דאָס פּראָבלעם פון יחיד און כּלל אין שייכות צו דער אָרגאַניזאַציע, וואָס מיר רופן אָן מלוכה.

די ביאָלאָגישע נויטווענדיקייט, ווייל דער מענטש, ווי אַ יחיד, וואָלט נישט געווען בכח באַצווינגען די נאַטור־געפאַרן, איז נאָך איין וויכטיקער מאָמענט אין דער פראַגע פון קאָלעקטיוון צוזאַמענלעבן.

אָבער עס איז פאַראַן אויך אַ צווייטע: אַ פּסיכאָלאָגישע.

דער מענטש וואָלט נישט געקאָנט דערגרייכן יענע פרייהייט און גליק־זעליקייט, ווען ער וואָלט נישט געווען אַ גליד פון אַ גרעסערער משפּחה.

דער מענטש נויטיקט זיך אין אַ מענטשן, נישט נאָר פאַר דער אינער־לעכער רואיקייט, נאָר אויך פאַר דער אינערלעכער האַרמאָניע.

דער באַוואוסטזיין פון אַ מעטאַפיזישן בונד מיט דער וועלט און דער באַוואוסטזיין פון אַ געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג מיטן כּלל, — דאָס זענען, לויט ספּינאָזאַן, די צוויי מדרגות פון באַוואוסטזיין, וואָס פירן צו גליק.

ביידע מדרגות אין זייער סינטעטישן סכום גיבן דעם מענטשן די פרייהייט, נאָך וועלכער ער גאַרט.

דערפאַר איז דער מענטש, וואָס באַוועגט זיך לויטן דיקטאַט פון פאַר־נונפט, מער פריי אין אַ מלוכה — ווייל ער לעבט לויט די אַלגעמיין באַשטימטע כּללים — איידער ווען ער וואָלט געלעבט אין איינזאַמקייט, וואו ער קאָן זיין געהאָרכזאַם נאָר צו זיך אַליין. („עטיק", פערטער טייל, פּראָפּאָזיציע 73).

*

ראָבערט מאָהל, שרייבנדיק אין 1855 וועגן מלוכה־לערע, האָט זיך אַזוי אויסגעדריקט:

„ספּינאָזאַס גרויסאַרטיקע לערע איז אינגאַנצן נישט פאַרבונדן מיט די אַנדערע דערשיינונגען אויפן געביט פון פילאָסאָפישן מלוכה־רעכט: אויף וויפיל זי באַשעפטיקט זיך מיט דער מלוכה האָט זי לחלוטין קיין שום השפּעה נישט געהאַט. דערצו נאָך זענען די טיפע געדאַנקען נישט געווען קלאָר פאַר אַלעמען. איר פאַנטעאיסטישער כאַראַקטער האָט אָפּ־געשטויסן די גלויביקע און האָט אָפּגעשראָקן די פּאָרזיכטיקע. די ענלעכקייט פון דער דאָזיקער לערע מיט דער לערע פון האָבס איז נאָר אַן אויסערלעכע און אַן אילוזאָרישע; אינגאַנצן שטייט זי און פאַלט זיך צונויף מיט ספּינאָזאַס קוק אויף דער וועלט. מען קאָן זי אָפּוואַרפן, אָבער זי איז אַ שאַפונג פון מענטשלעכן כּח הדמיון, וואָס איז ווערט צו זיין באַוואונדערט".

סיר פרעדעריק פּאָלאָק האַלט, אַז ספּינאָזאַס לערעס פון שטאַט און געזעלשאַפט זענען אין אַ סך פּרטים היינט צו טאָג ארכאַאיש.

גראָד דאָס לאַנד, פון וואַנען מען האָט זיך געקאָנט לערנען אַם בעסטן ווי אַזוי אַנטשטייט, אַנטוויקלט זיך און ענדערט זיך אַ מלוכה־מאַכט, ד. ה. ענגלאַנד, איז ספּינאָזאַן אַם ווינציקסטן געווען באַקאַנט.

ספּינאָזאַ — זאָגט פּאָלאָק — האָט „געגומען די פאַקטן, וואָס זענען אים געווען באַקאַנט ווי שטאַנדהאַפטיקע פאַקטן, זיינע ידיעות וועגן די פאַקטן זענען נישט געווען קיין פולקומע".

דאָך מוז פּאָלאָק צושטימען, אַז אין זיינע טעאָריעס איז פאַראַן אַן אָריגינאַליטעט און ער איז אַ סך טיפער פון די אַלע סאָציאַלע און פּאָליטישע שרייבער, וואָס האָבן פאַר אים און אין זיין צייט באַרירט די זעלבע פראַגע, איינגעשלאָסן האָבסן.

פאַר אַ נייעם פאָרשער פון ספּינאָזאַס פּאָליטישער פילאָסאָפיע (Vaughan) איז דער „פּאָליטישער טראַקטאַט" אַ „מאָנומענט געשטעלט דעם פּרינציפּ פון צוועקמעסיקייט, אַזוי גוט אין זיין שטאַרקייט ווי אין זיין שוואַכקייט".

ספּינאָזאַ איז געווען דער פּרעקורסאָר (פאָרלויפער) אויף דעם געביט פון פּאָליטישער פילאָסאָפיע, און ווי אַזעלכער איז ער היסטאָריש מער וויכטיק, ווי אַקטועל — הגם זייער אַ סך פון די געדאַנקען, וואָס ספּינאָזאַ זאָגט אַרויס וועגן שטאַט און געזעלשאַפט, האָבן אַ דויערהאַפטיקן ווערט, שטענדיק ריכטיק שוין דערפאַר, ווייל זיי רירן אָן דעם עצם, די נאַטור פון דעם קאָמפּלעקס.

בעת הערמאַן קאָהען, וואָס האָט דורך זיינע האַלב־טעאָלאָגישע ברילן נישט געקאָנט זען די פאַרוואַנדלונג, וואָס ווערט אַנטוויקלט אין ספּינאָזאַס פּאָליטישער פילאָסאָפיע — אַז שטאַט באַפרייט זיך פון רעליגיע, כדי נישט זיין באַהערשט פון רעליגיעס, און אָנווייזנדיק מיט רעכט, אַז ביי יידן איז שטאַט און רעליגיע געווען איינס, ווייל רעליגיע איז געווען פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם — איז דאָס אַ פאַרכשופטער ראָד: רעליגיע זאָל נישט ווערן מלוכה, אָבער מלוכה זאָל ווערן רעליגיע.

ספּינאָזאַ וויל רעליגיע פאַרוואַנדלען אין פּאַטריאָטיזם. דאָס האָט דאָך אויך געוואָלט יאָהאַן דע וויט, זיין פּראָטעזשע.

אין זיין גאַנצער פילאָסאָפיע פון שטאַט שפּיגלט זיך אָפּ די האָלענדישעווירקלעכקייט. מיר ווייסן, אַז נישט מיט אַלע סיסטעמען פון פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אין אייראָפּע איז ספּינאָזאַ געווען באַקאַנט.

די מאָדערנע סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען באַשטעטיטן שטאַרק דעם אורשפּרונג פון געזעלשאַפט אויפן סמך פון אָפּמאַכן. די דעראָבערונג איז געלעגן אין פונדאַמענט פון אָרגאַניזירן יחידים אין וועלכן עס איז כלל.

ספּינאָזאַס פּאָליטישע אידעען האָבן גאָרנישט צו טון מיטן אוטיליטאַריזם פון אַ לאָק, בענטהאַם און אַנדערע פּאָליטישע שרייבער. ער האָט נאָר אַנאַליזירט די נאַטור פון די פאַקטן, וואָס מיר רופן אָן יחיד, כלל, שטאַט, רעכט, יושר און אומיושר, ווי אויך די רעלאַציעס אין וועלכע זיי געפינען זיך, און די אָביעקטיווע נויטווענדיקייט פון מענטשן צו זיין געזעלשאַפטלעך. ווייל אָן דער געזעלשאַפט קאָן דער מענטש נישט לעבן גליקלעך, ד. ה. אין הסכם מיט דער נאַטור.

## ביבליאָגראַפיע פון באַנוצטע קוואַלן


*Spinoza.* Opera. Edidit Carl Gebhardt. Heidelberg, 1927. 4 vol.

*F. Pollock.* Spinoza et le machiavelisme. (La Revue Politique Internationale, 1919).

*C. E. Vaughan.* Studies in the history of political philosophy. Vol. I, 1925.

*W. Dilthey.* Weltanschauung und Analyse des Menschen seit Rennaisance und Reformation. Berlin, 1923.

*H. Cohen.* Ein ungedruckter Vortrag über Spinoza. 1929.

*A. Menzel.* Wandlungen in der Staatslehre Spinoza's. Stuttgart, 1898.

*R. A. Duff.* Spinoza's political and ethical philosophy. London, 1914.

*E. Otto.* Zur Beurteilung und Würdigung der Staatslehre Spinoza's. 1897.

*M. Dessauer.* Spinoza und Hobbs. Breslau, 1868.

*J. Hoff.* Die Staatslehre Spinoza's. Prag, 1895.

*R. Mohl.* Geschichte und Litteratur der Staatswissenschaften. 1855.

# ספינאָזאַ ביבליאָגראַפיע

צונויפגעשטעלט פון **י. אַנילאָוויטש**

די ספינאָזאַ־ביבליאָגראַפיע, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, האָט דעם צוועק צו פאַרצייכענען דעם גאַנצן ספינאָזאַ־מאַטעריאַל אין יידיש. פאַר אונדזער אַרבעט האָבן מיר אויסגענוצט: 1) אַלע פעריאָדישע צייטשריפטן (אויסער דער טעגלעכער פרעסע), וואָס געפינען זיך אין אַרכיוו פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט; 2) די ביכער, וואָס געפינען זיך אין ביבליאָטעק פון ייוו״אָ; 3) די רעגיסטרירטע קאַרטלעך פון דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע פון ייוו״אָ. מיר ווילן דאָ אונטערשטרייכן, אַז אַ דאַנק דער אַרבעט פון דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע האָבן מיר באמת די מעגלעכקייט אַלץ פאַרצייכענען, וואָס איז געווען געדרוקט וועגן ספינאָזאַן פאַר די יאָרן 1926-1930, בעת פאַר די פריערדיקע יאָרן איז זיכער אונדזער רשימה ווייט פון פולשטענדיקייט, און אויסער דעם, פון דער טעגלעכער פרעסע איז ביי אונדז כמעט ווי גאָרנישט פאַרצייכנט. מיר ווילן נאָך אונטערשטרייכן דעם פאַקט, אַז ספינאָזאַ איז כמעט דער איינציקער פילאָסאָף, וואָס האָט געהאַט מזל אין דער יידישער ליטעראַטור, און זיינע מיינסטע ווערק זענען איבערזעצט אויף יידיש, און „די עטיק" האָט אַפילו אויסגעהאַלטן 3 אויפלאַגעס (אויסער דער באַזונדערער אויסגאַבע, וואָס איז אין פוילן אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר אַמעריקע. זע אין דער רשימה).

## א) ספינאָזאַס ווערק אין יידיש

1. שפינאָזאַ, ברוך (בענעדיקט) — דער טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט. פולשטענדיק איבערזעצט דורך נ. פערלמאַן. (די לעצטע פופציק זייטלעך און דאָס פאָרוואָרט זענען געמאַכט פון דר. ק. פאַרנבערג.) ניו־יאָרק: פאַרלאַג מ. יאַנקאָוויטש. א״י [1923]. X, 375 זייטן.

[אַ נייע אויפלאַגע (פון 1000 עקזעמפּלאַרן) געדרוקט פון פּלאַטן איז דערשינען אין 1930.]

2. שפינאָזאַ, ברוך — די עטיק [דערוויזן אויף אַ געאָמעטרישן אופן], אין פינף טיילן. יידיש: וו. נאַטאַנסאָן. וואַרשע: פאַרלאַג „קולטור־ליגע", 1923. III, 317 זייטן.

3. שפינאָזאַ, ברוך — די עטיק [דערוויזן אויף אַ געאָמעטרישן אופן], אין פינף טיילן. יידיש: וו. נאַטאַנסאָן. שיקאַגע: פאַרלאַג „נייע געזעל־שאַפט (יעקב באַבינסקי, פרעזידענט), 1923. 320 זייטן. (געדרוקט אין וואַרשע פאַר אַמעריקע).

4. שפינאָזאַ, ברוך — די עטיק [דערוויזן אויף אַ געאָמעטרישן אופן], אין פינף טיילן. (צווייטע אויפלאַגע). יידיש: וו. נאַטאַנסאָן. וואַרשע: פאַרלאַג „קולטור־ליגע" (1924). III, 317 זייטן.

5. שפינאָזאַ, ברוך — די עטיק [דערוויזן אויף אַ געאָמעטרישן

אופן], אין פינף טיילן. יידיש: וו. נאַטאַנסאָן. (דריטע אויפלאַגע). וואַרשע: פאַרלאַג „קולטור־ליגע", 1927. III, 317 זייטן.

6. ספינאָזאַ, ברוך — וועגן מיינונגס־פרייהייט. איבערזעצט פון דר. פאַרנבערג. „אידישע שטימע", נוארק, 1927. נומ. 13.

## ב) ביכער וועגן ספינאָזאַן

7. גאָרעליק, ש. — יידישע קעפּ. דרעזדען: פאַרלאַג „וואָסטאָק", 1921. 132 זייטן. [ז. 32—42 וועגן ברוך ספינאָזאַ.]

8. דעבאָרין, א. — שפינאָזאַ דער פאַרגייער [אין ליכט פון מאַרקסיזם]. יידיש: ב. גאָלדבערג. וואַרשע: ביבליאָטעק מאַרק ראַקאָווסקי, 1930. 24 זייטן. (וויסן 1).

9. זשיטלאָווסקי, חיים, דר. — די פילאָסאָפיע, וואָס זי איז און ווי זי האָט זיך אַנטוויקלט. אַריינפיר אין דאָס שטודיום פון פילאָסאָפישע פּראָבלעמען; די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פונם פילאָסאָפישן געדאַנק. באַנד 1. ניו־יאָרק: פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, 1920. 289 זייטן.
[ברוך ספינאָזאַ, ז. 239—262.]

10. נאַטאַנסאָן, וו. — שפינאָזאַ און בערגסאָן [אַ פּאַראַלעל]. שיקאַגאָ: פאַרלאַג „נייע געזעלשאַפט" (יעקב באַבינסקי, פּרעזידענט). א"י [1923]. 48 זייטן.

11. נאַטאַנסאָן, וו. — שפינאָזאַ און בערגסאָן [אַ פּאַראַלעל]. וואַרשע: פאַרלאַג „קולטור־ליגע", 1923. 44 זייטן.
[רעצענזיע: דר. א. גליקסמאַן אין „ביכער־וועלט", 1924, 38—40.]

12. סטופּניצקי, ש. — ברוך שפינאָזאַ, זיין פילאָסאָפיע, ביבל־קריטיק, שטאַטס־לערע און זיין באַדייטונג אין דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן דענקען. וואַרשע: פאַרלאַג „יודיש", תרע"ז (1917). 161 זייטן.

13. קאַראַלניק, א., דר. — דאָס בוך פון וואָרצלען. וואַרשע: פאַרלאַג „אחיספר" (1928). 263 זייטן. [ז. 1—29, ברוך שפינאָזאַ.]

14. קראַנץ, פיליפּ — ברוך ספינאָזאַ, זיין לעבן און זיין פילאָסאָפיע. ניו־יאָרק: אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטעק, 1905. 64 זייטן.
[לעבענס בעשרייבונגען פון בעריהמטע מעננער.]

15. שאַצקי, יעקב — ספינאָזאַ און זיין סביבה. [הילע מיט 12 בילדער אין טעקסט]. אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע פריינד, ניו־יאָרק, 1927. 334 ז. [געדרוקט אין 2000 עקזעמפּלאַרן.]
[רעצענזיעס: 1) דר. יעקב גאָרדאָן אין ווילנער „טאָג" (פון 9טן נאָוועמבער, 1928). 2) דר. ה. פראַנק אין „פאַרבאַנד פון פּוילישע אידן", אַפּריל, 1928. 3) ק. מרמר אין „פרייהייט" פון 27טן פעברואַר, 1928. 4) פּ. וויערניק אין „מאָרגן־זשורנאַל" פון 11טן מערץ, 1928. 5) יוסף קאַהאַן אין „פרייע אַרבעטער־שטימע" פון 27טן יולי, 1928. 6) י. טווערסקי אין „די צוקונפט", מאַי, 1928. 7) ש. ניגער

אין „טאָג“, יולי, 1928. 8) י. ליפשיץ אין דער אַרגענטינער „פּרעסע“ פון 19טן פעברואַר, 1928. 9) ב. נ. זאַק אין „קענעדער אָדלער“ פון 8טן יוני, 1928. 10) ש. ערנסט אין „די פּאָסט“, לאָנדאָן, פון 16טן אויגוסט, 1929, אין „מזרח ומערב“, ירושלים, נומער 12, 1929, און אין „דאָס יידישע וואָרט“, וויניפּעג, 26טן יולי, 1929. 11) דאַוויד מאַנדשטיין אין „קענעדיען דזשואיש כראָניקל (ענגליש) פון 10טן פעברואַר, 1928. 12) ד״ר. יעקב גאָרדין אין „נאַש פּשעגלאָנד“ (פּויליש) פון 4טן דעצעמבער, 1928.

16. שאַצקי, יעקב, ד״ר. — ספּינאָזאַ און זיין סביבה. צווייטע פאַרבעסערטע אויסגאַבע. וואַרשע—ניו־יאָרק: פאַרלאַג „יאַטשקאָווסקיס ביבליאָטעק“, 1929. 353 זייטן. [געדרוקט אין 2000 עקזעמפּלאַרן.]

## ג) ספּינאָזאַ אין דער שיינער ליטעראַטור [איינגעשלאָסן רעצענזיעס]

17. אויערבאַך, ב. — ברוך שפּינאָזאַ. איבערזעצט פון ב. גאָרין. ניו־יאָרק.
[לויט ז. רייזענס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, 2טע אויסגאַבע, ב. 1, ווילנע, 1926.]

18. אייזלאַנד, ר. — וועגן מלך ראַוויטש. [וועגן „רואינענגראָז“ און „שפּינאָזאַ“]. שריפטן, ניו־יאָרק, 1919. הערבסט. ז. 6—8.

19. גאָרין, ב. — ברוך שפּינאָזאַ. דראַמע. ניו־יאָרק, 1902.
[לויט זיין בוך „געשיכטע פון יידישן טעאַטער“, ב. 2, אין דער רשימה פון יידישע פּיעסן.]

20. גאָרעליק, ש. — ברוך ספּינאָזאַ. ווי דער גרויסער פילאָסאָף קומט אַרויס אין קאַלבענאַוערס ראָמאַן („אַמאָר דעי“). „די צוקונפט“, ניו־יאָרק, 1920. נום. 2, ז. 126-128.

21. זאַנגוויל, ישראל — טרוימערס פונעם געטאָ. איבערזעצט פון ענגליש פון מאַרק שווייד. ניו־יאָרק: פאַרלאַג מאַקס יאַנקאָוויטש, 1929. II, 341 זייטן. [ברוך שפּינאָזאַ, ז. 223-264.]

22. זאַנגוויל, ישראל — טרוימער פון דער גהעטאָ. איבערזעצט פון א. פרומקין. לאָנדאָן, 1910. [ברוך שפּינאָזאַ, ז. 145-180.]

23. ליס, א. — מלך ראַוויטש: שפּינאָזאַ, פּאָעטישער פּרואוו. „אין זיך“, ניו־יאָרק, 1920. נום. 3. ז. 138-143.

24. אַלעזער [איינהאָרן, דוד] — פון ביכער־טיש. מלך ראַוויטש, שפּינאָזאַ. פּאָעטישער פּרואוו אין פיער ציקלען: דער מענטש, דאָס ווערק, די שפּין, קטורת. מ. היקל, פאַרלאַג „ווין־ברין“. לעבנס־פראַגען, וואַרשע, 1920. נום. 26.

25. ראַוויטש, מלך — שפּינאָזאַ [פראַגמענטן אויס אַ פּאָעמע]. „ביילאַנד“, לעמבערג, 1918. נום. 1, ז. 25-28.

26. ראַוויטש, מלך — פּאָעטישע פּריוו אין פיער ציקלען: דער מענטש. דאָס ווערק, די שפּין, קטורת. ווין־ברין: פאַרלאַג מ. היקל, 1918.

27. ראַוויטש, מלך — שפּינאָזאַ, פּאָעטישער פּרוב פון מלך

ראַוויטש. דער מענש, דאָס ווערק, די שפּין, קטורת. צווייטע פאַרענדערטע אויס־גאַבע. זעה: פאַרלאַג דער קוואַל, קאָאָפּעראַטיווע אָפּטיילונג „קריטיק“, 1921. II, 82 זייטן.

28. ראַוויטש, מלך — געגן דעם קריטיקער דוד אײנהאָרן. זעה: „אוניאָן בוכדרוקעריי“, 1920. 15 זייטן. (געגן און פאַר! פאָלעמישע בלעטער פאַר קלאָרהייט. ערשטעס העפט).

[וועגן דוד אײנהאָרנס אָפּשאַצונג פון זיין „שפּינאָזאַ“.]

## ד) אַרטיקלען וועגן ספּינאָזאַ אין דער פּעריאָדישער פּרעסע

29. באַלסאַם, שלמה — ברוך שפּינאָזאַ — דער פּיאָנער פון פרייען געדאַנק. [פון דער סעריע גרויסע מענטשן]. אונזער האָפענונג, וואַרשע, 1928. נום. 27. ז. 27-21.

30. בורזשע, פּאול — שפּינאָזאַ [כאַראַקטעריסטיק]. די ליטעראַרישע וועלט, ניו־יאָרק, 1912. נום. 6.

31. בענדזשאַמין, ל. מ. — ברוך שפּינאָזאַ. „קענעדער אָדלער“, מאָנטרעאָל, 1927. מערץ 6.

32. בערנפעלד, שמעון, דר. — ברוך בענעדיקט ספּינאָזאַ. „אידישע שטימע“, נואַרק, 1927. נום. 13.

33. בערנפעלד, ש., דר. — ברוך ספּינאָזאַ [אַ נייע ביאָגראַפיע]. „דער פריינד“, פּעטערבורג, 1904. נאָוועמבער 29. 2) דעצעמבער 29. 3) דעצעמבער 9. 4) דעצעמבער 17. 5) דעצעמבער 29. דעצעמבער 31.

34. גאָטליב, י., דר. — ברוך שפּינאָזאַ. „היינט“, וואַרשע, 1928. פעברואַר 18.

גאָלדבערג, אַב. דער הייליגער מיסטיקער ברוך שפּינאָזאַ [צו זיין 250טן יאָרצייט]. דער „מאָרגן־זשורנאַל“, ניו־יאָרק, 1927. מערץ 6.

36. גאָרדאָן, יעקב, דר. — ברוך שפּינאָזע און זיין סביבה (פון דר. יעקב שאַצקי). ווילנער „טאָג“, 1928. נאָוועמבער 9. „נאַש פּשעגלאָנד“, 4 דעצעמבער, 1928.

37. גינזבורג, א., דר. — ספּינאָזאַ און די אידען. „פאָרווערטס“, ניו־יאָרק, 1927. מערץ 5.

38. גינזבורג, א., דר. — שפּינאָזאַ און די אידען. צו דער געלעגענהייט פון דער ערשיינונג פון זיינע ביכער אין העברעאיש און אידיש. „די צוקונפט“, ניו־יאָרק, 1924. נום. 2, ז. 121-125.

39. גינציג, ע., דר. — ברוך שפּינאָזאַ. [וואָסערע באַדייטונג האָט ער פאַר אונז יודען]. „יודישע פּרעסע“, אַנטווערפּען. 1927. נום. 10.

40. גליקסמאַן, א., דר. — וו. נאַטאַנסאָן — שפּינאָזאַ און בערגסאָן [אַ פּאַראַלעל]. פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, 1924. „ביכער־וועלט“, וואַרשע, 1924. נום. 1-2. ז. 38-40.

41. דוראַן, וויל — ברוך שפּינאָזאַ, געשיכטלעך און ביאָגראַפיש. פון ענגליש: יצחק איסאַקסאָן. „די פּרעסע“, בוענאָס איירעס, 1930. יאַנואַר 12,

13, 14, 19, 22, 28. „די פּאָסט", לאָנדאָן, 1930. מערץ 2, 3, 4, 5, 6, 9.

42. ה. — דער פילאָזאָף ברוך ספּינאָזאַ. עפּפּעלבערגס וואַרשאַווער יודישער קאַלענדאַר. זעקסטער יאָהר־גאַנג תרנ"ח, 1894-1895. וואַרשוי, 1894. ז. 145-146.

43. היילקמאַן, ט. — באָרוך שפּינאָזאַ [1677-1927]. „די רויטע וועלט", כאַרקאָוו, 1927. נומ. 12. ז. 95-102.

44. העלמאַן, י. — די וועלט־טראַגעדיע שפּינאָזאַ. „פרימאָרגן", ריגע, 1927. פעברואַר 20. „פאָלק און לאַנד", וואַרשע, 1927. נומ. 6.

45. העקעל, ערנסט, פּראָפעסאָר — די פּאַנטהעאיסטיש־מאָניסטישע וועלט־אַנשויאונג. אַ נאַטור־וויסענשאַפטליכע און פילאָסאָפישע ער־קלעהרונג איבער גאָט און נאַטור. איבערזעצט פון ל. ב. [לעאָפּאָלד בערגמאַן]. „דער פרייער געדאַנק", ניו־יאָרק, 1910. נומ. 1. ז. 4-8.

46. וואַרשאַווסקי, שמעון [דר. יעקב שאַצקי] — ברוך שפּינאָזאַ. [צום 250טן יאָרצייט]. „פרייגד", ניו־יאָרק, 1927. נומ. 3-4.

47. וויסמאַן, ע., דר. — שפּינאָזאַ און דאַרווין. „פרייע אַר־בייטער שטימע", ניו־יאָרק, 1925. נומ. 46.

48. וועבער, ה. — פון סובסטאַנץ ביז עטיק. צו ב. שפּינאָזאַס 250טן יאָרצייט. „די נייע געזעלשאַפט", וואַרשע, 1927. נומ. 3. ז. 159-162.

49. ז., ר., דר. [זעליגמאַן, ר., דר.] — שפּינאָזע און די וועלטאָנשויאונג פון אידענטום. „די אידישע וועלט", פּעטערבורג, 1912. נומ. 5-6. ז. 18-23.

50. זאַק, ב. ג. — די לעבענס געשיכטע פון אַ גרויסן אידישען דענקער, „שפּינאָזאַ און זיין סביבה" פון דר. יעקב שאַצקי. „קענעדער אָדלער", מאָנטרעאָל, 1928. יוני 8.

51. זאַקס, אַ. ש. — פון שפּינאָזאַ ביז איינשטיין. „טאָג", ניו־יאָרק, 1929. פעברואַר 2.

52. זעליגמאַן, ר., דר. — אַ פּאָר ווערטער איבער שפּינאָזאַ. „פרייע אַרבייטער שטימע", ניו־יאָרק, 1927. נומ. 23. 24.

53. זעליגמאַן, ר., דר. — אַ פּאָר ווערטער איבער שפּינאָזאַ. ניו־יאָרק, 1927. נומ. 6. ז. 344-348.

54. זעצער, ש. צ. — „שפּינאָזאַ און זייט צייט פון נ. סאָקאָלאָוו. „פאָרווערטס", 1919, אָקטאָבער 13.

— דער חרם אויף ברוך שפּינאָזאַ. אָקטאָבער 19.

55. זשיטניצקי, ל. — דער גייסטיקער רעוואָלוציאָנער. [צו שפּינאָזאַס 250־יעריקער יאָרצייט]. „אילוסטרירטער מאַגאַזין", וואַרשע, 1927. נומ. 3.

56. זשיטניצקי, ל. — ברוך שפּינאָזאַ. „ניילאַנד", בוענאָס־איירעס, 1928. נומ. 1, ז. 20-21.

57. זשעלסקי, א. — ברוך שפּינאָזאַ אויפן פאָן פון זיין עפּאָכע. [צום 250־יאָריקן געדענק־טאָג]. „דער פריידענקער", לאָדז, 1927. נומ. 2-3, 4, 5.

58. טוטשינסקי, ב. — ליטעראַרישע נאָטיצן. דר. יעקב שאַצקי: „ספּינאָזאַ און זיין סביבה". „אונזער צייט", קעשענעוו, 1929. יולי 19.

59. ט ו ו ע ר ס ק י, י ו ח נ ן — שפינאָזאַ, זיין לעבען און זיין פילאָזאָפיע. „די צוקונפט“, ניו־יאָרק, 1927. נומ. 4, ז. 221-223.

60. ט ו ו ע ר ס ק י, י ו ח נ ן — „ספינאָזאַ און זיין סביבה“ פון דר. יעקב שאַצקי. ניו־יאָרק, 1927. „די צוקונפט“, ניו־יאָרק, 1928. נומ. 5, ז. 306-307.

61. י אַ ק אָ ב י, ש. — אבן מאסו הבונים... [צו ברוך שפינאָזאַס 250־טען יאָהרצייט]. „דער אַמעריקאַנער“, ניו־יאָרק, 1927. נומ. 15.

62. דער לייקער פון אַמסטערדאַם. „דאָס וואָרט“, ווילנע, 1927. נומ. 125.

63. ל ע ה ר ע ר, ד. — שפינאָזאַ־הויז אין רייַנסבורג. „ליטעראַרישע בלעטער“, 1930. נומ. 50.

64. מ ו ק ד ו נ י, אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר, ד ר. — דער שטילער אָפּטי־מיזם. [צו דער ערשיינונג פון שפינאָזאַ׳ס עטיק אין אידיש]. „פרייע אַרבייטער שטימע, ניו־יאָרק, 1924. נומ. 11 (יאַנואַר 4).

65. מ י כ אַ י ל אָ ו, א. — ברוך ספינאָזאַ [אַ ביאָגראַפיע]. „די צוקונפט“, ניו־יאָרק, 1895. נומ. 10. ז. 1-8.

66. מ י כ אַ ל ע ו ו י ט ש, ב. — ברוך שפינאָזאַ. [צו זיין 250טן יאָרצייט]. „נייע פאָלקסצייטונג“, וואַרשע, 1927. פעברואַר 25.

67. מ י י ז י ל, נ. — ברוך שפינאָזאַ. [שטריכן צו זיין ביאָגראַפיע] „היינט“, וואַרשע, 1927. פעברואַר 18.

68. מ ל מ ד, מ. — ליטעראַרישע נאָטיצן. דר. יעקב שאַצקי — ספינאָזאַ און זיין סביבה. „אידישע וועלט“, פילאַדעלפיע, 1928. פעברואַר 12.

69. מ ע נ ד ע ל ס אָ ן, י ו ס ף — דער גלעזער־שלייפער פון אַמסטער־דאַם. צו שפינאָזאַס 250 יעהריגען יאָהרצייט. „אידישע צייטונג“, בוענאָס־איירעס, 1927. פעברואַר 27.

69־א. מ ר מ ר, ק. — ברוך שפינאָזאַס געזעלשאַפטלעכע אידעען. „פרייהייט“, פעברואַר 26, 1927, ניו־יאָרק.

— „פרייהייט“, מערץ 5, 1927, ניו־יאָרק.

70. נ אַ ט אַ נ ס אָ ן, ו ו. — שפינאָזאַ און בערגסאָן. [אַן אַריינפיר און אַ פּאַראַלעל]. „פרייע אַרבייטער שטימע“, ניו־יאָרק, 1923. נומ. 3 (נאָוועמבער 3), 4, 5, 6, 7.

71. נ י ג ע ר, ש. — ספינאָזאַ׳ס סביבה. וועגן דע נייעם בוך פון דר. י. שאַצקי. דער „טאָג“, ניו־יאָרק, 1928. יולי 29.

72. ס ט ו פ נ י צ ק י, ש. י. — די יודישע פילאָזאָפיע אין מיטעל־אַלטער. „דאָס פאָלק“, וואַרשע, 1917. נומ. 18. (אָקטאָבער 6).

73. ס ט ו פ נ י צ ק י, ש. י. — ברוך שפינאָזאַ. [צו זיין 250טן יאָר־צייט]. „פרימאָרגן“, ריגע, 1927. פעברואַר 20.

— מיניקעס יום־טוב בלעטער, פסח, ניו־יאָרק, 1927. ז. 42-43.

74. ס ט ו פ נ י צ ק י, ש. י. — ברוך שפינאָזאַ, אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרויסגעבן זיינע ווערק אויף יודיש און העברעיש. „ליטעראַרישע בלעטער“, וואַרשע, 1925. נומ. 40, 48.

75. ע ר נ ס ט, ש. — נייער אידישער בוך וועגן שפינאָזאַ („שפינאָזאַ און זיין סביבה“ פון דר. יעקב שאַצקי). „אידישע וואָרט“, וויניפעג, 1929. יולי 26. — „פאָסט“, לאָנדאָן, 1929. אויגוסט 16.

76. פ אָ ג ע ל מ אַ ן, ל. — ס'ווערט איצט דעם 250טען יאָהרצייט פון גרויסען אידישען פילאָזאָף ברוך שפינאָזאַ. „פאָרווערטס“, ניו־יאָרק, 1927. פעברואַר 27.

77. פ י ד ע ל, נ ח ו ם — ברוך שפינאָזאַ. אַ קורצע לעבענסבעשרייבונג [פערפערטיגט צו זיין געבורטסטאָג, 12-24 נאָוועמבער]. „יודישעס פאָלקס־בלאַט“, פעטערבורג, 1886. נומ. 43, ז. 683-687. נומ. 44, ז. 699-703.

[דאָס איז דער ערשטער אַרטיקל, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן ספינאָזאַן אויף יידיש.]

78. פ י ש ע ר, ק ו נ אָ — שפינאָזאַס לעבען און כאַראַקטער. איבערזעצט דורך חיים שוים. „דאָס נייע לעבען“, ניו־יאָרק, 1912. נומ. 1, ז. 44-47; נומ. 2, ז. 26-30; נומ. 5, ז. 18-21; נומ. 7, ז. 23-29; נומ. 8, ז. 26-30; נומ. 9, ז. 22-25; נומ. 10, ז. 26-27.

79. פ ע ל ד ש ט י י ן, צ מ ח, ד ר. — ברוך שפינאָזאַ. [צו זיין 250טן יאָהרצייט]. „אונזער רוף“, קאָוונע, 1927. נומ. 2. „ערד און אַרבעט“, קעשענעוו, 1927. נומ. 7-8.

80. פ ר אַ נ ק, ה ע ר מ אַ ן, ד ר. — ברוך ספינאָזאַס לעבענס־געשיכטע. דר. יעקב שאַצקי — ספינאָזאַ און זיין סביבה, ניו־יאָרק, 1928. „דער פאַרבאַנד“, ניו־יאָרק, 1928. נומ. 47, ז. 15-16.

81. צ אַ ד י ש י ן, ד ר. [שאַבאַד, צמח, דר.] — ברוך ספינאָזאַ און דאָס פאָלקסגעזונט. „פאָלקסגעזונט“. ווילנע, 1927. נומ. 5, ז. 79-82.

82. צ י י ט ל י ן, ה ל ל — ווער און וואָס איז געווען ברוך ספינאָזאַ. [צו זיין 250טען יאָהרצייט]. „דער מאָמענט“, וואַרשע, 1927. פעברואַר, 25. מערץ 4, 11.

83. צ י נ צ י נ אַ ט ו ס, א. — דער שעפער פון פרייען געדאַנק. צום 250טען יאָרצייט פון ברוך שפינאָזאַ. „צייט“, ווילנע, 1927. פעברואַר 21.

84. ק. מ. — ברוך שפינאָזאַ. „יוגנט־וועקער“, וואַרשע, 1927. נומ. 4, 5.

85. ק אָ ר אַ ל נ י ק, א., ד ר. — ברוך ספינאָזאַ. צו דעם 250טען יאָרצייט פון דעם באַריהמטען אידישען פילאָזאָף. „טאָג“, ניו־יאָרק, 1927. פעברואַר 19. ווילנער „טאָג“, 1927. פעברואַר 22, 25, 27.

86. ק אָ ר אַ ל נ י ק, א., ד ר. — גרויסע גייסטער פון דער מענשליכער קולטור. ברוך שפינאָזאַ. „טאָג“, ניו־יאָרק, 1926. מאַי 1, 2.

87. ק אַ ר ל י נ י ו ס, ב. — דורות... נאָטיצען פון אַ לעזער. [וועגן נחום סאָקאָלאָווס „ברוך שפינוזה וזמנו“]. „דער מאָמענט“, וואַרשע, 1929. מאַי 10, 17.

88. כ ה נ א, א ב ר ה ם — ברוך שפינאָזאַ אין יעקב קלאַצקינס אָבשאַצונג. „טאָגבלאַט“, לעמבערג, 1926. פעברואַר 13.

.89 ק — ן, י. — ספינאָזאַ און זיין סביבה, פון דר. יעקב שאַצקי. „פרייע אַרבעטער שטימע“, ניו־יאָרק, 1928. נומ. 21.

.90 ר. י. — וויליאַם נאַטאַנזאָן איבער ברוך שפינאָזאַ [באַריכט פון אַ לעקציע]. „קענעדער אָדלער“, מאָנטרעאַל, 1927. מערץ 23.

.91 ר. ר. — דער וועגווייזער פון דעם נייעם וועלט־באַנעם. [צו דער 250טער יאָרצייט פון שפינאָזאַס טויט]. אַרבעטער־צייטונג“, וואַרשע. 1927. נומ. 9, 10.

.92 ר אַ וו י ט ש, מ ל ך — בענעדיקט דע שפינאָזאַ, סוב ספעציע פּאָעזיע. „ליטעראַרישע בלעטער“, וואַרשע, 1927. נומ. 8.

.93 ר ו ד נ י אַ נ ס ק י, ש. — ברוך ספינאָזאַ, זיין לעבען און ווירקען. 1) „לעבען און וויסענשאַפט“, ווילנע, 1911. נומ. 1, ז. 47-57. 2) נומ. 2, ז. 65-79. 3) „לעבען און וויסענשאַפט“, 1912, נומ. 3-4, ז. 56-71.

.94 ר ע ג ע נ ס ב ו ר ג, י ו ס ף, ד ר. — ברוך שפינאָזאַ. צו זיין 250טן יאָרצייט. „צייט“, ווילנע, 1927. פעברואַר 17, 18.

.95 ר ע ג ע נ ס ב ו ר ג, י ו ס ף, ד ר. — ספינאָזאַס סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע. „צייט“, ווילנע, 1927. מערץ 4, 5.

.96 ר פ א ל — ברוך שפינאָזאַ [צו זיין 250טן יאָרצייט]. „די פרייע יוגנט“, וואַרשע, 1927. נומ. 2.

.97 ש אַ צ ק י, י ע ק ב, ד ר. — ספינאָזאַ און זיין סביבה. „פרייע אַרבייטער שטימע“, ניו־יאָרק, 1927. נומ. 22 — 43.
[זע אויך: וואַרשאַווסקי, שמעון.]

.98 ש י פ ע ר, י צ ח ק, ד ר. — ברוך שפינאָזאַ און שבתי־צבי. געדאַנקען וועגן זייער ראָלע אין דער יודישער געשיכטע. „דער מאָמענט“, וואַרשע, 1927. יאַנואַר 21, 28.

.99 ש י פ ע ר, י., ד ר. — ברוך שפינאָזאַ. „אידישע פאָלק“, ניו־יאָרק, 1927. נומ. 21. „ציוניסטישע בלעטער“, וואַרשע, 1927. נומ. 9. „ידיעות פון יידישן סטודענטן־פאַריין“, בערלין, 1927, נומ. 24.

## פון דער רעדאַקציע

די דאָזיקע רשימה, וואָס נעמט אַרום די ספינאָזאַ־ליטעראַטור אין יידיש ביזן סוף פון יאָר 1930, איז נאָך אַלץ נישט קיין פולשטענדיקע. עס איז שווער ביי דעם איצטיקן צושטאַנד פון ביבליאָגראַפישער פאָרשונג ביי אונדז, אויסשעפּן אַזאַ ענין, ווי עס פירט זיך געוויינטלעך.

דאַרף מען די ביבליאָגראַפיע באַטראַכטן ווי אַ צושטייער צו דער ספינאָזאַ־ליטעראַטור אין יידיש. די רעדאַקציע פון „ספינאָזאַ־בוך“ האָט דאָ ווייטער צוגעגעבן איניקע ביבליאָגראַפישע פּאָזיציעס, באַזונדערס די, וואָס זענען דערשינען אין די אַמעריקאַנער יידישע פעריאָדישע אויסגאַבן, אין 1931-1932.

.100 אַ נ אָ נ י ם [י. ל. גרוזמאַן ?] — ברוך שפינאָזאַ. ביאָגראַפישע

שטריכן צום 300טן געבורטסטאָג. „דער שפּיגל“, בוענאָס־איירעס, סעפּטעמבער 29, 1932. ז. 8.

101. ב ו ב ל י ק, ג ד ל י ה — דער תהום צווישן ספּינאָזאָס לערע און דאָס(!) אידנטום. „מאָרגען־זשורנאַל“, ניו־יאָרק, 1932. סעפּטעמבער 4.

102. ב ו ב ל י ק, ג ד ל י ה — ספּינאָזאָס דירעקטע באַציהונג צו אידען און אידישקייט. „מאָרגען־זשורנאַל, ניו־יאָרק, 1932. סעפּטעמבער 11.

103. ב ר אָ ד ע ר ז אָ ן, מ. — „סאָלווע בענעדיקטע“, אַ דראַמאַטישער איינאַקטער. וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור און קולטור, נומ. 41־42, אָקטאָבער, 1932. וואַרשע.

104. ג אָ ל ד ב ע ר ג, א ב [ר ה ם] — דאָס ליד פון „אין סוף“. [צו שפּינאָזאָס 300־יעהריגען געבורטסטאָג]. „מאָרגען־זשורנאַל“, ניו־יאָרק, 1932. אָקטאָבער 20.

105. ג י נ ז ב ו ר ג, א [י ס ר], ד ר. — ברוך שפּינאָזאַ און זיין באַציהונג צום אידענטום. „פאָרווערטס“, ניו־יאָרק, 1932. אָקטאָבער 2.
[2 ענטפערס אויף דעם אַרטיקל דאָרט, אָקט. 16, 1932.]

106. מ י ל ד, י ע ק ב — ספּינאָזאַ און מאַרקס. „פרייע אַרבעטער שטימע“, ניו־יאָרק, 1932. מאַי 22.

107. מ י ל ד, י ע ק ב — רמב“ם און ספּינאָזאַ. „פרייע אַרבעטער שטימע“, ניו־יאָרק, 1932. נאָוועמבער 25.

108. מ י י ז י ל, נ. — ברוך שפּינאָזאַ. „ליטעראַרישע בלעטער“, וואַרשע, 1932. 2טן סעפּטעמבער.

109. ר אָ ז מ אַ ר י ן ט ר ו ד ה, ד ר. — ברוך ספּינאָזאַ און זיין לעהרע. „די צוקונפט“, ניו־יאָרק, נאָוועמבער, 1932. ז. 673־676.

110. ר אָ ז ע נ פ ע ל ד, ש [מ ו א ל] — ברוך שפּינאָזאַ — דער ריז פון דער געטאָ. „טאָג“, ניו־יאָרק, 1931. נאָוועמבער 29.

111. ר אָ ז ע נ פ ע ל ד, ש. — ברוך שפּינאָזאַ צווישן די גוים. „טאָג“, ניו־יאָרק, 1931. דעצעמבער 5.

112. ק ר י ו ו י צ ק י, י. — אַ נאַציאָנאַל־פאַשיסטישע פאַלסיפיקאַציע פון ספּינאָזעס פילאָסאָפיע. [וועגן סטופּניצקיס ביכל]. „אַפן וויסנשאַפטלעכן פראָנט“, נומ. 1־2, סעפּטעמבער 1932. מינסק. ז. 42־74.

113. צ ב י ו ן — אונזער אידישער ברוך שפּינאָזאַ. „פאָרווערטס“, נאָ־וועמבער 21, 1932. ניו־יאָרק.

114. ב. צ. ג אָ ל ד ב ע ר ג — ברוך. „טאָג“, נאָוועמבער 24, 1932. ניו־יאָרק.

115. ד ר. א. ק אַ ר ל אַ נ י ק — ברוך ספּינאָזאַ (צו זיין דרייהונדערט־יאָריגען געבורטסטאָג). „טאָג“, נאָוועמבער 24. 1932. ניו־יאָרק.

116. ל. פ אַ ג ע ל מ אַ ן — ברוך שפּינאָזאַ, צו זיין דרייהונדערטסטן געבורטסטאָג. „פאָרווערטס“, נאָוועמבער 24, 1932. ניו־יאָרק.

# ספּינאָזאַ

## טראַקטאַט
## וועגן דער אויסבעסערונג
## פון אינטעלעקט

אוּן וועגן דעם וועג
וואָס פירט אים צום בעסטן
צו דער אמתער דערקענטעניש פון זאַכן.

**TRACTATUS DE INTELLECTUS EMENDATIONE**



איבערזעצט פון
ש. ווינער און י. יודקאָוו

# פאָרוואָרט צום טראַקטאַט

דער טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פון אינטעלעקט, איינס פון די ערשטע פילאָסאָפישע ווערק, וואָס ברוך דע ספּינאָזאַ האָט מחבר געווען אין זיינע ייִנגערע יאָרן, איז נישט בלויז היסטאָריש וויכטיק, מחמת דעם וואָס עס דאַרף אונדז ווייזן ווי ס׳האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט שטאַפּל־ווייז דאָס וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן דער וועלט, נאָר איז אויך וויכטיק צוליב דעם אייגענעם חשובן אינהאַלט פון אָט דעם ווערק, און דאַרף אונדז אויך דינען ווי אַן אַריינפיר צו דער פאַרשטענדעניש פון ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע אין איר גאַנצקייט. די גרונד־שטריכן פון אָט דעם טראַקטאַט דאַרפן נישט געהאַלטן ווערן פאַר פאַרעלטערט אַנטקעגן דער „עטיק". אדרבה, נאָך אַ גרינדלעכן שטודיום פון דעם טראַקטאַט וועט גרינג זיין איינצוזען ווי וויכטיק ער איז פאַר אַ בעסערער פאַרשטענדעניש פון ספּינאָזאַס הויפּט־ווערק, די „עטיק". דער דאָזיקער טראַקטאַט פאַרנעמט, בכן, אַ גאַנץ באַזונדער און אייגנאַרטיק אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון ספּינאָזאַס פילאָסאָפיע.

צום ערשטן מאָל איז דער טראַקטאַט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1677, אין דעם יאָר פון ספּינאָזאַס טויט, אין דער „אָפּערא פּאָסטהומאַ" (די ערשטע אויסגאַבע פון ספּינאָזאַס געלאָזטע ווערק). אינעם אַלגעמיינעם אַריינפיר צו די געזאַמלטע שריפטן, ווערט דאָרט פון דער רעדאַקציע דער טראַקטאַט באַצייכנט ווי „איינס פון די פריע ווערק פון אונדזער פילאָסאָף, ווי מ׳קאָן עס זען סיי פון עם סטיל און סיי פון די געדאַנקען". אחוץ אָבער אָט די עטלעכע ווערטער אינעם אַלגעמיינעם אַריינפיר, איז דאָרט פאַראַן אַ באַזונדער פאָרוואָרט צו דעם טראַקטאַט, וואָס לייענט זיך מיט אָט די ווערטער:

„אָט דער טראַקטאַט וועגן דער פאַרבעסערונג פונעם אינטעלעקט, וואָס מיר פּרעזענטירן דאָ פאַר דיר, ליבער לייענער, אַ נישט פאַרענדיקטן, איז פונעם מחבר געשריבן געוואָרן מיט אַ סך יאָרן פריער. ער האָט אַלעמאָל געהאַט בדעה אים צו פאַרענדיקן. ווערנדיק אָבער פאַרהאַלטן פון אַנדערע אַרבעטן און ווערנדיק לסוף אַוועקגעריסן פונעם טויט, האָט ער אים שוין נישט געקאָנט דערפירן צום געווינטשטן סוף. באשר ס׳איז אָבער אין אים פאַראַן זייער אַ סך וויכטיקע און ניצלעכע געדאַנקען, מכח וועלכע ס׳איז ביי אונדז קיין שום ספק נישטאָ, אַז זיי זענען פון נישט ווינציק נוצן פאַר יענע וואָס זוכן אויפריכטיק דעם אמת, האָבן מיר אים דעריבער נישט

> געוואָלט צוריקהאַלטן פונעם לייענער. מיר ווילן אָבער וואָרענען אין פאָר־אויס, צו זיין גרייט, אויך געניגט, מוחל צו זיין אויף אַ סך טונקלקייטן, און אַפילו אויף די נישט־אויסגעאַרבעטע, ווי אויך נישט־געפּיילטע ערטער, וואָס וואַרפן זיך דורך דאָ און דאָרט אין אָט דעם טראַקטאַט.“

כדי פּינקטלעכער צו פיקסירן די צייט, ווען דער טראַקטאַט איז אַנט־שטאַנען, ווי אויך אָנצואווייזן אַז ספּינאָזאַ האָט בפירוש געהאַט בדעה אים צו פאַרענדיקן, וועלן מיר דאָ ציטירן דעם סוף פון ספּינאָזאַס אַ בריוו צום דייטשן אַקאַדעמיקער אָלדענבורג, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין ענגלאַנד.

ספּינאָזאַ שרייבט דאָרט:

> „. . . בנוגע אייער נייער פראַגע, אויף וואָס פאַר אַן אופן זאַכן האָבן אָנגעהויבן צו זיין, און דער באַנד לויט וועלכן זיי זענען אָפּהענגיק פון דער ערשטער סבה — וועגן אָט דעם ענין, ווי אויך וועגן דער אויסבעסערונג פונעם אינטעלעקט, האָב איך אַ גאַנץ ווערקל אָנגעשריבן, און בין איצט דערמיט פאַרנומען צו קאָפּירן עס און צו קאָרעגירן. כ'האַלט מיך אָבער צומאָל אָפּ דערפון, מחמת דעם, וואָס איך האָב נאָך נישט קיין דעפיניטיוון פּלאַן וועגן זיין פאַרעפנטלעכונג. כ'האָב נאַטירלעך מורא, אַז די טעאָלאָגן פון אונדזער צייט וועלן זיך פילן באַליידיקט, און וועלן מיט דער געוויינט־לעכער שנאה זייערער אַטאַקירן מיך, וועמען מחלוקתן זענען אַזוי דער־ווידער. איך וואַרט אויף אייער עצה וועגן אָט דעם ענין. און כדי איר זאָלט וויסן, וואָס אַזוינס אָט דאָס ווערק מיינס אַנטהאַלט אין זיך, וואָס קאָן דינען ווי אַ שטרויכלשטיין פאַר אָט די ליאַרמערס, איז וואָס איך זאָג, אַז אַ סך אַטריבוטן וואָס ווערן פון זיי, און ווינציקסטנס פון די אַלע אַנדערע וואָס איך קאָן, צוגעשריבן צו גאָט, באַטראַכט איך ווי באַשאַפענע זאַכן; און פון דער אַנדערער זייט האַלט איך, אַז זאַכן, וואָס ווערן מחמת זייערע פאָראורטיילן פון זיי באַטראַכט ווי באַשאַפענע זאַכן, זענען אַטריבוטן פון גאָט, וואָס ווערן פון זיי שלעכט פאַרשטאַנען; און אויך וואָס איך האָב נישט געקאָנט אָפּשיידן גאָט פון נאַטור, ווי ס'האָבן עס געטון אַלע יענע, וואָס זענען מיר באַקאַנט.“

אַזוי ווי אָט דער בריוו איז פון ספּינאָזאַן געשריבן געוואָרן נישט שפּעטער ווי אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1662, ד. ה. אין זיין דרייסיקסטן יאָר, קאָן דעריבער קיין שום ספק נישט זיין, אַז ספּינאָזאַ האָט זיך צו יענער צייט פאַרנומען מיט דער באַאַרבעטונג פון אָט דעם טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פון אינטעלעקט.

אַז דער דאָזיקער טראַקטאַט אָבער איז אין זיין איצטיקער פאָרם נישט קיין פאַרענדיקט ווערק, איז פון דעם ציטירטן בריוו זייער גרינג איינ־צוזען. אָט, למשל, רעדט זיך דאָ גאָר נישט מכח דער פראַגע „אויף וואָס פאַר אַן אופן זאַכן האָבן אָנגעהויבן צו זיין“, אָדער וועגן „דעם באַנד

לויט וועלכן זיי זענען אָפּהענגיק פון דער ערשטער סבה", נישט וועגן די אַטריבוטן פון גאָט, אויך נישט וועגן דעם אָפּשיידן גאָט פון נאַטור; בכלל איז דאָ גאָר נישטאָ אַזוינס, וואָס זאָל אויפרייצן די טעאָלאָגן, פאַר וואָס ער האָט זיך אַזוי געשראָקן. אַלץ זאַכן מכח וועלכע ספּינאָזאַ רעדט אין זיין בריוו צו אָלדענבורגן. ער שיקט אויך אין טראַקטאַט אָפּט אָפּ צו דעם טייל פונעם ווערק וואָס דאַרף ערשט קומען שפּעטער, און וואָס איז קיינמאָל נישט געקומען. און ער רייסט זיך איבער פּלוצים.

דאָס אָבער וואָס דער טראַקטאַט פאַרמאָגט איז פון אַזאַ חשובן אינ־האַלט און אייביקן ווערט, אַז די ערשטע רעדאַקטאָרן פון ספּינאָזאָס ווערק האָבן ביי זיך נישט געקאָנט פועלן עס צוריקצוהאַלטן. און אויך מיר מעגן זיכער מסכים זיין מיט אָט די ווערטער פון זייער פאָרוואָרט צום טראַקטאַט, אַז אָט דאָס ווערק האָט אין זיך „זייער אַ סך וויכטיקע און ניצלעכע גע־דאַנקען, מכח וועלכע ס'איז ביי אונדז קיין שום ספק נישטאָ, אַז זיי זענען פון נישט ווינציק נוצן פאַר יענע וואָס זוכן אויפריכטיק דעם אמת".

אַ גרינדלעכע אויספאָרשונג פון אָט דעם פּערל אין דער פילאָסאָפישער ליטעראַטור, ווייזט אונדז ערשט זיין וויכטיקייט פאַר דער פולער און גאַנצער פאַרשטענדעניש פון דעם ספּינאָזיזם.

*

בלויז אַ פּאָר ווערטער וועגן דער איבערזעצונג.

כדי וואָס מער צו זיין נאָענט צום אָריגינאַל און זיין טערמינאָלאָגיע, האָבן זיך די איבערזעצער נוהג געווען איבערצולאָזן אַלע יענע לאַטיינישע טערמינען, וואָס זענען שוין געוואָרן שטיקלעך תושבים אין יידיש. מיר האָבן זיך דעריבער ווייט און ברייט באַניצט מיט אַזוינע ווערטער ווי: אינטעלעקט און אימאַגינאַציע, קאָנצעפּציע און פּערצעפּציע, אַפירמאַציע און נעגאַציע, און נאָך אַ סך אַנדערע.

די איבערזעצער האָבן זיך געהאַלטן ביי אָט־דעם כלל: ממה נפשך, ווער עמעץ זיין גרייט „איינצובייסן" דעם טראַקטאַט, וועלן שוין די עטלעכע „פרעמדע" ווערטער זיכער קיין מניעה נישט זיין. דאָרט אָבער, וואו ס'איז נאָר געווען די מינדסטע מעגלעכקייט, זענען באַניצט געוואָרן „אייגענע" ווערטער.

צי האָט זיך אונדז איינגעגעבן אַדורכצוגיין בשלום אַלע שטרויכלונגען, און אויף וויפיל איז די איבערזעצונג בכלל געראָטן — איז פאַר דעם לייענער צו משפטן.

**ש. ווינער**

## I. וועגן די גוטע זאַכן וואָס מענטשן באַגערן צום מיינסטן.

1. נאָכדעם ווי די דערפאַרונג האָט מיך געלערנט, אַז דאָס אַלץ וואָס מען באַגעגנט געוויינטלעך אַזוי אָפט אין טאָג־טעגלעכן לעבן איז אייטל און אָן האַפט, און ווען איך האָב געזען, אַז דאָס אַלץ וואָס האָט מיר פאַרשאַפט פּחד אָדער זאָרג האָט אין זיך געהאַט גאָרנישט פון גוטס אָדער בייזס, נאָר אַזוי פיל אויף וויפיל דער גייסט איז דערפון געוואָרן באַוועגט: האָב איך צום סוף באַשלאָסן צו נאָכפאָרשטן צי איז נישט פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס איז דאָס אמתע גוטס, וואָס זאָל זיין מסוגל זיך צו קאָמוניקירן, און פון אָט דעם אַליין, אויסשליסנדיק אַלץ איבע־ריקס, זאָל דער גייסט אַפעקטירט ווערן: צי עקסיסטירט נישט באמת עפּעס אַזוינס, וואָס ווען איך זאָל עס אויסגעפינען און דערווערבן, וואָלט עס מיר געגעבן די מעגלעכקייט אייביק צו געניסן פון אַן אומאויפהערלעכער און העכסטער פרייד. 2. איך זאָג: איך האָב צום סוף באַשלאָסן; וואָרים אויפן ערשטן בליק האָט עס מיר אויסגעזען נישט קיין גוטע עצה, אָט דאָס גרייט זיין זיך צו שיידן מיט עפּעס אַזוינס וואָס איז זיכער פאַר דעם וואָס איז אומזיכער. אַוואַדע האָב איך געזען די גינציקייטן וואָס כבוד און רייכקייט ברענגען מיט זיך, און אַז איך וועל מיך מוזן צוריק־האַלטן פון צו זוכן זיי, אויב איך וועל מיך ערנסט וועלן אָפּגעבן צו אַן אַנדער און נייעם ענין; און אויב דאָס העכסטע גליק זאָל, על פּי צופאַל, זיך דאָך געפינען אין יענע זאַכן, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך וועל מיך מוזן שיידן דערמיט; פון דער אַנדערער זייט אָבער, אויב דאָס העכסטע גליק ליגט נישט אין זיי און איך וואָלט מיך אינגאַנצן געווידמעט צו זיי, וואָלט איך אויך דעמאָלט געבליבן אָן דעם העכסטן גליק. 3. האָב איך מיך דעריבער מיישב געווען, אפשר וואָלט מעגלעך געווען דורכ־צופירן מיין נייעם לעבנס־שטייגער, אָדער לכל הפּחות, צו קריגן וועגן אים אַ וועלכע ס'איז זיכערקייט, נישט ענדערנדיק דעם סדר און דעם געוויינט־לעכן פּלאַן פון מיין לעבן, אַ זאַך וואָס כ'האָב אַזוי אָפט אומזיסט מיך

באַמיט צו טון. וואָרים די זאַכן וואָס מען באַגעגנט צום מייִנסטן אין לעבן, און וואָס ווערן פֿון מענטשן באַטראַכט ווי דאָס העכסטע גוטס, אויף וויפֿיל מ'קאָן דאָס אַרויסדרינגען פֿון זייערע מעשׂים, קאָן מען צופֿירן צו אָט די דריי: רייכקייט, כּבֿוד און דאָס איבערגעבן זיך דער תּאווה (libido). פֿון אָט די דריי זאַכן ווערט אָבער דער גייסט אַזוי מבֿולבל, אַז ס'ווערט פֿאַר אים כּמעט אוממעגלעך צו טראַכטן וועגן עפּעס אַן אַנדער גוטער זאַך.

4. למשל, ווען ס'קומט צו דער תּאווה, אַזוי ווערט דערפֿון דער גייסט פֿאַרכאַפּט צו אַזאַ מדרגה, גלייך ס'וואָלט אין דעם גערוט אַן אמתדיק גוטס, און ווערט דורך דעם אין גאַנצן געשטערט צו טראַכטן וועגן עפּעס אַן אַנדער גוטס, אָבער נאָכן צופֿרידנשטעלן די תּאווה ווערט מען באַפֿאַלן פֿון אַ גרויסן טרויער, וואָס אויב ער שטעלט נישט לגמרי אָפּ די אַקטיוויטעט פֿונעם גייסט, צערודערט ער אים אָבער און טעמפּט אים אָפּ. נישט ווייניק ווערט אויך דער גייסט מבֿולבל פֿון דעם געיעג נאָך כּבֿוד און רייכקייט, בפֿרט דעמאָלט ווען זיי ווערן געזוכט צוליב זיך אַליין,*) וואָרים אין אָט דעם פֿאַל ווערן זיי געהאַלטן פֿאַר דעם העכסטן גוטס.

5. פֿון כּבֿוד ווערט דער גייסט נאָך אַפֿילו מער מבֿולבל, וואָרים דאָס ווערט אַלעמאָל באַטראַכט ווי אַ גוטס פֿאַר זיך אַליין, און ווי ס'וואָלט געווען דער לעצטער ציל צו וועלכן אַלץ דאַרף צוגעפּירט ווערן. ווייטער, איז אָבער אין דעם פֿאַל פֿון רייכקייט און כּבֿוד נישטאָ קיין חרטה, ווי ביי דעם איבערגעבן זיך דער תּאווה; אדרבה, וואָס מער מיר באַזיצן פֿון זיי ביידע, אַלץ מערער שטייגט אונדזער פֿרייד; און מיר ווערן שוין במילא אַלץ מערער און מערער אויפֿגעמונטערט זיי צו פֿאַרמערן. זאָלן מיר אָבער אַמאָל דורך אַ וועלכן ס'איז צופֿאַל זיך אָפּנאַרן אין אונדזערע האָפֿענונגען, אַנטשטייט דערפֿון דעמאָלט אַ גרויסער טרויער. כּבֿוד ווערט פֿאַר אונדז, דעריבער, סוף כּל סוף אַ גאָר גרויסע מניעה, ווייל כּדי דאָס צו דערגרייכן, ווערן מיר געניייט צו איינאָרדענען אונדזער לעבן נאָך די השגות נאָך פֿונעם ברייטן עולם — ד. ה., אויסמיידן דאָס וואָס זיי מיידן געוויינטלעך אויס, און זוכן דאָס וואָס זיי זוכן געוויינטלעך.

---

*) אָט דאָס וואָלט באַדאַרפֿט דערקלערט ווערן לענגער און אַ סך דייטלעכער, ד. ה. דורך דעם אָפּשיידן דאָס רייכקייט וואָס ווערט געזוכט צוליב זיך אַליין, אָדער צוליב כּבֿוד וועגן, אָדער צוליב תּאווה וועגן, אָדער גאָר צוליב דעם געזונט און דער פֿעדערונג פֿון וויסנשאַפֿט און קונסט; דאָס ווערט אָבער איבערגעלאָזט פֿאַר דעם געהעריקן אָרט, מחמת דאָ איז נישט די פּאַסיקע געלעגנהייט אויספֿירלעכער אויסצופֿאָרשן דעם ענין.

6. דעריבער, ווען כ'האָב געזען, אַז אַט די אַלע זאַכן שטייען אויפן וועג פון מיין ווידמען זיך צו אַ נייעם לעבנס־סדר, אַז פּאַקטיש זענען זיי צווישן זיך אויף אַזוי פיל אַנטקעגנגעזעצט, אַז כ'וועל מוזן אויפגעבן איינס אָדער דאָס אַנדערע, בין איך געווען געצוואונגען צו אויספאָרשן, וואָס אייגנטלעך וואָלט פאַר מיר געווען מער ניצלעך, וואָרים, ווי כ'האָב שוין געזאָגט, ס'האָט אויסגעזען ווי איך וואָלט געווען גרייט אויסצוטוישן אַזאַ גוטס וואָס איז זיכער פאַר אַזוינס וואָס איז אומזיכער. נאָכדעם אָבער ווי כ'האָב זיך איבער אָט דעם ענין אַביסל פאַרטראַכט, האָב איך קודם אויסגעפונען, אַז ווען איך זאָל מיך אָפּזאָגן פון רייכקייט און כבוד און דעם איבערגעבן זיך דער תאווה, כדי זיך ווידמען צו מיין נייעם לעבנס־סדר, וואָלט איך דעמאָלט אויפגעגעבן אַ גוטס וואָס איז אומזיכער לויט דעם תוך פון זיין נאַטור, ווי מ'קאָן דאָס באַשיינפּערלעך זען פון דעם וואָס איז דאָ פריער געזאָגט געוואָרן, פאַר אַזוינס וואָס איז [אויך] אומזיכער, אָבער נישט לויט דעם תוך פון זיין נאַטור (וואָרים איך האָב געזוכט אַזאַ גוטס וואָס איז פיקסירט), נאָר בלויז אויף אַזוי פיל אויף וויפיל ס'איז נוגע דער דערגרייכונג. 7. נאָך אַ כסדרדיקן נאָכטראַכטן אָבער, בין איך געקומען צו דער איינזעעניש, אַז ווען איך זאָל ביי זיך נאָר קאָנען פעסט אָפּמאַכן [צו ענדערן מיין לעבנס־סדר], וואָלט איך מיך דעמאָלט אָפּגעזאָגט פון אַ זיכערדיק שלעכטס פאַר אַ זיכערדיק גוטס. וואָרים איך האָב געזען, אַז כ'פיר מיך אַריין אין דער גרעסטער סכנה, און כ'האָב מיט אַלע מיינע כחות זיך אָנגעשטרענגט צו זוכן אַ רפואה, ווען זי זאָל אַפילו נישט זיין קיין זיכערע. פונקט ווי אַ קראַנקער מענטש, וואָס ליידט פון אַ טויטלעכער שלאַפקייט, און זעט פאַר זיך אַ זיכערן טויט, אויב ער וועט נישט קריגן קיין רפואה, וועט ער דאָך זיין געצוואונגען זי צו זוכן מיט אַלע זיינע כחות, ווען זי זאָל אַפילו נישט זיין קיין זיכערע, מחמת ער לייגט אויף איר זיין גאַנצע האָפנונג. יענע אַלע זאַכן אָבער, וועלכע די מייסטע מענטשן זוכן, איז נישט נאָר גיבן זיי נישט צושטייער קיין שום מיטלען פאַר דער פּרעזערווירונג פון אונדזער זיין, נאָר זיי זענען נאָך אַפילו אַ שטער. זיי זענען נאָך גאַנץ אָפט די סבה פון אונטער־גאַנג פון די יעניקע, וואָס באַזיצן זיי*), און זענען אַלעמאָל די סבה פון אונטערגאַנג פון די יעניקע, וואָס ווערן פון זיי באַזעסן.

8. וואָרים מיר האָבן דאָך אַן אַ שיעור ראיות פון מענטשן, וואָס

*) אָט דאָס דאַרף אויספירלעכער באַוויזן ווערן.

האָבן צוליב זייער רייכקייט געליטן פון רדיפות, אַזש ביז צום סאַמע טויט אַפילו. און אויך פון מענטשן, וואָס כדי זיך צו דערוווערבן פאַרמעגנס, האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט צו אַזויפיל סכנות, אַז זיי האָבן סוף כל סוף באַצאָלט מיט זייער לעבן, ווי אַ שטראָף פאַר זייער טפשות. נישט ווייניקער ראיות איז פאַראַן פון מענטשן, וואָס כדי צו איינגעמען אָדער צו באַשיצן זייער כבוד, זענען זיי אויסגעשטאַנען די סאַמע גרעסטע צרות. און לסוף, זענען דאָך אַן אַ שיעור דאָ ראיות פון די יעניקע, וואָס דאָס איבערמעסיקע איבערגעבן זיך דער תאווה, האָט זיי דערנענטערט גיכער צום טויט. 9. די סבה פון אַל דאָס בייז ליגט אַפּנים אין דעם, וואָס אַ יעדעס גליק אָדער אומגליק ענגט אָפּ בלויז אין דער קוואַליטעט פון יענעם אָביעקט צו וועלכן מיר ווילן זיך באַהעפטן מיט אונדזער ליבע. וואָרים איבער דעם וואָס ווערט נישט געליבט וועט מען קיין קריג נישט פאַרפירן, מ'טרויערט נישט ווען ס'קומט אום, קיין שום קנאה ווען עמעץ אַנדערש באַזיצט עס, קיין שום מורא, קיין שום שנאה, מיט איין וואָרט, קיין שום אויפרעגונג פון גייסט. אָט דאָס אַלץ קומט פאָר נאָר דעמאָלט ווען מ'האָט ליב אַזוינע זאַכן וואָס קאָנען אומקומען, ווי ס'זענען עס יענע אַלע זאַכן, פון וועלכע מיר האָבן דאָ פריער גערעדט. 10. די ליבע אָבער צו אַן אָביעקט, וואָס איז אייביק און אומענדלעך, נערט דעם גייסט מיט הוילער פרייד, און דאָס איז אַזאַ פרייד, וואָס איז פריי פון יעדן טרויער. אָט דאָס איז די פרייד וואָס דאַרף שטאַרק באַגערט ווערן, און וועלכע מיר דאַרפן זוכן מיט אַלע אונדזערע כחות. אָבער נישט אָן אַ גרונד האָב איך באַניצט די ווערטער: ווען איך זאָל נאָר בײַ זיך קאָנען ערנסט אָפּמאַכן. וואָרים כאָטש כ'האָב אָט דאָס אַלץ אַזוי קלאָר באַנומען אין מיין באַוואוסטזיין, האָט זיך פון מיר דאָך נישט געקאָנט אָפּטון די זשעדנעקייט נאָך געלט, די תאווה און דאָס יאָגן זיך נאָך כבוד.

## II. וועגן דעם אמתן און העכסטן גוטס.

11. אָט די איינע זאַך האָב איך אָבער יאָ געזען, אַז אַזוי לאַנג ווי מיין גייסט איז געווען פאַרנומען מיט אָט די געדאַנקען, אויף אָט אַזוי פיל האָט ער זיך אָפּגעקערט פון די פריער־דערמאַנטע [פאַריבערגייענדיקע] זאַכן, און ערנסט רעפלעקטירט איבער דעם נייעם לעבנס־סדר. דאָס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע טרייסט. וואָרים איך האָב געזען, אַז יענס בייזס איז נישט פון אַזאַ נאַטורע, וואָס ס'זאָל דערצו קיין רפואה נישט זיין.

און כאַטש צום אָנהייב זענען אַט די אינטערוואַלן געווען זעלטענע און קורצדויערנדיקע, זענען זיי אָבער נאָכדעם ווי דאָס אמת׳ע גוטס איז פון מיר דערקענט געוואָרן אַלץ מערער און מערער, געוואָרן אַלץ אָפטערע און לענגערע, בפרט ווען איך האָב איינגעזען, אַז די דערווערבונג פון רייכקייט, אָדער דאָס איבערגעבן זיך דער תאווה און דאָס יאָגן זיך נאָך כבוד זענען נאָר אַזוי לאַנג אַ שטער, כל זמן זיי ווערן געזוכט צוליב זיך אַליין און נישט ווי מיטלען פאַר אַנדערע זאַכן; אויב זיי זאָלן אָבער געזוכט ווערן ווי מיטלען, קאָן מען פון זיי הנאה האָבן אויף אַ מעסיקן שטייגער, און זיי וועלן נישט זיין שעדלעך, אדרבה, זיי וועלן נאָך גאַנץ באַהילפיק זיין צו יענעם ציל, פאַר וועלכן זיי ווערן געזוכט, ווי מיר וועלן עס ווייזן אויפן געהעריקן אָרט.

12. דאָ וועל איך נאָר בקיצור דערקלערן, וואָס איינגנטלעך איך פאַרשטיי אונטער אמתען גוטס, און אין דערזעלביקער צייט וואָס ס׳איז דאָס העכסטע גוטס. כדי דאָס ריכטיק צו פאַרשטיין, איז כדאי צו באַמערקן, אַז די ווערטער „גוט" און „שלעכט" ווערן [געוויינטלעך] באַנוצט בלויז רעלאַטיוו, אַזוי אַז איינע און די זעלביקע זאַך קאָן, לויט דער פאַרשידנקייט פון די באַציאונגען צו איר, הייסן אי אַ גוטע און אי אַ שלעכטע, פּונקט ווי זי קאָן לויט פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן הייסן פולקום אָדער אומפולקום. וואָרים קיין שום זאַך קאָן נישט הייסן פולקום אָדער אומפולקום, ווען זי ווערט באַטראַכט אין איר אייגענער נאַטור, בפרט, נאָכדעם ווי מיר ווייסן, אַז אַלצדינג געשעט לויט אַן אייביקן סדר און לויט זיכערע געזעצן פון דער נאַטור. 13. אַזוי ווי אָבער דער מענטש אין זיין אומרייפקייט (imbecilitas) קאָן אין זיין געדאַנק נישט אַרומנעמען אַט דעם סדר, און אין דערזעלביקער צייט באַנעמט ער אָבער אַזאַ מענטשלעכע נאַטור וואָס איז אַ סך פעסטער פון זיין אייגענער, און זעט אויך נישט קיין מניעה וואָס זאָל אים שטערן צו דערווערבן אַט די נאַטור, וועט ער זיך דעריבער אָנרעגן צו זוכן יענע מיטלען וואָס דאַרפן אים פירן צו אַזאַ פולקומקייט. דעריבער ווערט אַלצדינג וואָס קאָן דינען ווי אַ מיטל זי צו דערגרייכן הייסן אַן אמתדיק גוטס, דאָס העכסטע גוטס קאָן אָבער נאָר דעמאָלט דערגרייכט ווערן, ווען מ׳קאָן פון אַט דער נאַטור געניסן צוזאַמען מיט נאָך [אַזוי פיל] אַנדערע יחידים ווי ס׳איז נאָר מעגלעך. וואָס פאַר אַ מין נאַטור דאָס איז, וועלן מיר אַנווייזן אויפן געהעריקן אָרט, — אַז זי איז, איינגנטלעך, די דערקענטעניש פון דער איינהייט פון דעם גייסט

מיט דער טאָטאַלער נאַטור *). 14. אַט דאָס איז, בכן, דער ענדלעכער ציל צו וועלכן איך שטרעב: צו דערווערבן אַט די נאַטור און זיך באַמיען, אַז אַ סך אַנדערע זאָלן זי אויך דערווערבן צוזאַמען מיט מיר; ד. ה. ס'געהערט צום תוך פון מיין אייגן גליק, אַז אַ סך אַנדערע זאָלן פאַרשטיין דאָס וואָס איך פאַרשטיי, אַזוי אַז זייער אינטעלעקט און זייערע באַגערן זאָלן זיין אין פולן הסכם מיט מיין אינטעלעקט און מיט מיינע באַגערן. כדי אַט דעם ציל צו דערגרייכן איז נייטיק צו פאַרשטיין די נאַטור אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ס'זאָל גענוג זיין אַט די באַגערטע נאַטור צו דערווערבן **); דערנאָכדעם צו פאָרמירן אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס איז געוואונטשן, אַז אַזוי פיל מענטשן ווי נאָר מעגלעך, זאָלן זי קאָנען דערווערבן אַזוי גרינג און זיכער ווי מעגלעך. 15. ווייטער דאַרפן מיר זיך אויך אָפּגעבן מיט דער מאָראַל־פילאָסאָפיע, אַזוי גוט ווי מיט דער טעאָריע פון קינדער־דערציאונג, און אַזוי ווי אויך דאָס געזונט איז נישט פון מינדערער וויכטיקייט פאַר דער דערגרייכונג פון אַט דעם ציל, דאַרף מען דעריבער אויך שטודירן די מעדיצין אין איר גאַנצקייט. אַזוי ווי אויך די [טעכנישע] קונסט מאַכט אַ סך שווערע זאַכן גרינגער, און מיר קאָנען אַזוי אַרום געווינען אַ סך צייט און קאָמפאָרט אין לעבן, דאַרף דעריבער די מעכאַניק בשום אופן נישט פאַרוואַרלאָזט ווערן. 16. קודם כל אָבער, מוז אַ מאָדוס אויסגעזוכט ווערן דעם אינטעלעקט אויסצוהיילן, און אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך אים באַלד ביים אנהייב אויסצולייטערן, כדי ער זאָל אַזוי גליקלעך, אָן שום טעות, פאַרשטיין זאַכן, און אַזוי גרינדלעך ווי נאָר מעגלעך. דערפון וועט איצט איטלעכער קאָנען זען, אַז מיין וואונטש איז צוצופירן אַלע וויסנשאַפטן צו איין ענד און איין ציל ***), דהיינו, דערצו, אַז מיר זאָלן אימשטאַנד זיין צו דערגרייכן יענע העכסטע מענטשלעכע פולקומקייט, פון וועלכער מיר האָבן דאָ גערעדט. דעריבער וועט אַלץ דאָס אין דער וויסנ־שאַפט וואָס ברענגט אונדז נישט נענטער צו אונדזער ענדלעכן ציל דאַרפן אָפּגעוואָרפן ווערן ווי עפּעס אומניצלעכס, ד. ה. מיט איין וואָרט, אַז אַלע

*) אַט דאָס וועט אויספירלעכער דערקלערט ווערן אויפן געהעריקן אָרט.

**) ס'דאַרף באַמערקט ווערן, אַז דאָ באַמי איך מיך נאָר אויסצורעכענען יענע וויסנשאַפטן וואָס זענען נייטיק פאַר אונדזער ציל, נישט זאָרגנדיק זיך וועגן זייער סדר.

***) אַלע וויסנשאַפטן האָבן נאָר איין ציל, צו וועלכן זיי דאַרפן אַלע צוגעפירט ווערן.

אונדזערע מעשים, אַזוי גוט ווי אונדזערע מחשבות, דאַרפן צוגעפירט ווערן צו אַט דעם ענדלעכן ציל.

## III. עטלעכע לעבנס־כּללים.

17. נאָר בעת מיר באַמיען זיך און שטרעבן אַט דעם ציל צו דער־גרייכן, צו האַלטן דעם אינטעלעקט אויפן ריכטיקן וועג, מוזן מיר דאָך דערווייל לעבן, וועלן מיר דעריבער דאָ קודם דאַרפן באַשטימען עטלעכע לעבנס־כּללים, וואָס זענען גוטע. און אַט דאָס זענען זיי:

א. צו רעדן און טון דאָס וואָס איז אין הסכם מיט די השגות פון ברייטן עולם, אָבער בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס וועט נישט שטערן דער דערגרייכונג פון אונדזער ציל. וואָרים מיר קאָנען פון זיי נישט ווינציק געניסן, ווען מיר וועלן, אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך, זיך רעכענען מיט זייערע השגות, אַ חוץ דעם, וועלן זיי אויף אַזאַ אופן צונייגן אַ פריינדלעך אויער אויפצונעמען דעם אמת.

ב. צו געניסן פון פאַרגעניגנס בלויז אויף אַזוי פיל ווי דאָס איז נייטיק פאַר דער פּרעזערווירונג פון דעם געזונט.

ג. לסוף, צו זוכן געלט אָדער אַנדערע זאַכן אויף אַזוי פיל בלויז, וויפיל ס'איז נייטיק פאַר דער אויפהאַלטונג פון דעם לעבן און געזונט און נאָכצוקומען יענע מנהגים פון דער געזעלשאַפט, וואָס זענען נישט להיפּך צו אונדזער ציל.

## IV. די פיר מאָדוסן פון פּערצעפּציע.

18. נאָכדעם ווי אַט די כּללים זענען דאָ אויסגעלייגט געוואָרן, וועל איך מיך ווענדן צו יענעם ערשטן, וואָס דאַרף דערגרייכט ווערן פריער פאַר אַלע אַנדערע, דהיינו, צו אויסבעסערן דעם אינטעלעקט און אים מסוגל מאַכן צו פאַרשטיין זאַכן אויף אַזאַ אופן, ווי דאָס איז נייטיק פאַר דער דערגרייכונג פון אונדזער ציל. כּדי אָבער דאָס אַדורכצופירן, פאַר־לאַנגט דער סדר וועלכן מיר האַלטן פאַר נאַטירלעך, אַז איך זאָל דאָ רעזומירן יענע אַלע מאָדוסן פון פּערצעפּציע, וועלכע כ'האָב ביז איצט באַניצט אויף צו אַפירמירן אָדער צו נעגירן עפּעס־וואָס אָן שום ספק, כּדי פון זיי אַלע אויסצואוויילן די בעסטע, און אין דערזעלביקער צייט זאָל איך אָנהייבן צו דערקענען די אייגענע כּחות, און די נאַטור, וועלכע איך שטרעב צו פאַרפולקומען.

19. אויב איך באַטראַכט זיי ריכטיק, קאָנען זיי אַלע בכלל רעדוצירט ווערן צו פיר:

א. פאַראַן אַ פּערצעפּציע וואָס מיר קריגן דורך הערן־זאָגן אָדער דורך אַ וועלכן ס'איז קאָנווענציאָנעלן סימן.

ב. פאַראַן אַ פּערצעפּציע וואָס מיר קריגן דורך אַן אומבאַשטימטער דערפאַרונג, ד. ה. דורך אַ דערפאַרונג וואָס ווערט נישט באַשטימט דורכן אינטעלעקט, און וואָס רופט זיך דערפאַרונג בלויז דערפאַר, ווייל זי האָט ווי אַזאַ פּאַסירט צופעליק, און מיר האָבן נישט קיין אַנדער וואָס זאָל זי אָפּפרעגן, און גילט דעריבער ביי אונדז ווי אַזאַ וואָס מ'קאָן נישט אומוואַרפן.

ג. פאַראַן אַ פּערצעפּציע וואָס אַנטשטייט בעת דער תמצית פון אַ זאַך ווערט אַרויסגעדרונגען פון אַן אַנדער זאַך, אָבער נישט אַדעקוואַט. דאָס פּאַסירט אַנטוועדער ווען מיר דרינגען אַרויס אַ סבה פון אַ וועלכן ס'איז עפעקט, אָדער ווען דער תמצית פון זאַכן ווערט אַרויסגעדרונגען פון אַ וועלכן ס'איז אַלגעמיינעם כלל, וואָס איז אַלעמאָל פאַרבונדן מיט וואָסער ס'איז אייגנשאַפט *).

ד. לסוף, פאַראַן אַ פּערצעפּציע וואָס אַנטשטייט ווען אַ זאַך ווערט באַגריפן בלויז דורך איר אייגענעם תמצית, אָדער דורך דער דערקענטעניש פון איר נאָנטסטער סבה.

20. אַט דאָס אַלץ וועל איך אילוסטרירן מיט ביישפּילן. פונעם בלויזן הערן־זאָגן ווייס איך וועגן מיין געבורטסטאָג, און אַז כ'האָב געהאַט די־און־די עלטערן, און נאָך אַזוינע זאַכן, מכח וועלכע כ'האָב קיינמאָל נישט געקאָנט האָבן קיין שום ספק. דורך אומבאַשטימטער דערפאַרונג ווייס איך אַז כ'וועל שטאַרבן. וואָרים איך קאָן דאָס אַפירמירן דורך דעם וואָס כ'האָב געזען ווי אַנדערע מענטשן, אַזוינע ווי איך, זענען געשטאָרבן, כאָטש נישט

*) ווען אַט דאָס איז דער פאַל פאַרשטייען מיר דעמאָלט גאָרנישט נישט וועגן דער סבה, דורך וועלכער מיר האָבן זיך אַריינגעטראַכט אינעם עפעקט. דאָס ווערט קלאָר דורכן פאַקט וואָס די סבה ווערט דעמאָלט דערקלערט אין גאַנץ אַלגעמיינע טערמינען, ווי למשל: דעריבער איז פאַראַן עפּעס; דעריבער איז פאַראַן אַ געוויסער כח, א. אַז. וו. דאָס ווערט אויך קלאָר פון דעם נעגאַטיוון אויסדרוק: דעריבער איז דאָס אָדער יענס נישט, א. אַז. וו. אינעם צווייטן פאַל ווערט עפּעס וואָס איז קלאָר אויפגעפּאַסט געוואָרן צוגעשריבן צו דער סבה דורכן עפעקט, ווי מיר וועלן עס ווייזן מיט אַ משל; אָבער דאָס איז בלויז אַן אייגנשאַפט, און נישט דער תמצית פון דער אייגנטלעכער זאַך.

אַלע אין דערזעלביקער עלטער, און אויך נישט אַלע זענען געשטאָרבן פון דערזעלביקער שלאַפקייט. ווייטער, ווייס איך אויך, דורך אומבאַשטימטער דערפאַרונג, אַז בוימעל איז דאָס בעסטע מיטל אויף צו שפּייזן דעם פלאַם, און אַז וואַסער באַזיצט די אייגנשאַפט אים צו לעשן; אויך ווייס איך, אַז אַ הונט איז אַ בילנדיקע חיה און דער מענטש אַ שכלדיק באַשעפעניש; און אויף אָט דעם וועג האָב איך קענענגעלערנט אַלצדינג כמעט, וואָס איז ניצלעך אין לעבן. 21. מיר דרינגען אַרויס איין זאַך פון אַן אַנדערער אויף אָט אַזאַ אופן: ווען מיר האָבן קלאָר באַגריפן, אַז מיר שפּירן אָט דעם באַשטימטן קערפּער און נישט קיין אַנדערן, דרינגען מיר דעמאָלט, זאָג איך, קלאָר אַרויס פון דער פּערצעפּציע, אַז דער גייסט איז פאַראייניקט מיטן קערפּער און אַז אָט די פאַראייניקונג איז די סבה פון יענער שפּירונג*), וואָס אָבער אָט די שפּירונג און פאַראייניקונג שטעלן מיט זיך אייגנטלעך פאָר, זענען מיר פון איר בפירוש נישט אימשטאַנד צו פאַרשטיין**). אָבער. נאָכדעם ווי כ'האָב דערקענט די נאַטור פון דעם חוש־הראיה, און גלייכצייטיק אַז ער האָט אַזאַ אייגנשאַפט, אַז איינע און דיזעלביקע זאַך וועט פון אַ ווייטן שטח אונדז אויסזען קלענער ווי בעת מיר וואָלטן זי געזען פון דער נאָענט, דרינג איך דערפון אַרויס, אַז די זון איז גרעסער ווי זי זעט אויס צו זיין, און נאָך אַזוינע אויספירונגען פונם זעלביקן מין. 22. לסוף, אַ זאַך ווערט באַגריפן בלויז דורך איר

*) פון אָט דעם ביישפּיל קאָן מען קלאָר זען דאָס וואָס כ'האָב דאָ נאָר וואָס אָנגעוויזן; וואָרים אונטער אָט דער פאַראייניקונג פאַרשטייען מיר קיין שום אַנדער זאַך נישט, ווי נאָר די שפּירונג אַליין, וואָס איז אַן עפעקט, פון וועלכן מיר דרינגען אַרויס די סבה, לגמרי נישט פאַרשטייענדיק זי.

**) אָט אַזאַ אויספיר, כאָטש ער קאָן זיך זיין זיכער, איז ער פונדעסטוועגן דאָך נישט קיין גענוג פעסטער, ווען מ'איז נישט אויסערגעוויינטלעך פאָרזיכטיק. וואָרים אויב מ'וועט זיך נישט גאַנץ שטאַרק באַוואָרענען, קאָן מען דאָ תיכף אַריינפאַלן אין טעותן, בפרט נאָך, ווען זאַכן ווערן אויפגעפאַסט אַזוי זיך אַבסטראַקט און נישט דורך זייער אמתן תמצית, ווערן זיי תיכף צעפּלאָנטערט פון דער אימאַגינאַציע. וואָרים, דאָס וואָס איז איינס אין זיך אַליין, ווערט פון מענטשן אימאַגינירט ווי פילצאָליק, און יענע זאַכן וואָס זיי פאַסן אויף אַבסטראַקט, אָפּגעזונדערט און מטושטשדיק, גיבן זיי אַזוינע נעמען, וואָס ווערן באַניצט צו באַצייכענען אַנדערע מער באַקאַנטע זאַכן. קומט דעריבער אויס, אַז די פריערדיקע ווערן אימאַגינירט אויפן זעלביקן שטייגער, אויף וועלכן זיי זענען געוואוינט צו אימאַגינירן יענע זאַכן, צו וועלכע זיי האָבן שוין לכתחילה געגעבן די נעמען.

תמצית, ווען פונעם פאַקט וואָס כ׳וויים עפּעס, ווייס איך וואָס עס הייסט עפּעס צו וויסן; דורך דעם, וואָס כ׳האָב זיך דערוואוסט דעם תמצית פון דעם גייסט, ווייס איך, אַז ער איז איינס מיטן קערפּער. דורך דעם זעלביקן אופן פון דערקענטעניש ווייסן מיר אַז צוויי און דריי איז פינף, און אַז ווען צוויי ליניעס זענען פּאַראַלעל צו אַ דריטער, זענען זיי אויך פּאַראַלעל איינע צו דער אַנדערער. דאָך זענען די זאַכן, וואָס כ׳האָב ביז איצט געקאָנט פאַרשטיין דורך אַזאַ אופן פון דערקענטעניש געווען זייער ווינציק.

23. כדי אַט דאָס אַלץ זאָל בעסער פאַרשטאַנען ווערן, וועל איך דאָ בלויז געבן דעם איינעם ביישפּיל: דהיינו, דריי צאָלן ווערן אָנגעגעבן, און אַ פערטע ווערט געזוכט, וואָס זאָל זיך פאַרהאַלטן צו דער דריטער ווי די צווייטע צו דער ערשטער. סוחרים זאָגן געוויינטלעך אין אַזאַ פאַל, אַז זיי ווייסן וואָס צו טון כדי צו געפינען די פערטע צאָל, ווייל זיי האָבן נאָך נישט פאַרגעסן יענעם רויען, נישט־נאָכגעפּרואווטן כלל, וואָס זיי האָבן געהערט פון זייערע לערער. אַנדערע ווייטער קאָנסטרואירן פון זייער דערפאַרונג מיט איינפאַכע צאָלן אַן אַלגעמיינע אַקסיאָמע. ווען, למשל, די פערטע צאָל איז באַשיינפּערלעך קלאָר, ווי ס׳איז מיט דער סעריע 2, 4, 3, 6, זעען זיי, אַז ווען די צווייטע צאָל זאָל געבפּלט ווערן מיט דער דריטער און זייער רעזולטאַט זאָל געחילוקט ווערן דורך דער ערשטער, וועט דער ענטפער זיין 6. און ווען זיי זעען, אַז ס׳איז אַרויסגעקומען דיזעלביקע צאָל, וואָס איז זיי אָן יענעם כלל געווען באַקאַנט ווי די פּראָפּאָרציאָנעלע, קומען זיי צום אויספיר, אַז אַט דער כלל איז אַלעמאָל גילטיק כדי צו געפינען די פערטע פּראָפּאָרציאָנעלע צאָל. 24. די מאַטעמאַטיקער אָבער ווייסן, לויטן באַווייז פון אויקלידס עלעמענטן, פּראָפּ. 19, בוך 7, וואָסערע צאָלן ס׳זענען פּראָפּאָרציאָנעל איינע צו די אַנדערע — ד. ה. אַז על פּי דער נאַטור פון פּראָפּאָרציע און אירע אייגנשאַפטן, איז אַ צאָל וואָס איז דער רעזולטאַט פון דער ערשטער און פערטער גלייך צו אַ צאָל וואָס איז דער רעזולטאַט פון דער צווייטער און דריטער. זיי אָבער זעען נישט די אַדעקוואַטע פּראָפּאָרציאָנעלקייט פון די געגעבענע צאָלן, און ווען זיי וואָלטן זי אפילו יאָ געזען, וואָלט עס נישט געווען מיט דער הילף פון יענער פּראָפּאָזיציע, נייערט אינטואיטיוו און אָן קיין שום אויסרעכענונג.

## V. וועגן בעסטן מאָדוס פון פערצעפציע.

25. כדי פון אַט די מאָדוסן פון פערצעפציע אויסצואוויילן דעם בעסטן, פאָדערט זיך, מיר זאָלן דאָ בקיצור אויסרעכענען יענע מיטלען וואָס זענען נייטיק פאַר דער דערגרייכונג פון אונדזער ציל. און אַט דאָס זענען זיי:

א. צו קענען פולשטענדיק אונדזער נאַטור, וועלכע מיר שטרעבן צו פאַרפולקומען, און גלייכצייטיק אויך די נאַטור פון זאַכן אויף אַזויפיל, אויף וויפיל דאָס איז נויטווענדיק.

ב. צו פאָרמירן דערפון ריכטיקע כללים בנוגע די דיפערענצן, צו־שטימונגען און קעגנזאַצן פון זאַכן.

ג. צו פאַרשטיין געהעריק אויף וויפיל זיי קאָנען זיין פאַסיוו און אויף וויפיל — נישט.

ד. אַט דאָס צו פאַרגלייכן מיט דער נאַטור און מאַכט פונעם מענטש. דערפון וועט שוין גרינג קלאָר ווערן, וואָס ס׳איז די העכסטע פולקומקייט, צו וועלכער דער מענטש קאָן דערגרייכן.

26. בכן, האָבנדיק אַט דאָס אַלץ גענומען אין באַטראַכט, לאָמיר זען וואָסער מאָדוס פון פערצעפציע מיר דאַרפן אויסוויילן.

בנוגע דעם ערשטן, איז שוין אָפּגעזען דערפון, אַז ער איז אַזאַ, וואָס איז לגמרי אומזיכער, איז דאָך קלאָר פון זיך אַליין, אַז דער תמצית פון אַ זאַך קאָן פון הערן־זאָגן נישט באַגריפן ווערן, ווי מ׳קאָן עס זען פון אונדזער משל: און אַזוי ווי די באַזונדערע עקסיסטענץ פון אַ זאַך קאָן נישט דערקענט ווערן כל זמן איר תמצית איז נישט דערקענט געוואָרן, ווי מ׳וועט עס שפּעטער זען, איז דערפון בפירוש געדרונגען, אַז יעדע זיכערקייט וואָס מיר קריגן פון הערן־זאָגן דאַרף אָפּגעשיידט ווערן פון דער וויסנשאַפט. וואָרים קיינער קאָן נישט אַפעקטירט ווערן פון בלויזן הערן־זאָגן, סיידן ווען זיין אייגענער אינטעלעקט האָט שוין דערמיט פריער געהאַט צו טון.

27. וואָס ס׳איז שייך דעם צווייטן מאָדוס, קאָן אויך קיינער נישט זאָגן, אַז ער וועט דורך אים קריגן די אידעע פון יענער פראָפּאָרציע וואָס ער זוכט*). שוין אָפּגעזען דערפון וואָס דאָס איז לגמרי אַן אומזיכערער און אויך נישט קיין דעפיניטיווער, איז נאָך מיט אַזוינע מיטלען נישט

*) איך וועל דאָ צומאָל באַהאַנדלען די דערפאַרונג מער אויספירלעכער, און וועל אויך אויספאָרשן די צוגאַנגס־מעטאָדע מצד די עמפּיריקער און די נייסטע פילאָסאָפן.

באַגריפן געוואָרן עפּעס־וואָס פון נאַטור־אָביעקטן, גייערט ווי אַקסידענצן [צופעליקייטן] וועלכע מ'קאָן קיינמאָל נישט קלאָר פאַרשטיין, סיידן ווען דער תמצית פון די זאַכן איז שוין פריער דערקענט געוואָרן. דעריבער דאַרף אויך אָט דער אופן פון דערקענטעניש אויסגעשלאָסן ווערן.

28. בנוגע דעם דריטן מאָדוס, קאָן ביז אַ געוויסער מאָס געזאָגט ווערן, אַז דורך אים קריגן מיר די אידעע פון דער זאַך, און מיר קאָנען פון אים מאַכן אויספירונגען, אָן שום סכנה פאַר אַ טעות. פונדעסטוועגן וועט אויך ער, אין זיך אַליין, נישט זיין יענעם מיטל דורך וועלכן מיר קאָנען דערגרייכן אונדזער פולקומקייט.

29. בלויז דער פערטער מאָדוס נעמט אַרום דעם אַדעקוואַטן תמצית פון אַ זאַך אָן שום סכנה פאַר אַ טעות, און איז דעריבער דער איינציקער אויף וועלכן מיר קאָנען זיך סומך זיין איבער אַלע אַנדערע. מיר וועלן זיך דאָ דעריבער באַמיען צו דערקלערן אויף וואָס פאַר אַן אופן ער דאַרף אַנגעווענדט ווערן, כדי אומבאַקאַנטע זאַכן זאָלן מיט דער הילף פון אָט דער דערקענטעניש פאַר אונדז ווערן פאַרשטענדלעך, און גלייכצייטיק ווי אַזוי דאָס קאָן דערגרייכט ווערן אויף דעם מעגלעכסטן קורצסטן וועג.

## VI. וועגן די אינסטרומענטן פונעם אינטעלעקט. אמתע אידעען.

30. נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעפונען וואָסער מין דערקענטעניש ס'איז פאַר אונדז נייטיק, דאַרף דאָ אָנגעצייכנט ווערן יענער וועג און מעטאָדע, דורך וועלכע די זאַכן וואָס דאַרפן דערקענט ווערן זאָלן אויף אָט דעם אופן פון דערקענטעניש קאָנען דערקענט ווערן. פאַר אָט דעם צוועק דאַרף קודם כל גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן אַן אויספאָרשונג ביז דער אומענדלעכקייט, ד. ה., אַז כדי אויסצוגעפינען די בעסטע מעטאָדע, אויף צו פאָרשן דעם אמת, איז נישט נייטיק אַן אַנדער מעטאָדע אויף אויסצופאָרשן יענע מעטאָדע וואָס דאַרף פאָרשן דעם אמת, און כדי צו אויספאָרשן די צווייטע מעטאָדע איז ווידער נישט נייטיק קיין דריטע, א. אַז. וו. ביז דער אומענדלעכקייט; וואָרים אויף אַזאַ אופן וואָלטן מיר קיינמאָל נישט געקאָנט קומען צו דער דערקענטעניש פונעם אמת, ווי בכלל נישט צו קיין שום דערקענטעניש. ס'איז פונקט דאָסזעלביקע ווי מיט פיזישע אינסטרומענטן, אויף וועלכע מ'קאָן אַנווענדן דעמזעלביקן אַרגומענט. למשל, כדי צו קאָנען שמידן אייזן איז נייטיק אַ האַמער, און כדי צו האָבן אַ האַמער מוז מען דאָך אים מאַכן, פאַר דעם איז ווידער נייטיק אַן אַנדער האַמער און אַנדערע אינ־

סטרומענטן, און כדי זיי צו האָבן איז דאָך ווידער נייטיק נאָך אַנדערע אינסטרומענטן, א. אַז. וו., ביז דער אומענדלעכקייט. אַזוי אַרום קאָן נאָך עמעץ פּרובירן פּרוכטלאָז באַווייזן, אַז מענטשן האָבן בכלל קיין שום מעגלעכקייטן נישט צו שמידן אײַזן. 31. אַזוי ווי די מענטשן זענען צום אָנהייב, מיט דער הילף פון זייערע איינגעבוירענע אינסטרומענטן, געווען אימשטאַנד צו מאַכן גאַנץ גרינגע זאַכן, כאָטש מיט גרויס מאַטערניש און אומפּולקומע, איז מען אָבער, ווען מ'האָט זיי פאַרטיק געמאַכט, שוין געווען בכח צו מאַכן אַ סך שווערערע זאַכן, מיט ווינציקער מאַטערניש און מער פולקומערע, און אַזוי שטאַפּלווייז אוואַנסירנדיק פון די סאַמע אײַנפאַכסטע שאַפונגען צו אינסטרומענטן, און פון די אינסטרומענטן צו אַנדערע שאַפונגען און אינסטרומענטן, ביז זיי זענען בכח געווען אַרויסצוברענגען זייער אַ סך און פיל שווערערע זאַכן מיט ווינציקער אַרבעט. פונקט אַזוי איז אויך מיט דעם אינטעלעקט, וואָס שאַפט זיך איין מיט זײַנע אייגענע איינגעבוירענע כחות*) אינטעלעקטועלע אינסטרומענטן, מיט וועלכע ער דערווערבט זיך אַלץ מערער כחות פאַר ווייטערדיקע אינטעלעקטועלע שאַפונגען**), און דורך אָט די שאַפונגען ווידער אַנדערע אינסטרומענטן אָדער כחות פאַר ווייטערדיקע פאָרשונגען, און אַזוי אוואַנסירנדיק שטאַפּלווייז ביז ער דערגרייכט דעם באַרג־שפּיץ פון חכמה. 32. אַז אָט דאָס איז באמת דער וועג פונעם אינטעלעקט, וועט גרינג זײַן איינצוזען, אַזוי גיך ווי מיר וועלן פאַרשטיין וואָס די מעטאָדע צו פאָרשטן דעם אמת שטעלט מיט זיך פאָר, און וואָס אַזוינס ס'זענען יענע איינגעבוירענע אינסטרומענטן, וואָס זי אַליין נאָר זענען נייטיק פאַר דער שאַפונג פון אַנדערע אינסטרומענטן, כדי ווייטער צו אוואַנסירן. כדי אָט דאָס צו ווײַזן וועל איך ווייטער אָנגיין אויף אָט דעם אופן: ***)

33. אַן אמתע אידעע — ווײַל מיר האָבן אַן אמתע אידעע —

*) אונטער איינגעבוירענעם כח פאַרשטיי איך דאָס וואָס ווערט נישט באַשטימט פון אויסערלעכע סבות, ווי ס'וועט שפּעטער דערקלערט ווערן אין מײַן פילאָסאָפיע.

**) זיי הייסן דאָ שאַפונגען, וואָס אַזוינס זיי זענען וועט דערקלערט ווערן אין מײַן פילאָסאָפיע.

***) ס'דאַרף באַמערקט ווערן, אַז דאָ וועלן מיר זיך באַמיען נישט נאָר קלאָר צו מאַכן דאָס וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, נאָר אויך דאָס, אַז מיר זענען ביז איצט געגאַנגען אויף דעם ריכטיקן וועג, און גלײַכצײַטיק דערמיט אויך אַנדערע זאַכן וואָס זענען זייער נייטיק צו וויסן.

איז עפּעס אַזוינס וואָס איז פאַרשידן פון איר אָביעקט (אידעאַט); וואָרים אַ ראָד איז איין זאַך און די אידעע פון אַ ראָד איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. מחמת די אידעע פון אַ ראָד איז נישט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט, ווי אַ ראָד, אַ פּעריפעריע און אַ צענטער; אַזוי אויך איז די אידעע פון אַ קערפּער נישט דער קערפּער אַליין. אַזוי ווי די אידעע איז בכן עפּעס אַזוינס וואָס איז פאַרשידן פון איר אָביעקט, וועט זי דעריבער זיין אויך עפּעס אַזוינס וואָס ווערט פאַרשטאַנען דורך זיך אַליין, ד. ה., אַז אַן אידעע, אויף וויפיל ס'איז נוגע איר פאָרמעלן תמצית, קאָן זיין אַן אָביעקט פון אַן אַנדער אָביעקטיוון תמצית; און אָט דער אָביעקטיווער תמצית ווידער, באַטראַכט אין זיך אַליין, וועט אויך זיין עפּעס־וואָס רעאַלס און פאַרשטענדלעכס, און אַזוי אַן אַ סוף. 34. פּעטער, למשל, איז עפּעס־וואָס רעאַלס, אָבער די אמתע אידעע פון פּעטערן איז פּעטערס אָביעקטיווער תמצית, און עפּעס, וואָס איז רעאַל אין זיך אַליין, און לגמרי פאַר־שידן פון פּעטערן. אַזוי ווי די אידעע פון פּעטערן איז בכן עפּעס־וואָס, וואָס איז רעאַל, האָבנדיק איר אייגענעם תמצית, וועט זי אויך זיין עפּעס אַזוינס וואָס איז פאַרשטענדלעך, ד. ה., דער אָביעקט פון אַ וואָסער ס'איז אַנדער אידעע, וואָס וועט אין זיך אָביעקטיוו האָבן אַלץ דאָס, וואָס די אידעע פון פּעטערן האָט פאָרמעל; און די אידעע פון דער אידעע פון פּעטערן וועט אויך ווידער האָבן איר אייגענעם תמצית, וואָס וועט אויך קאָנען זיין דער אָביעקט פון אַן אַנדער אידעע, און אַזוי אַן אַ סוף. אָט דאָס קאָן איטלעכער אויסגעפינען פון זיך אַליין, בעת ער זעט, אַז ער ווייסט וואָס פּעטער איז, און ווייסט אויך, אַז ער ווייסט עס, און ווייסט ווייטער, אַז ער ווייסט דאָס ער ווייסט, א. אַז. וו. דערפון ווערט קלאָר, אַז כדי צו פאַרשטיין דעם תמצית פון פּעטערן, איז נישט נייטיק צו פאַרשטיין די אידעע אַליין פון פּעטערן, און נאָך אַ סך ווינציקער די אידעע פון דער אידעע פון פּעטערן. ס'איז פּונקט דאָסזעלביקע ווי כ'וואָלט זאָגן, אַז כדי צו וויסן, איז פאַר מיר נישט נייטיק צו וויסן אַז איך ווייס, און נאָך אַ סך ווינציקער איז פאַר מיר נייטיק צו וויסן, אַז איך ווייס דאָס איך ווייס — נישט מערער ווי כדי צו פאַרשטיין דעם תמצית פון אַ דרייַעק זאָל נייטיק זיין צו פאַרשטיין דעם תמצית פון אַ ראָד *).

*) ס'דאַרף באַמערקט ווערן. אַז דאָ פאַרשטען מיר נישט אויס דעם אופן לויט וועלכן ס'איז אין אונדז דער איינגעבוירענער ערשטער אָביעקטיווער תמצית. דאָס געהערט צו דער אויספאָרשונג פון דער נאַטור, וואו אָט די זאַכן ווערן

פונקט דער היפך איז עס מיט אַט די אידעען, ווארים כדי צו וויסן אַז איך וויים, מוז איך נייטיקערווייז קודם כל וויסן. 35. דערפון איז קלאָר, אַז די זיכערקייט איז נישט עפעס אַנדערש, ווי נאָר דער אָביעקטיווער תמצית אַליין, ד. ה., אַז יענער אופן, לויט וועלכן מיר דערשפירן דעם פאָרמעלן תמצית, איז די זיכערקייט אַליין. דערפון איז אויך קלאָר, אַז כדי צו האָבן די זיכערקייט פון אַן אמת איז נישט נייטיק קיין שום אַנדער סימן, ווי נאָר דאָס באַזיצן פון אַן אמתער אידעע; ווארים ווי מיר האָבן שוין געוויזן, איז כדי צו וויסן, פאַר מיר נישט נייטיק צו וויסן אַז איך וויים. נאָכאַמאָל ווערט קלאָר פון דעם פריער געזאָגטן, אַז קיינער קאָן נישט וויסן, וואָס ס'איז די העכסטע זיכערקייט, כל זמן ער באַזיצט נישט די אַדעקוואַטע אידעע אָדער דעם אָביעקטיוון תמצית פון אַ וואָסער ס'איז זאַך, מחמת זיכערקייט און אָביעקטיווער תמצית איז איינס און דאָס־זעלביקע.

## VII. וועגן דער ריכטיקער מעטאָדע פון דערקענטעניש.

36. אַזוי ווי דער אמת נייטיקט זיך נישט, בכן, אין קיין שום סימן, אָבער כדי צו באַפרייען זיך פון יעדן ספק, וועט דאָך גענוג זיין צו האָבן דעם אָביעקטיוון תמצית פון זאַכן, אָדער, וואָס איז דאָס זעלביקע, אידעען, איז דערפון געדרונגען, אַז די אמתע מעטאָדע באַשטייט נישט דערינען, וואָס מ'דאַרף זוכן אַ סימן פאַרן אמת, נאָכדעם ווי מ'האָט שוין דערוואָרבן די אידעען, נאָר אַז די אמתע מעטאָדע איז דער וועג דורך וועלכן דער אמת אַליין, אָדער דער אָביעקטיווער תמצית פון זאַכן, אָדער אידעען (מחמת זיי האָבן אַלע דעמזעלביקן באַטייט), זאָלן אויפגעזוכט ווערן אויף אַ געהעריקן סדר*). 37. ווייטער מוז די מעטאָדע נייטיקערווייז רעדן וועגן אַ שכלדיקן אַרגומענט (ratiocinatio) אָדער וועגן דעם פאַרשטיין (intellectio) — ד. ה. אַז מעטאָדע איז נישט קיין קייט פון שכלדיקע אַרגומענטן דורך וועלכע מ'קומט צו אַ פאַרשטענדעניש פון די סבות פון זאַכן, נאָך ווינציקער איז זי דאָס פאַרשטייען די סבות פון זאַכן, נייערט זי איז די פאַרשטענדעניש פון דעם, וואָס ס'איז אַזוינס אַן אמתע אידעע,

---

אויספירלעכער דערקלערט, און אין דערזעלביקער צייט ווערט געוויזן, אַז מחוץ פון דער אידעע קאָן נישט זיין קיין שום אַפירמאַציע, קיין שום נעגאַציע און אויך קיין שום ווילן נישט.

*) וואָס עס הייסט זוכן אין גייסט וועט דערקלערט ווערן אין מיין פילאָסאָפיע.

אַפּשיידנדיק זי פון אַנדערע פּערצעפּציעס און אויספאַרשטנדיק איר נאַטור, כדי מיר זאָלן אימשטאַנד זיין זיך צו באַקענען מיט דער מאַכט פון אונדזער אינטעלעקט, און אַזוי צו דירעקטירן דעם גייסט, אַז ער זאָל אין הסכם מיט אַט דער נאָרמע קאָנען פאַרשטיין אַלץ וואָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, און אויך אויסלייגן אַזוינע באַשטימטע כללים וואָס זאָלן אונדז באַהילפיק זיין, און פאַרהיטן אונדזער גייסט נישט צו ווערן אויסגעמאַטערט פון אומ־ניצלעכע זאַכן. 38. דערפון איז געדרונגען, אַז מעטאָדע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר רעפלעקטירטע דערקענטעניש, אָדער די אידעע פון אַן אידעע; און אַזוי ווי ס׳קאָן נישט זיין קיין אידעע, אויב ס׳עקסיסטירט נישט פון פריער קיין אידעע, וועט דעריבער אויך קיין מעטאָדע נישט קאָנען זיין, אויב ס׳וועט פון פריער נישט עקסיסטירן קיין אידעע. בכן, וועט יענע מעטאָדע זיין אַ גוטע, וואָס וועט אָנווייזן אויף וואָס פאַר אַן אופן דער גייסט דאַרף דירעקטירט ווערן אין הסכם מיט דער נאָרמע פון אַ גע־געבענער אמתער אידעע. אַזוי ווי אָבער די שייכות וואָס איז פאַראַן צווישן צוויי [אמתע] אידעען איז דיזעלביקע ווי די שייכות צווישן די פאָרמעלע תמציתן פון אַט די אידעען, איז דערפון געדרונגען, אַז די רעפלעקטירטע דערקענטעניש פון דער אידעע פונעם סאַמע פולקומסטן וועזן, וועט זיין פון אַ סך אַ העכערער מדרגה ווי די רעפלעקטירטע דערקענטעניש פון אַלע איבעריקע אידעען; ד. ה., אַז די סאַמע פולקומסטע מעטאָדע וועט זיין יענע, וואָס וועט אָנווייזן אויף וואָס פאַר אַן אופן דער גייסט דאַרף דירעקטירט ווערן אין הסכם מיט דער נאָרמע פון דער געגעבענער אידעע פונעם סאַמע פולקומסטן וועזן. 39. דערפון וועט איצט גרינג זיין צו פאַרשטיין, אויף וואָס פאַר אַן אופן דער גייסט, ווען ער פאַרשטייט וואָס מערער זאַכן, קאָן זיך אין דערזעלביקער צייט דערווערבן אַלץ מערער אינ־סטרומענטן, מיט וועמענס הילף ער וועט אַלץ גרינגער קאָנען אַוואַנסירן אויפן וועג צו דער פאַרשטענדעניש. וואָרים על פּי דעם וואָס מיר קאָנען דרינגען דערפון, וואָס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, מוז אין אונדז קודם כל עקסיסטירן אַן אמתע אידעע, וואָס איז ווי אַן איינגעבוירענער אינסטרומענט; און ווען זי ווערט פאַרשטאַנען, ווערט אויך גלייכצייטיק פאַרשטאַנען דער חילוק וואָס איז פאַראַן צווישן אַזאַ [אמתער] פּער־צעפּציע און אַלע איבעריקע. דערינען באַשטייט איין טייל פון דער מעטאָדע. און אַזוי ווי ס׳איז דאָך פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין, אַז וואָס מערער זאַכן פון דער נאַטור דער גייסט פאַרשטייט אַלץ בעסער פאַרשטייט ער זיך אַליין, ווערט דערפון במילא קלאָר, אַז אַלץ פולקומער וועט זיין יענער טייל

פון דער מעטאָדע, וואָס מערער זאַכן דער גייסט וועט פאַרשטיין, און די סאַמע פולקומסטע וועט זי נאָר דעמאָלט זיין, ווען דער גייסט וועט קומען צו דער דערקענטעניש פונעם סאַמע פולקומסטן וועזן, אָדער איבער אים רעפלעקטירן. 40. ווייטער, וואָס מערער דער גייסט ווייסט, אַלץ בעסער פאַרשטייט ער זיינע אייגענע כחות און דעם סדר פון דער נאַטור: וואָס בעסער אָבער ער פאַרשטייט זיינע אייגענע כחות, אַלץ גרינגער איז אים זיך אַליין צו דירעקטירן, און פאַר זיך כללים אויסצולייגן: אויך וואָס בעסער ער וועט פאַרשטיין דעם סדר פון דער נאַטור, וועט אַלץ גרינגער פאַר אים זיין זיך צוריקצוהאַלטן דערפון וואָס איז אומניצלעך. דערינען באַשטייט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, די גאַנצע מעטאָדע. 41. דאָ דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז די אידעע אין זיך אַליין איז פונקט אַזוי אָביעקטיוו ווי דער אָביעקט פון דער אידעע אין דער רעאַליטעט. ווען ס'וואָלט בכן געווען עפּעס־וואָס אין דער נאַטור וואָס האָט קיין שום פאַרבינדונג נישט מיט אַנדערע זאַכן, און ווען ס'וואָלט אויך דער אָביעקטיווער תמצית עקסיסטירט, און אַזוי ווי ער מוז דאָך שטימען לגמרי מיט דעם פאָרמעלן תמצית, וואָלט אויך אָט דער אָביעקטיווער תמצית נישט געקאָנט האָבן קיין שום פאַר־בינדונג מיט אַנדערע אידעען*), ד. ה. מיר וואָלטן פון אים גאָרנישט געקאָנט אַרויסדרינגען. פון דער אַנדערער זייט אָבער, וועלן אַזוינע זאַכן וואָס האָבן אַ פאַרבינדונג מיט אַנדערע זאַכן, ווי אַלצדינג וואָס ס'עקסיס־טירט אין דער נאַטור, פאַרשטאַנען ווערן, און זייערע אָביעקטיווע תמציתן וועלן צווישן זיך אויך האָבן דיזעלביקע פאַרבינדונג, ד. ה. אַז אַנדערע אידעען וועלן פון זיי קאָנען אַרויסגעדרונגען ווערן, וועלכע וועלן ווידער האָבן אַ פאַרבינדונג מיט נאָך אַנדערע, און אַזוי אַרום וועלן די אינ־סטרומענטן פאַרן ווייטערן אַוואַנסירן זיך אַלץ פאַרמערן. אָט דאָס איז עס, וואָס מיר האָבן געזוכט צו באַווייזן. 42. דערצו, איז פון דעם וואָס מיר האָבן אָט דאָ פריער געזאָגט, דהיינו, אַז די אידעע מוז שטימען לגמרי מיט איר פאָרמעלן תמצית, קלאָר געוואָרן, אַז כדי אונדזער גייסט זאָל פול־שטענדיק קאָנען רעפּראָדוצירן אַן אָפּבילד פון דער נאַטור, מוז ער אַלע זיינע אידעען אַרויסקריגן פון יענער אידעע, וואָס רעפּראָדוצירט דעם אָנהייב און דעם קוואַל פון דער גאַנצער נאַטור, אַזוי אַז אויך זי זאָל קאָנען ווערן דער קוואַל פון אַלע איבריקע אידעען.

*) צו האָבן אַ פאַרבינדונג מיט אַנדערע זאַכן, הייסט אַנטוועדער פון זיי פּראָדוצירט צו ווערן, אָדער זיי צו פּראָדוצירן.

43. דאַ קאָן זיך נאָך אַמאָל עמעץ חידושן, וואָס בעת מיר זאָגן, אַז אַ גוטע מעטאָדע איז יענע, וואָס וואַיזט־אָן אויף וואָס פאַר אַן אופן דער גייסט דאַרף דירעקטירט ווערן אין הסכם מיט דער נאָרמע פון אַ געגעבענער אמתער אידעע, זאָלן מיר דאָס גאָר וועלן באַווייזן דורך אַ שכלדיקן ארגומענט — אַ פּראָצעדורע וואָס ווייזט מכלומרשט אָן, אַז דאָס געזאָגטע איז נישט קלאָר פון זיך אַליין. און ס'קאָן נאָך דעריבער אפילו געשטעלט ווערן די פראַגע, צי איז אונדזער ארגומענטאַציע בכלל ריכטיק באַגרינדעט. וואָרים, ממה נפשך, אויב יאָ, דאַרפן מיר דאָך אָנהייבן מיט אַ געגעבענער אידעע, און אַזוי ווי מיט אַ געגעבענער אידעע אָנצוהייבן איז דאָך נייטיק אַ באַווייז, דאַרפן מיר שוין אונדזער ארגומענט ווידער באַווייזן, און אָט דער באַווייז דאַרף דאָך ווידער באַוויזן ווערן, א. אַז. וו. ביז דער אומענדלעכקייט. 44. ענטפער איך אָבער דערויף, אַז אויב עמעץ זאָל דורך עפּעס אַ גוטן צופאַל זיך אַזוי אַנגיין מיט זיינע פאָרשונגען פון דער נאַטור אויף אָט דעם וועג, ד. ה. דערווערבן אידעען אין זייער געהעריקן סדר אין הסכם מיט דער נאָרמע פון אַ געגעבענער אמתער אידעע, וועט ער קיינמאָל נישט זיין אין ספק מכח זייער אמתדיקייט*), וואָרים דער אמת, ווי מיר האָבן געוויזן, איז קלאָר פון זיך אַליין, און אַלצדינג פליסט דעריבער צו אים ספּאָנטאַניש. אַזוי ווי דאָס אָבער פּאַסירט קיינמאָל נישט, אָדער בלויז זעלטן, בין איך געווען געצוואונגען עס דאָ אַזוי אויסצולייגן, כדי מיר זאָלן דאָס, וואָס מיר קאָנען נישט דערווערבן דורך עפּעס אַ גוטן צופאַל, עס דערווערבן מיט דער הילף פון אַ פאָראויס־באַקלערטן פּלאַן; און גלייכצייטיק דאַרף קלאָר ווערן, אַז כדי צו שטעלן דעם אמת צו אַ פּראָבע און צו זיין זיכער מיט אונדזער גוטן ארגומענט נייטיקן מיר זיך נישט אין קיין שום אינסטרומענטן, ווי נאָר אין דעם אמת אַליין, און אין אַ גוטן ארגומענט. וואָרים די ריכטיקייט פון אַ ארגומענט האָב איך דורך אַ ריכטיקער ארגומענטאַציע באַוויזן, און זוך עס טאַקע נאָך צו באַווייזן. 45. דערצו קומט נאָך צו, וואָס אויף אָט דעם וועג געוויינען זיך מענטשן צו צו אינערלעכע מעדיטאַציעס. דער גרונד אָבער, פאַרוואָס ס'טרעפט אַזוי זעלטן, אַז די אויספאָרשונג פון דער נאַטור זאָל געפירט ווערן אין דעם געהעריקן סדר, ליגט אין פאָראורטיילן, וואָס זייערע סבות וועלן שפּעטער דערקלערט ווערן אין אונדזער פילאָסאָפיע. ווייטער איז נייטיק אַ גרויסע און פּינקטלעכע

*) פונקט ווי מיר האָבן דאָ קיין שום ספק נישט אין אונדזער אמת.

אַפשיידונג, אַ זאַך וואָס קומט אָן מיט גרויס שוועריקייט, ווי מיר וועלן עס שפּעטער ווייזן. און לסוף, מחמת דער סאַמע כאַראַקטער פון דער מענטשלעכער נאַטור, ווי מיר האָבן עס שוין געוויזן, האַלט זיך כסדר אין איין ענדערן. דערצו זענען נאָך פאַראַן אַנדערע סבות, אין וועלכע מיר וועלן זיך איצט נישט אַריינלאָזן.

46. אויב עמעץ זאָל על־פּי צופאַל פרעגן, פאַרוואָס איך האָב נישט אַליין באַלד ביים אָנהייב אויסגעלייגט די אמתן פון דער נאַטור לויט אָט דעם סדר, ווען דער אמת קאָן זיך אַליין אַנטפּלעקן. ענטפער איך אים, און וואָרן גלייכצייטיק, אַז אויב ער וועט דאָ אָדער דאָרט אָנטרעפן זאַכן וואָס קאָנען זיך אים אויסווייזן פּאַראַדאָקסאַל, און אויב ער וועט זיי וועלן אָפּוואַרפן ווי פאַלטשע, זאָל ער אַזוי גוט זיין און באַטראַכטן פריער יענעם סדר לויט וועלכן מיר האָבן זיי באַוויזן, וועט ער דערנאָכדעם זיין זיכער, אַז מיר זענען צוגעקומען צום אמת. אָט דאָס איז די סבה פאַרוואָס כ׳האָב דעם אויספיר אַוועקגעשטעלט אין פאָראויס.

47. אויב נאָך דעם זאָל נאָך אַלץ אַ וועלכער ס׳איז סקעפּטיקער זיין אין ספק וועגן דעם סאַמע ערשטן אמת, און וועגן יענע אַלע זאַכן וואָס מיר דרינגען אַרויס אין הסכם מיט דער נאָרמע פון דעם ערשטן אמת, וועלן זיינע רייד דעמאָלט בפירוש זיין להיפך צו זיין איבערצייגונג, אָדער מיר וועלן מוזן מודה זיין, אַז ס׳זענען פאַראַן מענטשן וואָס זייער גייסט איז געשטראָפט מיט בלינדקייט, אַנטוועדער פון געבורט אָן, אָדער צוליב פאַראורטיילן, ד. ה. דורך עפּעס אַן אויסערלעכן צופאַל. וואָרים זיי שפירן נישט אַפילו זיך אַליין: ווען זיי אַפירמירן עפּעס־וואָס אָדער זענען וועגן עפּעס־וואָס אין ספק, ווייסן זיי נישט צי זיי האָבן אַפירמירט אָדער געווען אין ספק: זיי זאָגן, אַז זיי ווייסן גאָרנישט; און אָט טאַקע דאָס אַליין — וואָס זיי ווייסן גאָרנישט — זאָגן זיי, אַז זיי ווייסן נישט, און אַפילו אָט דאָס קאָנען זיי אויך נישט זאָגן מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט, וואָרים כל זמן זיי ווייסן גאָרנישט האָבן זיי אויך מורא צוצוגעבן אַז זיי עקסיסטירן, אַזוי אַז זיי מוזן סוף כל סוף אינגאַנצן שווייגן, כדי על פּי צופאַל זיך דאָך נישט אַרויסכאַפּן מיט וואָס ס׳איז, וואָס האָט אין זיך עפּעס אַן אָנבליק פון אמת. 48. מ׳קאָן מיט זיי לסוף נישט רעדן וועגן וויסנשאַפטן; אויף וויפיל אָבער ס׳איז נוגע דער פּראַקטיק פון לעבן און געזעלשאַפט ווערן זיי על פּי נויט געצוואונגען צו אָננעמען אַז זיי עקסיסטירן, צו זוכן דאָס וואָס איז פאַר זיי ניצלעך, און צו אַפירמירן אָדער צו פאַרלייקענען אַ סך זאַכן אונטער אַ שבועה. ווען מ׳באַווייזט זיי עפּעס־וואָס,

ווייסן זיי נישט צי די אַרגומענטאַציע איז ריכטיק באַגרינדעט אָדער פעלער־האַפטיק. ווען זיי פאַרלייקענען, זענען מסכים, אָדער זענען קעגנעריש, ווייסן זיי נישט צי זיי פאַרלייקענען, זענען מסכים, אָדער זענען קעגנעריש; און מען מוז זיי דעריבער באַטראַכטן ווי אויטאָמאַטן, וואָס זענען אינגאַנצן פאַרלאָזט פונעם גייסט.

49. מיר ווילן איצט רעזומירן אונדזער ענין. מיר האָבן פאַר זיך געהאַט ביז אַהער: ערשטנס, דעם ענד־ציל צו וועלכן מיר שטרעבן צו דירעקטירן אַלע אונדזערע געדאַנקען. צווייטנס, האָבן מיר דערקענט וועלכער אופן פון פערצעפּציע ס'איז דער בעסטער, מיט וועמענס הילף מיר קאָנען דערגרייכן אונדזער פולקומקייט. דריטנס, האָבן מיר דערקענט וואָס ס'דאַרף זיין דער ריכטיקער וועג אויף וועלכן דער גייסט דאַרף זיך האַלטן כדי צו מאַכן אַ גוטן אָנהייב — וואָס עס מיינט, אַז ער דאַרף האַנדלען און פאָרשטן לויט באַשטימטע כללים אין הסכם מיט דער נאָרמע פון אַ וועלכער ס'איז עקסיסטירנדיקער אמתער אידעע. כדי דאָס זאָל געהעריק אָדורכגעפירט ווערן, איז אָט דאָס די אויפגאַבע פון דער מעטאָדע: ערשטנס, אָפּצושיידן אַן אמתע אידעע פון אַלע אַנדערע פערצעפּציעס, און אויסהיטן דעם גייסט פון אָט די פערצעפּציעס; צווייטנס, אויסלייגן אַזוינע כללים דורך וועלכע אומדערקענטע זאַכן זאָלן קאָנען באַגריפן ווערן אין הסכם מיט אָט דער נאָרמע; דריטנס, איינשטעלן אַזאַ סדר, אַז מיר זאָלן נישט אויסגעמאַטערט ווערן פון אומניצלעכע זאַכן. נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט אָט דער מעטאָדע, האָבן מיר געזען; פערטנס, אַז נאָר דעמאָלט וועט זי זיין די פולקומסטע, ווען מיר וועלן באַזיצן די אידעע פון דעם סאַמע פולקומסטן וועזן. דעריבער דאַרף באַלד ביים אָנהייב זיין אונדזער הויפּט־זאָרג, אַזוי גיך ווי נאָר מעגלעך צוצוקומען צו דער דערקענטעניש פון אָט אַזאַ וועזן.

## VIII. ערשטער טייל פון דער מעטאָדע. וועגן פיקטיווע אידעען.

50. לאָמיר, בכן, אָנהייבן מיט דעם ערשטן טייל פון דער מעטאָדע, וואָס דאַרף, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, אָפּשיידן און אָפּזונדערן די אמתע אידעע פון אַנדערע פערצעפּציעס, און צוריקהאַלטן דעם גייסט פון צונויפמישן פאַלשע, פיקטיווע און צווייפלהאַפטיקע אידעען מיט אמתע. ס'איז מיין באַגער דאָ צו דערקלערן די זאַך אַזוי אויספירלעך ווי מעגלעך, כדי אויפצוהאַלטן דעם לייענער ביי דער באַטראַכטונג פון אַן ענין וואָס איז אַזוי וויכטיק, און אויך איבער דעם, וואָס ס'זענען פאַראַן אַ סך מענטשן וואָס זענען אין ספק אַפילו וועגן דעם אמת אַליין, מחמת דעם וואָס זיי

האָבן נישט אַכטונג געגעבן אויף דעם חילוק צווישן אַן אמתער פּערצעפּציע און אַלע אַנדערע. זיי זענען דעריבער געגליכן צו מענטשן, וואָס בעת זיי זענען וואַכנדיק, איז ביי זיי קיין שום ספק נישטאָ אַז זיי זענען וואַכנדיק, ווען ס'האָט זיך זיי אָבער אַמאָל אין חלום אויסגעדאַכט, ווי ס'טרעפֿט אָפֿט, אַז זיי זענען זיכער וואַכנדיק. און שפּעטער אויסגעפֿונען, אַז דאָס איז געווען אַ טעות, זענען זיי שוין דערנאָך בכלל אין ספק אויך וועגן זייערע וואַכנדיקע מאָמענטן. אָט דאָס קומט דערפֿון, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געוואוסט דעם חילוק צווישן שלאָפֿן און זיין וואַכנדיק.

51. בעת מעשה וואָרן איך, אַז איך וועל דאָ נישט דערקלערן דעם תמצית פֿון יעדער באַזונדער פּערצעפּציע, ווי אויך נישט אָט די פּערצעפּציע, דורך איר נאָנטסטער סבה, וואָרים דאָס געהערט צו דער פֿילאָסאָפֿיע. דאָ וועל איך בלויז אויסלייגן דאָס, וואָס ס'פֿאָדערט די מעטאָדע — ד. ה., דאָס וואָס איז נוגע די פֿיקטיווע, פֿאַלשע און צווייפֿלהאַפֿטיקע פּערצעפּציעס, און דעם אופֿן לויט וועלכן מיר קאָנען זיך פֿון זיי באַפֿרייען. אונדזער ערשטע אויספֿאָרשונג וועט דעריבער זיין וועגן דער פֿיקטיווער אידעע.

52. אַזוי ווי יעדע פּערצעפּציע איז אַנטוועדער פֿון אַן אָביעקט וואָס ווערט באַטראַכט ווי אַן עקסיסטירנדיקער, אָדער פֿון זיין תמצית בלויז, און פֿיקציעס קומען זייער אָפֿט פֿאָר ביי אָביעקטן וואָס ווערן באַטראַכט ווי עקסיסטירנדיקע, וועל איך צום אָנהייב דעריבער רעדן וועגן דעם, ד. ה. וועגן דעם פֿאַל אין וועלכן די עקסיסטענץ בלויז איז פֿיקטיוו, בעת די זאַך וואָס ווערט דאַדורך פֿיקטיוו, איז פֿאַרשטאַנען געוואָרן, אָדער מ'נעמט אָן אַז מ'האָט זי פֿאַרשטאַנען. למשל, איך טראַכט מיר אויס, אַז פּעטער, וועמען איך קען, גייט אַהיים, אָדער איז מיך געקומען זען, א. ד. ג.*). נו, פֿרעג איך דאָ, אויף וואָס באַציט זיך אָט די אידעע? זע איך, אַז זי באַציט זיך אויף מעגלעכע זאַכן בלויז, אָבער נישט אויף נויטווענדיקע אָדער אוממעגלעכע. 53. אוממעגלעך רוף איך אַ זאַך, וואָס איר נאַטור אַנטהאַלט אַ קאָנטראַדיקציע (סתירה) צו איר עקסיסטענץ, נויטווענדיק — ווען איר נאַטור אַנטהאַלט אַ קאָנטראַדיקציע צו איר נישט־עקסיסטענץ, און מעגלעך — ווען איר עקסיסטענץ אַנטהאַלט נישט, על פּי איר נאַטור נאָך, קיין שום קאָנטראַדיקציע צו איר עקסיסטענץ אָדער צו איר נישט־

*) זע ווייטער־צו, וואָס מיר זאָגן בנוגע היפּאָטעזן, וואָס ווערן פֿון אונדז קלאָר פֿאַרשטאַנען. די פֿיקציע אָבער באַשטייט אין דער באַשטימונג פֿון עקסיסטענץ פֿאַר אַט די היפּאָטעזן אין די הימלישע קערפּערס.

עקסיסטענץ, נאָר די נויטווענדיקייט אָדער אוממעגלעכקייט פון איר עקסיסטענץ הענגט אָפּ אין סבות וואָס זענען אונדז אומבאוואוסט, בעת מיר שאַפן זיך אַ פיקציע פון איר עקסיסטענץ. דעריבער, ווען ס'וואָלט פאַר אונדז באַוואוסט געווען איר נויטווענדיקייט אָדער אוממעגלעכקייט, וואָס זענען אָפּהענגיק פון דרויסנלעכע סבות, וואָלטן מיר שוין בנוגע איר נישט געקאָנט זיך שאַפן קיין שום פיקציע. 54. דערפון איז געדרונגען, אַז אויב ס'עקסיסטירט אַ וועלכער ס'איז גאָט, אָדער אַ וועלכס ס'איז אַלצוויסנדיק וועזן, איז עס אויסגעשלאָסן, אַז עס זאָל בנוגע זיך האָבן אַ וועלכע ס'איז פיקציע. וואָרים וואָס ס'איז שייך אונדז, איז נאָכדעם ווי איך ווייס, אַז איך עקסיסטיר, קאָן איך מיר שוין נישט שאַפן קיין פיקציע וועגן דעם צי איך עקסיסטיר יאָ אָדער נישט *), איך קאָן מיר אויך נישט שאַפן קיין פיקציע, אַז אַ העלפאַנט זאָל קאָנען אַדורכגיין דורכן לעכל פון אַ נאָדל, און נאָכדעם ווי איך האָב דערקענט די נאַטור פון גאָט, קאָן איך מיר שוין מער נישט שאַפן קיין פיקציע וועגן דעם צי ער עקסיסטירט יאָ אָדער נישט **). דאָסזעלביקע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן דער כימערע, וועמענס נאַטור אַנטהאַלט אַ קאָנטראַדיקציע צו דער עקסיסטענץ. דערפון ווערט שוין קלאָר דאָס וואָס כ'האָב געזאָגט, אַז דאָס שאַפן זיך אַ פיקציע, פון וועלכער מיר רעדן דאָ, האָט גאָרנישט צו טון מיט אייביקע אמתן ***).

*) וואָרים אויב די זאַך איז נאָר פאַרשטאַנען געוואָרן, האָט זי זיך מאַניפעסטירט, און מיר האָרפן שוין דעריבער נישט מער ווי בלויז אַ ביישפיל, אָן אַ וועלכער ס'איז אַנדער דעמאָנסטרירונג. דאָסזעלביקע איז אויך ריכטיק וועגן איר קעגנזאַץ, וואָרים כדי זי זאָל זיך אַנטפּלעקן ווי אַ פאַלטשע, איז בלויז נייטיק זי צו עקזאַמענירן, ווי מיר וועלן עס דאָ באַלד ווייזן, ווען מיר וועלן רעדן וועגן פיקציעס און זייער שייכות צום תמצית.

**) ס'דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז כאָטש אַ סך זאָגן דאָס זיי זענען אין ספק מכח דער עקסיסטענץ פון גאָט, האָבן זיי אָבער דעמאָלט פאַר זיך קיין שום אַנדער זאַך נישט ווי אַ בלויזן נאָמען, אָדער, זיי שאַפן זיך אַ פיקציע פון עפּעס, וואָס זיי רופן אָן גאָט. אַז דאָס שטימט נישט מיט דער נאַטור פון גאָט, וועל איך שפּעטער ווייזן אויפן געהעריקן אָרט.

***) איך וועל באַלד ווייזן, אַז בנוגע אייביקע אמתן קען מען זיך נישט שאַפן קיין פיקציעס. אונטער אַן אייביקן אמת, פאַרשטיי איך אַזאַ מין אמת, וואָס ווען ער איז אַפירמאַטיוו קאָן ער שוין מער קיינמאָל נישט ווערן נעגאַטיוו. אַזוי איז עס אַן ערשטער און אייביקער אמת, אַז גאָט איז, ס'איז אָבער נישט קיין אייביקער אמת, אַז אדם דענקט. אַז ס'איז נישטאָ קיין כימערע איז אַן אייביקער אמת, אָבער ס'איז נישט קיין אייביקער אמת, אַז אדם דענקט נישט.

55. אָבער איידער איך גיי ווייטער, וויל איך דאָ אָנגעבן אָרחא באַמערקן, אַז דערזעלביקער אונטערשיד וואָס איז פאַראַן צווישן דעם תמצית פון איין זאַך און דעם תמצית פון אַן אַנדער זאַך, איז אָט אַזאַ אונטערשיד אויך פאַראַן צווישן דער אַקטואַליטעט אָדער עקסיסטענץ פון איין זאַך און דער אַקטואַליטעט און עקסיסטענץ פון דער אַנדערער זאַך. אויב ס׳זאָל זיך אונדז, בכן, פאַרגלוסטן אויפצופאַסן די עקסיסטענץ — לאָמיר זאָגן פון אדמען — דורך אַלגעמיינער עקסיסטענץ בלויז, וואָלט עס געווען דאָסזעלביקע, ווי אַז כדי אויפצופאַסן זיין תמצית, זאָלן מיר זיך בכלל ווענדן צו דער נאַטור פון דעם זיין, כדי צו דעפינירן אדמען ווי דאָס זיין (ens). דעריבער, וואָס אַלגעמיינער עקסיסטענץ ווערט אויפגעפאַסט, אַלץ מערער ווערט זי אויפגעפאַסט מטושטשדיק, און אַלץ גרינגער קאָן זי צוגעשריבן ווערן צו אַ יעדער זאַך; און פאַרקערט, וואָס מער באַזונדער זי ווערט אויפגעפאַסט, אַלץ קלערער ווערט זי פאַרשטאַנען, און ס׳איז אַלץ שווערער זי צוצושרייבן צו אַ יעדער אַנדער זאַך אַ חוץ צו זיך אַליין, סיידן ווען מיר גיבן נישט אַכטונג אויף דעם סדר פון דער נאַטור. אָט דאָס פאַרדינט באַטראַכט צו ווערן.

56. מיר דאַרפן נאָך איצט באַטראַכטן יענע זאַכן אויף וועלכע מ׳זאָגט געוויינטלעך אַז זיי זענען פיקטיווע, אַפילו דעמאָלט ווען מיר פאַרשטייען בפירוש, אַז די זאַך איז נישט אַזוי ווי מיר שטעלן זיך זי פאָר צו זיין. למשל, כאָטש איך ווייס, אַז די ערד איז קיילעכדיק, קאָן מיר קיין זאַך נישט פאַרווערן צו זאָגן עמעצן, אַז זי איז האַלב־קיילעכדיק, ווי אַ האַלבער אָראַנזש אויף אַ טעלער, אָדער אַז די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, און נאָך אַזוינע זאַכן פון זעלביקן מין. ווען מיר זאָלן זיך דערינען אַריינטראַכטן, וועלן מיר גאָרנישט זען אַזוינס, וואָס זאָל נישט זיין אין הסכם דערמיט וואָס מיר האָבן שוין פריער געזאָגט. מיר מוזען אָבער דערביי געדענקען, אַז מיר האָבן דאָך אַמאָל געקאָנט מאַכן טעותן און איצט דערקענט אונדזערע טעותן, און ווייטער קאָנען מיר דאָך פיקטיוו צושרייבן אָדער לכל הפּחות אָננעמען, אַז אויך אַנדערע מענטשן זענען אין דעמזעלביקן טעות, אָדער קאָנען אין אים אַריינפאַלן, פונקט ווי מיר אַליין פריער. אָט אַזוינע פיקציעס, זאָג איך, קאָנען מיר זיך שאַפן, כל זמן מיר זעען נישט קיין שום אוממעגלעכקייט; ווען איך זאָל, בכן, עמעצן זאָגן, אַז די ערד איז נישט קיילעכדיק, א. ד. גל., טו איך דערמיט קיין שום אַנדער זאַך נישט ווי נאָר דאָס בלויזע אַרויסרופן אין זכרון אַ פריערדיקן טעות, וואָס כ׳פלעג מאַכן, אָדער אין וועלכן כ׳בין געווען גענייגט אַריינצופאַלן, און

דערנאָכדעם שאַף איך מיר אַ פיקציע, אָדער כ'נעם אָן, אַז יענער, וועמען איך זאָג דאָס, מאַכט נאָך אַלץ ביז איצט דעמזעלביקן טעות, אָדער קאָן נאָך אין אים אַריינפאַלן. אַט אַזוינע פיקציעס, ווי כ'האָב געזאָגט, שאַף איך מיר, כל זמן איך זע נישט קיין שום אוממעגלעכקייט אָדער קיין שום נויטווענדיקייט. וואָלט איך אָבער בפירוש פאַרשטאַנען, אַז ס'איז דאָ אַ וועלכע ס'איז אוממעגלעכקייט אָדער נויטווענדיקייט, וואָלט איך נישט געקאָנט שאַפן קיין שום פיקציע, און דאָס איינציקע וואָס כ'וואָלט געקאָנט זאָגן איז דאָס, אַז כ'האָב עפּעס־וואָס געטון.

57. ס'בלייבט אונדז נאָך צו פאַרצייכענען יענע השערות וואָס ווערן אַרויסגעברענגט אין פּראָבלעמען, און וואָס באַרירן טיילמאָל אויך אומ־מעגלעכקייטן. למשל, ווען מיר זאָגן: לאָמיר אָננעמען, אַז אַט דאָס ליכט וואָס ברענט איצט, ברענט גאָר נישט, אָדער: לאָמיר אָננעמען, אַז עס ברענט אין אַ וואַסער ס'איז אימאַגינירטן חלל, אָדער וואו ס'עקסיסטירן נישט קיין שום קערפּערס. אַט אַזוינע השערות ווערן אָפט געמאַכט, כאָטש אַט דער לעצטער פאַל ווערט בפירוש פאַרשטאַנען ווי אַן אוממעגלעכקייט. דאָך, ווערן פון אַזוינע השערות נישט געשאַפן קיין שום פיקציעס. וואָרים אין ערשטן פאַל האָב איך נישט געטון קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר דאָס בלויזע אַרויסרופן אין זכרון אַן אַנדער ליכט וואָס ברענט נישט*) (אָדער זיך פאַרגעשטעלט אַז אַט דאָס ליכט איז אָן אַ פלאַם), און דאָס וואָס איך טראַכט וועגן דעם צווייטן ליכט, שרייב איך צו צו דעם ליכט וואָס איז פאַר מיר, כל זמן כ'נעם נישט אין אַכט דעם פלאַם. אין צווייטן פאַל, טו איך גאָרנישט, נאָר אַבסטראַהיר אַזוי מיינע געדאַנקען

*) שפּעטער, ווען מיר וועלן רעדן וועגן פיקציעס און זייער שייכות צו דעם תמצית, וועט דעמאָלט קלאָר ווערן, אַז נישט די פיקציע שאַפט עפּעס, און נישט זי באַט אָן עפּעס נייס פאַרן גייסט, נאָר יענע זאַכן, וואָס זענען שוין פאַראַן אין מוח אָדער אין דער אימאַגינאַציע. ווערן ווידער אַרויסגערופן אין זכרון, און דער גייסט פאַרנעמט זיך גלייכצייטיק מיט אַלע צוזאַמען אויף אַ מטושטשן אופן. למשל, ווען רעדן און אַ בוים ווערן אַרויסגערופן אין זכרון, און דער גייסט פאַרנעמט זיך גלייכצייטיק מיט ביידע אויף אַ מטושטשן אופן, נישט אָפּשיידנדיק איינס פון דאָס אַנדערע, מיינט מען דעמאָלט אַז אַ בוים רעדט. דאָסזעלביקע דאַרף אויך פאַרשטאַנען ווערן וועגן דער עקסיסטענץ, בפרט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, ווען זי ווערט אויפגעפאַסט אַזוי אַלגעמיין ווי דאָס זיין, וואָרים דעמאָלט ווערט זי גאַנץ גרינג אָנגעווענדט אויף אַלע זאַכן, וואָס שווימען גלייכצייטיק אַרויף אין זכרון. אָט דאָס פאַרדינט אַ גאַנץ באַזונדערע באַטראַכטונג.

פון די אַרומרינגלענדיקע קערפּערס, אַז דער גייסט זאָל אינגאַנצן זיין פאַרנומען בלויז מיט דער קאָנטעמפּלאַציע וועגן אָט דעם ליכט, באַטראַכט אין זיך אַליין. אויף אָט דעם וועג קאָן איך דערנאָכדעם קומען צום אויספיר, אַז דאָס ליכט האָט אין זיך נישט קיין שום סבה פאַר דער אייגענער צעשטערונג, און אַז ווען ס׳וואָלטן נישט געווען קיין שום אַרומרינגלענדיקע קערפּערס, וואָלטן אי דאָס ליכט און אי דער פלאַם געבליבן אומפאַרענדערט. און אַזוי איז עס מיט נאָך אַזוינע השערות. ס׳איז דעריבער דאָ נישט קיין שום פיקציעס, נאָר אמתע און קלאָרע פעסטשטעלונגען *).

58. מיר וועלן זיך איצט אומקערן צו די פיקציעס, וואָס האָבן צו טון מיט דעם תמצית אַליין, אָדער מיט אַ וועלכער ס׳איז אַקטואַליטעט אָדער עקסיסטענץ. דער עיקר, וואָס דאַרף בנוגע זיי גענומען ווערן אין באַטראַכט איז, אַז וואָס ווייניקער דער גייסט פאַרשטייט, מעג ער אַפילו באַגרייפן אַ סך זאַכן, אַלץ גרעסער איז זיין כח צו שאַפן פיקציעס; און וואָס מערער ער פאַרשטייט, אַלץ מערער ווערט זיך אָט דער כח פאַרמינערן. למשל, אויפן זעלביקן אופן ווי מיר האָבן עס דאָ פריער געזען, אַז כל זמן מיר דענקען קאָנען מיר נישט האָבן קיין פיקציע וועגן דעם צי מיר דענקען אָדער מיר דענקען נישט, אַזוי אויך, נאָכדעם ווי מיר האָבן דערקענט די נאַטור פונעם קערפּער, קאָנען מיר מער נישט האָבן קיין פיקציע פון אַן אומענדלעכער פליג; אָדער נאָכדעם ווי מיר האָבן דערקענט די נאַטור פון דעם גייסט **) קאָנען מיר מער נישט האָבן קיין פיקציע, אַז ער איז פּירקאַנטיק, כאָטש מיט ווערטער קאָנען מיר אַלצדינג זאָגן. אָבער, ווי מיר

*) אָט דאָס איז אויך אמת בנוגע היפּאָטעזן, וואָס ווערן פאָרמירט כדי צו דערקלערן באַשטימטע באַוועגונגען, וואָס זענען אין הסכם מיט דערשיינונגען אין הימלעשן קערפּער, בתנאי אָבער, אַז בעת זייער אָנווענדונג צו דעם הימלעשן קערפּער, זאָלן מיר נישט מאַכן קיין שום אויספיר בנוגע דער נאַטור פון די הימלען, וואָס קאָן זיך זיין אַ גאַנץ אַנדערע, בפרט נאָך ווען אַ סך אַנדערע סבות קאָנען אויפגעפּאַסט ווערן פאַר דער דערקלערונג פון אַזוינע באַוועגונגען.

**) ס׳טרעפט אָפט, אַז ווען אַ מענטש רופט אַרויס אין זיין זכרון דאָס וואָרט „גייסט" פאָרמירט ער זיך אין דערזעלביקער צייט אַ קערפּערלעך בילד. אַזוי ווי ביידע רעפּרעזענטירן זיך מיטאַמאָל, איז פאַר אים דעריבער גרינג צו גלייבן, אַז ער האָט אַ פאַרשטעלונג און אַ פיקציע פון אַ קערפּערלעכן גייסט, מחמת ער שיידט נישט אָפּ דעם נאָמען פון דער זאַך אַליין. דאָ וויל איך בעטן די לייענער נישט צו זיין איבערגעאיילט מיך אָפּצופּרעגן. איך האָף, אַז זיי וועלן עס נישט טון, ווען זיי וועלן אויף וויפיל ס׳איז נאָר מעגלעך אַכטונג געבן אויף די ביישפּילן און אויף דעם וואָס ס׳ווערט פון זיי אַרויסגעדרונגען.

האָבן געזאָגט, וואָס ווינציקער די מענטשן קענען די נאַטור, אַלץ גרינגער איז פֿאַר זיי זיך צו שאַפֿן פּיקציעס פֿון אַ סך זאַכן, ווי למשל, אַז ביימער רעדן, אַז מענטשן קאָנען אין אַ רגע זיך פֿאַרוואַנדלען אין שטיינער, אין קוואַלן, אַז אין שפּיגלען זעט מען גייסטער, אַז פֿון גאָרנישט קאָן ווערן עפּעס, און אַז געטער פֿאַרוואַנדלען זיך אין חיות און אין מענטשן, און אַן אומענדלעכע צאָל אַנדערע זאַכן פֿונעם זעלביקן מין.

59. טאָמער וועט עמעץ מיינען, אַז אַ פּיקציע ווערט פֿון אַ פּיקציע באַגרענעצט און נישט פֿונעם אינטעלעקט, ד. ה., נאָכדעם ווי כ'האָב עפּעס אויסגעטראַכט און בין אייגנוויליק איינגעגאַנגען דאַרויף, אַז די זאַך עקסיסטירט טאַקע באמת אָט אַזוי, וועל איך זי שוין דערנאָכדעם נישט אימשטאַנד זיין אויפֿצופֿאַסן אויף אַ וועלכן ס'איז אַנדער אופֿן. למשל, נאָכדעם ווי כ'האָב אויסגעטראַכט (צו באַנוצן זיך מיט זייער אייגן לשון), אַז די נאַטור פֿונעם קערפּער איז אָט אַזאַ, און נאָכדעם ווי כ'בין אייגנוויליק איינגעגאַנגען דערויף, אַז ער עקסיסטירט טאַקע אָט אַזוי אין דער רעאַליטעט, וועט שוין פֿאַר מיר אוממעגלעך זיין צו האָבן אַ פּיקציע פֿון אַן אומענדלעכער פֿליג; און אַז נאָכדעם ווי איך האָב מיר געשאַפֿן אַ פּיקציע פֿונעם תמצית פֿון דעם גייסט, קאָן איך מיר שוין מער נישט פֿאַרשטעלן, אַז ער איז פֿירקאַנטיק, א. אַז. וו. 60. אָט דאָס דאַרפֿן מיר דאָ עקזאַמענירן. קודם כל, איז אַנטוועדער זיי פֿאַרלייקענען אָדער גיבן צו, אַז מיר קאָנען בכלל עפּעסוואָס פֿאַרשטיין. וואָרים ממה נפשך, גיבן זיי עס צו, מוזן זיי דעמאָלט דאָס וואָס זיי זאָגן וועגן דער פּיקציע נייטיקערווייז אויך זאָגן וועגן דעם אינטעלעקטואַליזירן, פֿאַרלייקענען זיי עס אָבער, טו זאָלן מיר, די וואָס ווייסן, אַז מיר ווייסן עפּעס, זען וואָס אייגנטלעך זאָגן זיי. זיי זאָגן אייגנטלעך אָט דאָס, — אַז דער גייסט קאָן שפּירן און באַגרייפֿן אויף אַ סך אופֿנים, נישט זיך אַליין, און נישט זאַכן וואָס עקסיסטירן, נאָר בלויז אַזוינע וואָס עקסיסטירן נישט אין זיך אַליין און אין ערגעץ-נישט, ד. ה., אַז דער גייסט קאָן מיט דעם אייגענעם כח באַשאַפֿן שפּירונגען אָדער אידעען, וואָס געהערן נישט צו קיין שום זאַכן, אַזוי אַז זיי באַטראַכטן אים טיילווייז ווי גאָט. ווייטער זאָגן זיי, אַז מיר אָדער אונדזער גייסט האָט אַזאַ פֿרייהייט וואָס קאָן אונדז קאָנטראָלירן, אָדער זיך אַליין, און אַפֿילו די אייגענע פֿרייהייט. וואָרים נאָכדעם ווי דער גייסט האָט זיך געשאַפֿן אַ פּיקציע פֿון עפּעס-וואָס, און אויף איר געגעבן זיין צושטימונג, קאָן ער שוין נישט מער דענקען אָדער זיך פּיקטיוו פֿאַרשטעלן יענע זאַך אויף אַ וואָסער ס'איז אַנדער אופֿן, און ווערט פֿון אָט דער פּיקציע געצוואונגען,

אפילו וועגן אַנדערע זאַכן, צו דענקען אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן צו איר נישט זיין קיין קאָנטראַדיקציע. אַט אַזוי אַרום ווערן זיי, צוליב זייערע פיקציעס, געצוואונגען אָנצונעמען די אַלע אַבסורדן וואָס ווערן דאָ איצט דערמאָנט, און וועלכע מיר וועלן זיך נישט נעמען די מי זיי אָפּ־צעוואַרפן דורך וועלכע ס'איז באַווייזן *).

61. מיר וועלן זיי איבערלאָזן אין זייערע דעלוזיעס, און מיר וועלן זיך באַמיען אַרויסצוקריגן פון דעם וויכוח וואָס מיר האָבן מיט זיי געפירט, דאָס ביסל אמת וואָס קאָן אונדז נוצן פאַר אונדזער צוועק — דהיינו, אַז ווען דער גייסט ווענדט זיין אויפמערקזאַמקייט אויף עפּעס אַ פיקטיווער זאַך, און דערצו נאָך אַ פאַלטשער לויט איר נאַטור, כדי זי צו באַטראַכטן און אויך צו פאַרשטיין, און פון איר אויף אַ געהעריקן סדר אַרויסצודרינגען יענע אויספירן וואָס דאַרפן אַרויסגעדרונגען ווערן, וועט ער איר פאַלטשקייט גאַר גרינג אַנטפּלעקן; אויב אָבער די פיקטיווע זאַך איז לויט איר נאַטור אַן אמתע, איז ווען דער גייסט ווענדט אויף איר זיין אויפמערקזאַמקייט, כדי זי צו פאַרשטיין, און הייבט אָן אויף אַ געהעריקן סדר אַרויסצודרינגען יענע אויספירן וואָס דאַרפן פון איר אַרויסגעדרונגען ווערן, וועט ער דעמאָלט אָוואַנסירן גליקלעך אָן שום אונטערברעכונג, אַזוי מיר האָבן עס געזען, ווי דער אינטעלעקט איז פון דער פאַלטשער פיקציע, וואָס איז דאָ פריער ציטירט געוואָרן, תיכּף איבערגעגאַנגען אויפצואווייזן איר אַבסורדישקייט, ווי אויך אַנדערע וואָס ווערן פון איר אַרויסגעדרונגען.

62. ס'איז דעריבער נישטאָ קיין שום סבה מורא צו האָבן, אַז מיר וועלן האָבן צו טון מיט פיקציעס, ווען מיר וועלן נאָר קלאָר און דייטלעך באַגרייפן דעם אָביעקט, וואָרים אויב מיר זאָלן על פּי צופאַל זאָגן, אַז מענטשן קאָנען אין אַ רגע זיך פאַרוואַנדלען אין חיות, איז דאָס געזאָגט גאַנץ אַלגעמיין, אַזוי אַז ס'וועט אין גייסט נישט בלייבן קיין שום קאָנצעפּט,

*) כאָטש ס'קאָן נאָך דאָ אויסזען, אַז איך מאַך מיין אויספיר פון דער־פאַרונג, און ס'קאָן נאָך עמעץ זאָגן, אַז ער איז גאָרנישט ווערט, מחמת ס'פעלט אַ באַווייז, איז פאַר יענע וואָס פאַרלאַנגען דאָס, קאָן ער טאַקע אָט דאָ באַוויזן ווערן. אַזוי ווי אין דער נאַטור קאָן נישט זיין עפּעס־וואָס, וואָס איז אין קעגנ־זאַץ צו אירע געזעצן, און אַזוי ווי אַלצדינג וואָס געשעט איז אין הסכם מיט אירע באַשטימטע געזעצן, און אַז אָט די געזעצן פּראָדוצירן אויף אַן אומ־באַשטרייטבאַרן סדר זייערע אייגענע באַשטימטע עפעקטן, איז דערפון געדרונגען, אַז ווען דער גייסט באַנעמט באמת עפּעס־וואָס, גייט ער אָביעקטיוו איבער צו דער פאָרמירונג פון די זעלביקע עפעקטן. זע ווייטער־צו. וואו איך רעד וועגן דער פאַלטשער אידעע.

ד. ה. קיין שום אידעע אָדער פאַרבינדונג, צווישן סוביעקט און פּרעדיקאַט. וואָרים אויב אַזוינס וואָלט יאָ געווען, וואָלט דאָך דער גייסט תיכּף געזען אויך די מיטלען און סבּות דורך וועלכע אַזאַ זאַך קאָן געשעען. אַ חוץ דעם האָט מען נישט אַכטונג געגעבן אויף דער נאַטור פונעם סוביעקט און פּרעדיקאַט. 63. אויב אָבער די ערשטע אידעע וועט נישט זיין קיין פיקטיווע, און אַלע איבריקע אידעען וועלן פון איר אַרויסגעדרונגען ווערן, וועט דעמאָלט די איילעניש נאָך פיקציעס פאַרשווינדן שטאַפּלווייז. ווידער, אַזוי ווי אַ פיקטיווע אידעע קאָן דאָך נישט זיין קיין קלאָרע און דייטלעכע, נאָר נישט אַנדערש ווי מטושטש, און יעדע מטושטשדיקייט אַנטשטייט דאָך דערפון, וואָס דעם גייסט איז באַוואוסט בלויז איינצלנע טיילן פון אַ גאַנצער זאַך, אָדער פון אַזוינער וואָס איז צונויפגעזעצט פון אַ סך זאַכן, נישט אָפּשיידנדיק דאָס באַוואוסטע פונעם אומבאַוואוסטן, און אויך מחמת דעם, וואָס ער באַטראַכט מיטאַמאָל, נישט פונאַנדערשיידנדיק זיי, אָט די אַלע זאַכן וואָס אַנטהאַלטן זיך אין יעדן אָביעקט, איז דערפון געדרונגען: ערשטנס, אַז אַן אידעע פון אַ וועלכן ס'איז איינפאַכן אָביעקט, קאָן נישט זיין אַנדערש, ווי נאָר קלאָר און דייטלעך. וואָרים אַזאַ זאַך קאָן דאָך נישט דערקענט ווערן פון איין טייל: זי מוז אַנטוועדער אינגאַנצן דערקענט ווערן אָדער אינגאַנצן נישט. 64. צווייטנס, איז דער־פון געדרונגען, אַז ווען אַ זאַך וואָס איז צונויפגעזעצט פון אַ סך טיילן, זאָל אין געדאַנק פונאַנדערגעטיילט ווערן אויף אירע איינפאַכסטע טיילן, און יעדער טייל זאָל באַזונדער באַטראַכט ווערן, וועט דעמאָלט יעדע מטושטשדיקייט פאַרשוואונדן. דערפון איז געדרונגען: דריטנס, אַז אַ פיקציע קאָן נישט זיין איינפאַך, נאָר זי אַנטשטייט פון אַ צונויפזעצונג פון פאַרשידנערליי מטושטשע אידעען, וואָס געהערן צו פאַרשידנערליי זאַכן און אַפּערירונגען וואָס עקסיסטירן אין דער נאַטור: אָדער בעסער געזאָגט, דורך דעם, וואָס די אויפמערקזאַמקייט ווערט געווענדט גלייכצייטיק צו פאַרשידנערליי אידעען נישט געבנדיק זיי אונדזער צושטימונג*). ווען

---

*) נ. ב. אַ פיקציע, באַטראַכט אין זיך אַליין, איז נישט קיין סך אַנדערש פון אַ חלום, אַ חוץ, וואָס אין חלומות זעען זיך נישט די סבּות, וואָס פּרעזענטירן זיך, מיט דער הילף פון די חושים, צו וואַכנדיקע מענטשן, דורך וועלכע זיי קומען צום אויספיר, אַז די דערשייבונגען זענען אין יענער צייט [אין חלום] נישט געווען קיין רעפּרעזענטאַציעס פון זאַכן וואָס עקסיסטירן מחוץ פון זיי. אַ טעות איז אָבער, ווי ס'וועט זיך דאָ באַלד אַרויסווייזן, דאָס חלומען אויף דער וואָר, און ווען דאָס זעט זיך נאָך גאָר שטאַרק אָן, הייסט עס דעליריע.

אַ פיקטיווע אידעע וואָלט געווען אַן איינפאַכע, וואָלט זי דאָך געווען אַ קלאָרע און דייטלעכע און במילא אַן אמתע. אויב זי וואָלט אַנטשטאַנען פון אַ צונויפזעצונג פון דייטלעכע אידעען, וואָלט אויך אָט די צונויפ־זעצונג געווען קלאָר און דייטלעך, און דעריבער אַן אמתע. למשל, ווען מיר דערקענען די נאַטור פון אַ ראָד און אויך די נאַטור פון אַ פיר־עק, קאָנען מיר שוין זיי ביידע מער נישט צונויפבינדן און פון זיי מאַכן אַ פיר־עקיג ראָד, אָדער אַ פיר־עקיגן גייסט, א. ד. גל. 65. כדי ווידער צו געבן דעם אויספיר בקיצור, לאָמיר זשע זען פאַרוואָס מיר דאַרפן גאָר קיין מורא נישט האָבן, אַז מ'זאָל אַ פיקציע פאַרבייטן מיט אמתע אידעען. וואָרים נעמענדיק די ערשטע פיקציע פון וועלכער מיר האָבן פריער גע־רעדט, ד. ה. אַ פאַל, ווען אַ זאַך ווערט קלאָר אויפגעפאַסט, האָבן מיר געזען, אַז אויף וויפיל יענע זאַך וואָס איז קלאָר אויפגעפאַסט געוואָרן, ווי אויך איר עקסיסטענץ, איז אַן אייביקער אמת אין זיך אַליין, אויף אַזוי פיל וועלן מיר וועגן איר נישט קאָנען שאַפן קיין שום פיקציע; אויב אָבער די עקסיסטענץ פון דער אויפגעפאַסטער זאַך איז נישט קיין אייביקער אמת, איז אַלץ וואָס מיר דאַרפן טון, איז זיך צו באַמיען, די עקסיסטענץ פון דער זאַך צו פאַרגלייכן מיט איר תמצית, און אין דערזעלביקער צייט אַכטונג צו געבן אויף דעם סדר פון דער נאַטור. בנוגע דעם צווייטן פאַל, וואו די פיקציע באַשטייט, ווי מיר האָבן געזאָגט, אין גלייכצייטיקער אויפמערקזאַמקייט, אָן שום צושטימונג, צו פאַרשידנערליי מטושטשע אידעען פון פאַרשידנערליי זאַכן און אָפּערירונגען, וואָס עקסיסטירן אין דער נאַטור, האָבן מיר געזען, אַז בנוגע אַ פולשטענדיק איינפאַכער זאַך קאָן מען נישט האָבן קיין שום פיקציע, נאָר זי קאָן פאַרשטאַנען ווערן, און אָט דאָס איז אויך ריכטיק בנוגע אַ צונויפגעזעצטער זאַך, אויב מיר וועלן נאָר אַכטונג געבן אויף יענע איינפאַכע טיילן פון וועלכע זי איז צונויפגעזעצט — נאָך מער, מיר קאָנען אפילו פון אָט די טיילן נישט אַרויסקריגן קיין שום פיקטיווע האַנדלונגען, וואָס זענען נישט קיין אמתע, וואָרים דעמאָלט וועלן מיר געניט זיין זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון אויף וואָס פאַר אַן אופן און פאַרוואָס דאָס האָט אַזוי פּאַסירט.

## IX. וועגן דער פאַלטשער אידעע.

66. נאָכדעם ווי דאָס איז ביז אַהער פאַרשטאַנען געוואָרן, לאָמיר איצט איבערגיין צו דער אויספאָרשונג פון דער פאַלטשער אידעע, און לאָמיר זען ווי אַזוי זי אַנטשטייט און אויף וואָס פאַר אַן אופן מיר קאָנען

זיך אויסהיטן פון פאַלטשע פערצעפּציעס. דיביידע אויספאָרשונגען וועלן איצטער, נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעפאָרשט די פיקטיווע אידעע, נישט פאַלן אויף אונדז צו שווער, וואָרים ס'איז צווישן זיי נישטאָ פאַראַן קיין שום אונטערשיד, אַ חוץ יענעם, וואָס די פאַלטשע אידעע נעמט אָן אין פאָראויס די צושטימונג צו איר רעאַליטעט, ד. ה., ווי מיר האָבן פריער באַמערקט, אַז בעת רעפּרעזענטאַציעס פּרעזענטירן זיך צו אונדז, זעען זיך דעמאָלט נישט קיין שום סבות, פון וועלכע מ'זאָל קאָנען אַרויסדרינגען, ווי אינעם פאַל מיט דער אידעע פון דער פיקציע, אַז די פאַלטשע אידעע איז נישט אַנטשטאַנען פון דרויסנדיקע זאַכן, און אַט דאָס איז כמעט דאָס זעלביקע ווי צו חלומען מיט אָפענע אויגן, אָדער אַ וואַכנדיקער. די פאַלטשע אידעע, פּונקט ווי די אידעע פון דער פיקציע, איז בכן, אַנטוועדער נוגע, אָדער — זיך בעסער אויסצודריקן — האָט אַ שייכות, צו דער עקסיסטענץ פון אַ זאַך, וואָס איר תמצית איז דערקענט, אָדער צו איר תמצית. 67. די פאַלטשע אידעע וואָס האָט אַ שייכות צו עקסיסטענץ, ווערט קאָרעגירט אויפן זעלביקן אופן ווי אַ פיקטיווע אידעע, און בנוגע דעם תמצית ווערט זי קאָרעגירט אויפן זעלבן אופן ווי אַ פיקציע. וואָרים אויב די נאַטור פון אַ דערקענטער זאַך נעמט אין פאָרויס אָן נויטווענדיקע עקסיסטענץ, איז אוממעגלעך, מיר זאָלן מאַכן אַ טעות בנוגע דער עקסיס־טענץ פון דער זאַך אַליין; אויב אָבער די עקסיסטענץ פון דער זאַך איז נישט קיין אייביקער אמת, אַזוי ווי ס'איז דאָס איר תמצית, נאָר די נויט־ווענדיקייט אָדער אוממעגלעכקייט פון איר עקסיסטענץ הענגט אָפּ פון דרויסנדלעכע סבות, וועט דעמאָלט אַלץ דאָס וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער פיקציע דאַרפן אויך אָנגעווענדט ווערן אויף אַט דעם פאַל, און אויף דעמזעלביקן אופן אויך קאָרעגירט ווערן. 68. בנוגע דער אַנדערער פאַלטשער אידעע, וואָס האָט אַ שייכות צום תמצית און אויך צו אָפּערירונגען זענען אַזוינע פערצעפּציעס נייטיקערווייז אַלעמאָל מטושטשע און צונויפ־געזעצט פון פאַרשידנערליי מטושטשע פערצעפּציעס פון אָביעקטן וואָס עקסיסטירן אין דער נאַטור, ס'איז פּונקט ווי מענטשן זאָל זיך איינרעדן אַז געטער געפינען זיך אין וועלדער, אין פאָרשטעלונגען, אין חיות, א. ד. גל., אַז ס'זענען פאַראַן קערפּערס, וואָס פון דער בלויזער צונויפזעצונג זייערער אַנשטייט אַן אינטעלעקט, אַז מתים קאָנען טראַכטן, גיין, רעדן, אַז מ'קאָן גאָט אָפּנאַרן, א. ד. גל. אידעען אָבער וואָס זענען קלאָר און דייטלעך קאָנען קיינמאָל נישט זיין קיין פאַלטשע, וואָרים אידעען פון זאַכן וואָס ווערן קלאָר און דייטלעך אויפגעפאַסט, זענען אַנטוועדער גאַנץ

איינפאַכע אַדער זענען צונויפגעזעצט פון גאַנץ איינפאַכע אידעען, ד. ה. זיי ווערן אַרויסגעדרונגען פון גאַנץ איינפאַכע אידעען. אַז אַ גאַנץ איינפאַכע אידעע קאָן נישט זיין קיין פאַלטשע קאָן איטלעכער איינזען, אָבער דעמאָלט נאָר, ווען ער ווייסט וואָס אַזוינס ס'איז דער אמת, אַדער וואָס אַזוינס ס'איז דער אינטעלעקט, און גלייכצייטיק וואָס אַזוינס ס'איז דאָס פאַלטשע.

69. וואָרים בנוגע דעם וואָס ס'שטעלט מיט זיך פאָר די פאָרם פון אמת, איז עס זיכער, אַז אַן אמתער געדאַנק שיידט זיך אָפּ פונעם פאַלטשן נישט בלויז דורך אַ דרויסנלעכן סימן, נאָר דער עיקר דורך אַן אינערלעכן; למשל, ווען אַ בוימייסטער האָט ריכטיק אויפגעפאַסט אַ וועלכע ס'איז געביידע, איז כאָטש זי האָט קיינמאָל נישט עקסיסטירט און וועט אויך קיינמאָל נישט עקסיסטירן, וועט פונדעסטוועגן זיין געדאַנק דאָך זיין אַן אמתער, און דער געדאַנק בלייבט דערזעלביקער, צי די געביידע עקסיסטירט טאַקע צי נישט. פאַרקערט ווידער, ווען עמעץ, למשל, זאָגט, אַז פעטער עקסיסטירט, נישט וויסנדיק צי ער עקסיסטירט טאַקע, וועט אָט דער געדאַנק, אויף וויפיל ער איז נוגע יענעם פאַרשוין, זיין אַ פאַלטשער, אַדער, ווען מ'וויל, קאָן מען זאָגן, נישט קיין אמתער, כאָטש פעטער עקסיסטירט אפשר באמת. אָט אַזאַ פּראָפּאָזיציע, אַז פעטער עקסיסטירט, קאָן זיין אַן אמת בלויז פאַר דעם, וואָס ווייסט זיכער, אַז פעטער עקסיסטירט. 70. דערפון איז געדרונגען, אַז אין אידעען איז פאַראַן עפּעס־אַזוינס רעאַלס, דורך וועלכן דאָס אמתע ווערט אָפּגעשיידט פונעם פאַלטשן. אָט דאָס אייגנטלעך דאַרפן מיר איצט אויספאָרשן, כדי מיר זאָלן קאָנען האָבן די בעסטע נאָרמע פון אמת (וואָרים מיר האָבן דאָך שוין פריער געזאָגט, אַז מיר מוזן דעטערמינירן אונדזערע געדאַנקען לויט דער נאָרמע פון אַן אמתער אידעע וואָס איז אונדז געגעבן, און אַז די מעטאָדע איז רעפלעקטירטע דערקענטעניש), און כדי צו וויסן די אייגנשאַפטן פונעם אינטעלעקט. מ'קאָן אויך נישט זאָגן, אַז דער אונטערשיד צווישן דער אמתער אידעע און דער פאַלטשער אַנטשטייט דערפון, וואָס דער אמתער געדאַנק קריגט די דערקענטעניש פון זאַכן פון זייערע ערשטע סבות (כאָטש אויך דערמיט שיידט זיך אַוודאי אָפּ די אמתע אידעע פון דער פאַלטשער, ווי כ'האָב עס שוין פריער דערקלערט), וואָרים אַן אמתער געדאַנק קאָן אויך הייסן אַזוינער, וואָס שליסט אין זיך אָביעקטיוו איין דעם תמצית פון אַ וועלכן ס'איז פּרינציפּ, וואָס האָט נישט קיין שום סבה, און ווערט דערקענט דורך זיך און אין זיך. 71. דעריבער מוז די פאָרם פון אַן אמתן געדאַנק ליגן אין

דעם אייגענעם געדאַנק אַליין, אָן שום שייכות צו אַנדערע געדאַנקען, זי אַנערקענט אויך נישט קיין שום אָביעקט ווי איר סבה, נאָר מוז זיך סומך זיין בלויז אויף דער אייגענער מאַכט און אויף דער נאַטור פונעם אינטעלעקט. ווארים, נעמען מיר אָן, אַז דער אינטעלעקט זאָל האָבן אויפגעפאַסט אַ וועלכן ס'איז נייעם וועזן, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט עקסיסטירט, ווי טייל שטעלן זיך פאָר דעם אינטעלעקט פון גאָט, איידער ער האָט באַשאַפן זאַכן (אַ פּערצעפּציע וואָס האָט בפירוש נישט געקאָנט אַנטשטיין פון קיין שום אָביעקט), און אויב מיר נעמען אויך אָן, אַז דער אינטעלעקט האָט פון יענער פּערצעפּציע, אויף אַ לעגיטימען אופן, אַרויסגעדרונגען אַנדערע פּערצעפּציעס, וואָלטן דעמאָלט אַט די אַלע געדאַנקען געווען אמתע און נישט דעטערמינירט פון קיין שום דרויסנלעכן אָביעקט, נאָר זיי וואָלטן זיך סומך געווען בלויז אויף דער מאַכט און דער נאַטור פונעם אינטעלעקט. דעריבער דאַרף מען דאָס וואָס ס'שטעלט מיט זיך פאָר די פאָרם פון אמתן געדאַנק טאַקע זוכן אין אַט דעם געדאַנק אַליין, און דאַרף אַרויסגעדרונגען ווערן פון דער נאַטור פונעם אינטעלעקט.

72. כדי אַט דאָס אויסצופאָרשטן, לאָמיר פאַר אונדזערע אויגן אוועקשטעלן אַ וועלכע ס'איז אמתע אידעע, וועמענס אָביעקט, מיר ווייסן מיט דער פולשטענדיקסטער זיכערקייט, הענגט אינגאַנצן אָפּ אין דער מאַכט פון אונדזער דענקען, און האָט נישט קיין שום אָביעקט אין דער נאַטור. ווארים, ווי ס'איז שוין בפירוש קלאָר דערפון וואָס ס'איז דאָ פריער געזאָגט געוואָרן, וועט אונדז אין אַט אַזאַ אידעע אַ סך גרינגער זיין אויסצופאָרשטן דאָס וואָס מיר באַגערן צו וויסן. למשל, כדי צו פאָרמירן אַ קאָנצעפּט פון אַ גלאָבוס, שאַף איך מיר מיט מיין אייגענעם ווילן אַ פיקציע פון אַ סבה, דהיינו, אַ האַלבן ראָד דרייענדיק זיך אַרום אַ צענטער, און ווי ס'וואָלט פון אַט דעם דרייען זיך אַנטשטאַנען אַ גלאָבוס. אַט די אמתע אידעע איז זיכער קלאָר, און כאָטש מיר ווייסן, אַז אין דער נאַטור איז אויף אַט אַזאַ אופן נאָך קיין שום גלאָבוס נישט אַנטשטאַנען, איז אַט די פּערצעפּציע פונדעסטוועגן דאָך אַן אמתע און דער גרינגסטער אופן צו פאָרמירן אַ קאָנצעפּט פון אַ גלאָבוס. ס'דאַרף אָבער דאָ איצט באַמערקט ווערן, אַז אַט די פּערצעפּציע אַפירמירט דאָס דרייען זיך פונעם האַלבן ראָד, אַן אַפירמאַציע וואָס וואָלט געווען פאַלטש, ווען זי איז נישט פאַרבונדן מיט דעם קאָנצעפּט פון אַ גלאָבוס, אָדער מיט אַ סבה וואָס דעטערמינירט אַזאַ באַוועגונג, ד. ה., זי וואָלט געווען לחלוטין פאַלטש, ווען אַט די אַפירמאַציע וואָלט געווען אַן איזאָלירטע אַפירמאַציע. ווארים אין

אָט דעם פאַל וואָלט דער גייסט געגאַנגען נאָר אַזוי ווייט, ווי צו אַפירמירן די בלויזע באַוועגונג פון אַ האַלבן ראָד, וואָס נישט זי אַנטהאַלט זיך אין דעם קאָנצעפט פון אַ האַלבן ראָד, און נישט זי אַנטשטייט פון דעם קאָנצעפט פון אַ סבה וואָס דעטערמינירט אָט די באַוועגונג. די פאַלשקייט באַשטייט דעריבער בלויז אין דעם וואָס עפּעס־וואָס ווערט אַפירמירט וועגן סתם אַ זאַך, וואָס געפינט זיך נישט אין דעם באַגריף, וואָס מיר האָבן פון דער זאַך פאָרמירט, ווי למשל, באַוועגונג אָדער רו פונעם האַלבן ראָד. דערפון איז געדרונגען, אַז איינפאַכע געדאַנקען קאָנען נישט זיין אַנדערש ווי נאָר אמתע, אַזוינע, למשל, ווי די איינפאַכע אידעע פון אַ האַלבן ראָד, פון באַוועגונג, פון קוואַנטיטעט, א. אַז. וו. די אַפירמאַציע וואָס אָט די אידעען אַנטהאַלטן אין זיך איז אַדעקוואַט מיט זייער קאָנצעפּציע און שטייגט זי נישט איבער. דעריבער קאָנען מיר זיך דערלויבן מיטן אייגענעם ווילן צו פאָרמירן איינפאַכע אידעען, אָן שום מורא פאַר אַ טעות. 73. ס'בלייבט אונדז נאָך, בכן, בלויז איבער, אויסצופאָרשטן מיט וואָס פאַר אַ מאַכט אונדזער גייסט קאָן זיי פאָרמירן, און ווי ווייט אָט די מאַכט שפּרייט זיך אויס, וואָרים האָבן מיר אָט דאָס אויסגעפונען, וועלן מיר דעמאָלט קאָנען גרינג זען די סאַמע העכסטע דערקענטעניש צו וועלכער מיר קאָנען דערגרייכן. ווייל ס'איז זיכער, אַז די מאַכט פונעם גייסט שפּרייט זיך דאָך נישט אויס ביז דער אומענדלעכקייט. וואָרים אויב מיר זאָלן אַפירמירן עפּעס־וואָס פון אַ וועלכער ס'איז זאַך, וואָס אַנטהאַלט זיך נישט אין דעם קאָנצעפּט וואָס מיר פאָרמירן פון יענער זאַך, וועט דאָס אָנווייזן אויף אַ דעפעקט אין אונדזער פּערצעפּציע, אָדער אַז מיר האָבן, אַזוי צו זאָגן, צעקריפּלטע און צעברעקלטע אידעען און געדאַנקען. וואָרים מיר האָבן דאָך געזען, אַז דאָס אַפירמירן די באַוועגונג פון אַ האַלבן ראָד איז פאַלש, ווען זי איז אין גייסט איזאָלירט, זי ווערט אָבער אַן אמת, ווען זי איז פאַרבונדן מיט דעם קאָנצעפּט פון אַ גלאָבוס, אָדער מיט דעם קאָנצעפּט פון אַ וועלכער ס'איז סבה, וואָס דעטערמינירט אָט אַזאַ באַוועגונג. אַזוי ווי ס'געהערט דעריבער צו דער נאַטור פון אַ דענקענדיק וועזן, ווי ס'איז קלאָר פונעם ערשטן בליק, צו פאָרמירן אמתע אָדער אַדעקוואַטע געדאַנקען, איז עס זיכער, אַז אינאַדעקוואַטע אידעען אַנטשטייען אין אונדז בלויז דערפאַר, וואָס מיר זענען אַ טייל פון אַ דענקענדיק וועזן, וועמענס געדאַנקען, טייל פולשטענדיק און אַנדערע בלויז טיילווייז, שטעלן צונויף אונדזער גייסט.

74. מיר האָבן נאָך אָבער דאָ צו באַטראַכטן דאָס, וואָס איז נישט

כדאי געווען די מי עס צו דערמאָנען, בעת מיר האָבן געהאַט צו טון מיט דער פיקציע, און וואו ס'איז פאַראַן די גרעסטע פאַרבלענדעניש, דהיינו, ווען טייל זאַכן וואָס פּרעזענטירן זיך צו אונז אין דער אימאַגינאַציע, זענען אויך פאַראַן אינעם אינטעלעקט, ד. ה., זיי ווערן קלאָר און דייטלעך באַגריפן; וואָרים כל זמן דאָס וואָס איז דייטלעך איז נישט אָפּגעשיידט פון דעם וואָס איז מטושטש, איז די זיכערקייט, ד. ה. די אמתע אידעע, צונויפגעמישט מיט יענע וואָס זענען נישט דייטלעך. למשל, טייל סטאָיקער האָבן דאָך מסתמא געהערט דעם נאָמען פון דער נשמה, ווי אויך דאָס, אַז זי איז אומשטאַרבלעך, האָבן זיי ביידע, אי די נשמה און אי די אומ־שטאַרבלעכקייט, זיך פאָרגעשטעלט אויף אַ מטושטשען אופן; אַזוי האָבן זיי מטושטש אימאַגינירט און אין דערזעלביקער צייט אויך פאַר־שטאַנען, אַז העכסט סובטילע קערפּערס דרינגען דורך אַלע אַנדערע קערפּערס, זיי אָבער ווערן פון קיין שום אַנדערע נישט דורכגעדרונגען. אימאַגינירנדיק די אַלע זאַכן מיטאַמאָל, אין פאַרבינדונג מיט דער זיכערקייט פון אָט דער אַקסיאָמע, זענען זיי ביי זיך תיכף געוואָרן זיכער, אַז דער גייסט איז עס יענע העכסט סובטילע קערפּערס, און אַז יענע העכסט סובטילע קערפּערס קאָנען נישט פונאַנדערגעטיילט ווערן, א. אַז. וו. 75. אָבער אויך פון אַזוינע פאַרבלענדענישן באַפרייען מיר זיך, ווען מיר נעמען זיך נאָר די מי אויסצופאָרשן אַלע אונדזערע פּערצעפּציעס אין הסכם מיט דער נאָרמע פון דער געגעבענער אמתער אידעע. מ'דאַרף זיך אויסהיטן, ווי מיר האָבן עס שוין געזאָגט ביים אָנהייב, פון יענע פּער־צעפּציעס, וואָס מיר קריגן פון הערן־זאָגן, אָדער פון אומבאַשטימטער דער־פאַרונג. ס'דאַרף דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז אַזאַ מין פאַרבלענדעניש אַנטשטייט דערפון וואָס זאַכן ווערן אויפגעפאַסט צו אַבסטראַקט, וואָרים ס'איז דאָך געווגג קלאָר פון זיך אַליין, אַז דאָס וואָס איך פאַס אויף אין אַן אמתן אָביעקט קאָן צו קיין אַנדער אָביעקט נישט אָנגעווענדט ווערן. זי אַנטשטייט אויך, לסוף פון דעם, וואָס זיי פאַרשטייען נישט די סאַמע ערשטע עלעמענטן פון דער גאַנצער נאַטור, מחמת זיי גייען־אָן אָן אַ סדר, און פּלאָנטערן צונויף די נאַטור מיט אַבסטראַקטע אַקסיאָמען, כאָטש זיי קאָנען זיך זיין אמתע, אַזוי אַז מיר ווערן מטושטש און דרייען איבער דעם סדר פון דער נאַטור. אויב מיר וועלן אָבער אָנגיין אַזוי ווינציק אַבסטראַקט ווי נאָר מעגלעך, און אָנהייבן אַזוי פרי ווי נאָר מעגלעך, פון די סאַמע ערשטע עלעמענטן, ד. ה. פונעם קוואַל און אָנהייב פון דער נאַטור, איז פאַר אָט אַזאַ פאַרבלענדעניש נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. 76. וואָס איז

שייך דעם דערקענען דעם אָנהייב פון דער נאַטור, דאַרפן מיר דורכאויס נישט מורא האָבן, אַז מיר וועלן זי צונויפמישן מיט אַבסטראַקציעס. וואָרים ווען אַ זאַך ווערט אויפגעפאַסט אַבסטראַקט, ווי ס'איז דער פאַל מיט אַלע אוניווערסאַלע באַגריפן, ווערט זי פונעם אינטעלעקט אַלעמאָל באַנומען אַ סך ברייטער ווי די איינצלנע באַגריפן וואָס קאָנען פאַקטיש עקסיס־טירן אין דער נאַטור. ווייטער, אַזוי ווי אין דער נאַטור זענען פאַראַן אַ סך זאַכן, וואָס דער אונטערשיד צווישן זיי איז אַזאַ קליינער, אַז ער ווערט כמעט פאַרזען פונעם אינטעלעקט, קאָן דעריבער גרינג פּאַסירן (ווען אָט די זאַכן ווערן אַבסטראַקט אויפגעפאַסט), מ'זאָל זיי צונויפ־פּלאָנטערן איינע מיט די אַנדערע. באַשר אָבער דער אָנהייב פון דער נאַטור, ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען, קאָן נישט אַבסטראַקט און נישט אוניווערסאַל אויפגעפאַסט ווערן, און ער קאָן זיך אויך נישט אויס־שפּרייטן אין אינטעלעקט ברייטער ווי ער איז אַקטועל, און האָט אויך קיין שום ענלעכקייט נישט צו פאַרענדערלעכע זאַכן, — וועט בכן פאַר קיין שום מטושטשדיקייט בנוגע זיין אידעע נישט זיין וואָס מורא צו האָבן, כל זמן מיר וועלן באַזיצן די נאָרמע פון אמת, ווי מיר האָבן עס שוין פריער אָנגעוויזן. וואָרים דאָס איז אַ וועזן וואָס איז איינציק און אומענדלעך*), ס'איז בפירוש אַל דאָס זיין**), און מחוץ פון אים איז קיין שום זיין נישטאָ.

## X. וועגן דער צווייפלהאַפטיקער אידעע.

77. אַזוי פיל — וועגן דער פאַלשער אידעע. איצט בלייבט אונדז נאָך אויסצופאָרשן די צווייפלהאַפטיקע אידעע, ד. ה, צו אויספאָרשן וואָס אייגנטלעך ס'זענען יענע זאַכן, וואָס קאָנען אונדז אַריינפירן אין אַ ספק, און אויך אויף וואָס פאַר אַן אופן אַ ספק קאָן באַזייטיקט ווערן. איך רעד איצט פון אַ באַמתדיקן ספק אינעם גייסט און נישט פון אַזאַ ספק וואָס מיר באַגעגענען אין יענע פאַלן, ווען אַ מענטש זאָגט מיט ווערטער בלויז, אַז ער איז אין ספק, כאָטש זיין גייסט איז גאָר נישט אין ספק. אָט דאָס צו קאָרעגירן איז נישט די אויפגאַבע פון דער מעטאָדע, דאָס

*) דאָס זענען נישט קיין אַטריבוטן פון גאָט, וואָס דריקן אויס זיין תמצית, ווי איך וועל עס ווייזן אין מיין פילאָסאָפיע.

**) דאָס איז שוין פריער באַוויזן געוואָרן. וואָרים ממה נפשך, אויב אַזאַ וועזן עקסיסטירט נישט, וואָלט עס דאָך קיינמאָל נישט געקאָנט פּראָדוצירט ווערן, און דער גייסט וואָלט דעריבער געווען מסוגל צו פאַרשטיין מערער וויפיל די נאַטור קאָן אים צושטעלן, וואָס מיר האָבן שוין פריער באַוויזן אַז ס'איז פאַלטש.

געהערט גיכער צו דער אויספאָרשונג פון דער עקשנות און איר אויס־קאָרעגירונג. 78. אַ ספק שאַפט זיך נישט קיינמאָל אינעם גייסט דורך דעם אָביעקט אַליין, בנוגע וועלכן מ'איז אין ספק, ד. ה., אויב אין גייסט איז פאַראַן בלויז איין איינציקע אידעע, מעג זי זיין אַן אמתע אָדער אַ פאַלשע, איז דעמאָלט נישטאָ נישט קיין ספק ווי אויך נישט קיין זיכערקייט, נאָר עפּעס אַ שפּירונג (sensatio). וואָרים אַט די אידעע איז אין זיך אַליין נישט עפּעס אַנדערש ווי אַזאַ שפּירונג, זי געפינט זיך אָבער דאָרטן דורך אַן אַנדער אידעע, וואָס איז נישט גענוג קלאָר און דייטלעך, אַז מיר זאָלן פון איר קאָנען אַרויסדרינגען אַ וועלכע ס'איז זיכערקייט בנוגע דער זאַך וועגן וועלכער מיר זענען אין ספק, ד. ה. אַן אידעע וואָס ברענגט אונדז אַריין אין אַ ספק איז נישט קלאָר און דייטלעך. אויב עמעץ, למשל, האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרטראַכט וועגן דער אָפּנאַרעריי פון די חושים, צי זי אַנטשטייט פון דערפאַרונג צי דורך אַ וועלכן ס'איז אַנדער וועג, וועט ער קיינמאָל נישט זיין אין ספק בנוגע דעם, צי די זון איז גרעסער אָדער קלענער, ווי זי זעט אויס צו זיין. דאָרפסלייט חידושן זיך אָפט ווען זיי הערן, אַז די זון איז אַ סך גרעסער פון אונדזער ערד־קויל, ווען מ'טראַכט זיך אָבער אַריין וועגן דער אָפּנאַרעריי פון די חושים, אַנטשטייט דעמאָלט דער ספק*), אויב עמעץ זאָל אָבער נאָך דעם צווייפלען דערוועגן אַז אמתע דערקענטעניש פון די חושים, און וויסן אויך וואָס פאַר אַן אופן אָביעקטן רעפּרעזענטירן זיך דורך זייער אינסטרומענטאַליטעט פון אַ דיסטאַנץ, וועט זיך דער ספק דעמאָלט ווידער באַזייטיקן.

79. דערפון איז געדרונגען, אַז צו זיין אין ספק בנוגע אמתע אידעען, מחמת טאָמער עקסיסטירט אַ וועלכער ס'איז פאַרפירערישער גאָט, וואָס נאַרט אונדז אַפילו אין די סאַמע זיכערסטע זאַכן, קאָנען מיר נאָר אַזוי לאַנג, כל זמן מיר האָבן נישט וועגן אים קיין קלאָרע און דייטלעכע אידעע; ד. ה., אַז ווען מיר פאַרטראַכטן זיך וועגן דער דערקענטעניש וואָס מיר האָבן פון דעם אָנהייב פון אַלע זאַכן, געפינען מיר גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל אונדז לערנען, אַז ער איז נישט קיין פאַרפירער, בעת אָבער מיר באַטראַכטן מיט דערזעלביקער דערקענטעניש די נאַטור פון אַ דריי־עק, געפינען מיר, אַז זיינע דריי ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע

*) ד. ה. ער ווייסט אַז די חושים נאַרן אַמאָל אָפּ, נאָר ער ווייסט עס אויף אַ מטושטשן אופן בלויז, מחמת ער ווייסט אייגנטלעך נישט אויף וואָס פאַר אַן אופן די חושים נאַרן אָפּ.

ווינקלען. ווען מיר זאָלן אָבער האָבן אַזאַ דערקענטעניש פון גאָט ווי מיר האָבן פון אַ דריי־עק, ווערט דעמאָלט יעדער ספק באַזייטיקט. און אויף דעמזעלביקן אופן דורך וועלכן מיר קאָנען קומען צו אַזאַ דערקענטעניש פון אַ דריי־עק, כאָטש מיר ווייסן נישט מיט זיכערקייט, צי מיר ווערן נישט גענאַרט פון אַ וועלכן ס'איז אַלערהעכסטן פאַרפירער, קאָנען מיר אויך קומען צו אַזאַ דערקענטעניש פון גאָט, כאָטש מיר ווייסן נישט מיט זיכערקייט צי ס'עקסיסטירט אַ וועלכער ס'איז אַלערהעכסטער פאַרפירער. און ווען נאָר מיר האָבן אָט די דערקענטעניש, וועט זי שוין, ווי כ'האָב געזאָגט, גענוג זיין אויף צו באַזייטיקן יעדן ספק וואָס מיר קאָנען האָבן וועגן קלאָרע און דייטלעכע אידעען.

80. אויב מ'זאָל אַזוי אָנגיין ריכטיק מיט דער אויספאָרשונג פון יענע זאַכן וואָס דאַרפן זיין די ערשטע אויסגעפאָרשט צו ווערן, נישט איבעררייסנדיק די פאַרקייטלונג פון זאַכן, און ווען מ'ווייסט אויף וואָס פאַר אַן אופן פראַגן דאַרפן דעטערמינירט ווערן איידער מיר טרעטן צו זיי צו דערקענען, וועט מען דעמאָלט נישט האָבן קיין שום אַנדערע אידעען, אַחוץ אַזוינע וואָס זענען די סאַמע זיכערסטע, ד. ה. אַזוינע וואָס זענען קלאָר און דייטלעך. וואָרים דער ספק איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די אומאַנטשלאָסנקייט פונעם גייסט בנוגע אַ וואָסער ס'איז אַפירמאַציע אָדער נעגאַציע, וואָס ער וואָלט אַפירמירט אָדער נעגירט, ווען ער טרעפט נישט אַן אויף עפּעס־וואָס, וואָס איז אומבאַוואוסט, איבער וואָס די דערקענטעניש פון אָט דער זאַך מוז זיין אומפולקום. דערפון איז גערודונגען, אַז דער ספק אַנשטייט אַלעמאָל מחמת דעם, וואָס זאַכן ווערן אויסגעפאָרשט אָן אַ סדר.

## XI. וועגן זכרון און פאַרגעסלעכקייט. אויספיר.

81. אָט דאָס זענען די ענינים, וואָס כ'האָב צוגעזאָגט צו באַהאַנדלען אין דעם ערשטן טייל פון אָט דער מעטאָדע. כדי אָבער נישט אויסצולאָזן קיין זאַך, וואָס קאָן העלפן צו דער דערקענטעניש פון אינטעלעקט און זיינע כחות, וועל איך דאָ בקיצור צוגעבן עטלעכע ווערטער וועגן זכרון און פאַרגעסלעכקייט. דערביי איז דער עיקר וואָס דאַרף איצט באַטראַכט ווערן דאָס, וואָס דער זכרון ווערט פאַרשטאַרקט אי מיט דער הילף פונעם אינטעלעקט, ווי אויך אָן זיין הילף. וואָרים, אין ערשטן פאַל, וואָס גרינגער ס'איז צו פאַרשטיין אַ זאַך, אַלץ גרינגער איז זי אויפצוהיטן אין

זכרון; און פאַרקערט ווידער, וואָס שווערער ס'איז זי צו פאַרשטיין, אַלץ גרינגער איז זי צו פאַרגעסן. ווען איך זאָל, למשל, עמעצן אויפגעבן אַ צאָל נישט־צונויפגעבונדענע ווערטער, וועט פאַר אים אַ סך שווערער זיין זיי צו געדענקען, ווי בעת די אייגענע ווערטער וואָלטן געווען אין דער פאָרם פון אַ מעשה. 82. דער זכרון ווערט אויך פאַרשטאַרקט אָן דער הילף פונעם אינטעלעקט, דהיינו, דורך דעם כח וואָס די אימאַגי־נאַציע אָדער חוש, וואָס הייסט אַלגעמיינער חוש, ווערט אַפעקטירט פון אַ וועלכן ס'איז איינצעלנעם קערפּערלעכן אָביעקט. איך זאָג פון אַן א י י נ צ ע ל נ ע ם, וואָרים די אימאַגינאַציע ווערט אַפעקטירט פון איינצעלנע זאַכן בלויז. למשל, ווען עמעץ זאָל איבערלייענען נאָר איין ראָמאַנטישע מעשה, איז כל זמן ער לייענט נישט נאָך אַזוינע מעשות, וועט ער יענע פולשטענדיק געדענקען, וואָרים אין אָט אַזאַ פאַל האָט בלויז יענע איינציקע מעשה זיך איינגעקריצט אין דער אימאַגינאַציע, אויב זי האָט אָבער נאָך מעשות פונעם זעלביקן שטייגער, וועלן מיר זיי דעמאָלט אימאַגינירן אַלע מיטאַמאָל און וועלן זיי גרינג צעפּלאָנטערן. איך זאָג אויך קערפּערלעכע, וואָרים די אימאַגינאַציע ווערט בלויז פון קערפּערס אַפעקטירט. אַזוי ווי דער זכרון ווערט, בכן, פאַרשטאַרקט אי דורכן אינטעלעקט און אי אָן דעם אינטעלעקט, איז דערפון געדרונגען, אַז ער איז עפּעס־וואָס, וואָס שיידט־זיך אָפּ פונעם אינטעלעקט, און וואָס ס'איז שייך דעם אינטעלעקט, באַטראַכט אין זיך אַליין, איז נישטאָ פאַר אים אַזאַ זאַך ווי זכרון אָדער פאַרגעסלעכקייט. 83. וואָס זשע אַזוינס דאָך איז דער זכרון? ער איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר די שפּירונג פון די איינדרוקן אויפן מוח, צוזאַמען מיטן געדאַנק פון אַ דעטערמינירטן דויער פון דער שפּירונג*). אָט דאָס ווייזט אויך די דערינערונג. וואָרים ביי אַ דערינערונג טראַכט דער גייסט פון יענער שפּירונג, אָבער נישט וועגן

---

*) וואָרים אויב דער דויער איז נישט דעטערמינירט, איז די דערינערונג פון יענער זאַך נישט פולקום, ווי ס'האָט מסתמא איטלעכער געלערנט פון דער נאַטור. וואָרים גאַנץ אָפט, כדי בעסער צו גלייבן עמעצן דאָס וואָס יענער דער־ציילט אונדז, פרעגן מיר זיך נאָך, ווען און וואו דאָס האָט פּאַסירט. וואָרים כאָטש די אידעען אַליין האָבן זייער דויער אינעם גייסט, דאָך אָבער, אַזוי ווי מיר זענען געוואוינט צו דעטערמינירן דויער מיט דער הילף פון אַ וועלכער ס'איז מאָס פון באַוועגונג, און דאָס ווידער ווערט געטון מיט דער הילף פון דער אימאַגינאַציע, קאָנען מיר דעריבער נישט אָבסערווירן קיין זכרון וואָס קער זיך אָן מיטן ריינעם גייסט.

אַ כסדרדיקן דויער, אַזוי אַז די אידעע פון יענער שפּירונג איז נישט דער דויער זעלבסט פון דער שפּירונג, ד. ה. נישט דער זכרון אַליין. צי אידעען אין זיך אַליין ליידן פון פעלטשונגען, וועלן מיר זען אין דער פילאָסאָפיע. אויב דאָס זאָל זיך עמעצן אויסווייזן צו אַבסורד, וועט פאַר אונדזער אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן פאַר זיך, גענוג זיין צו געדענקען, אַז וואָס מערער אַ זאַך איז איינציק, אַלץ גרינגער איז זי אויפצוהיטן אין זכרון, ווי ס'איז באַשיינפערלעך קלאָר פונעם פריער דערמאָנטן משל מיט דער ראָמאַנטישער מעשה *). ווייטער, וואָס מערער אַ זאַך ווערט פאַרשטאַנען, אַלץ גרינגער איז זי אויפצוהיטן. דעריבער איז אונדז אוממעגלעך צו פאַרגעסן אַ זאַך וואָס איז אַבסאָלוט איינציק, אויב זי איז נאָר פאַרשטענדלעך.

84. אָט אַזוי נאָך האָבן מיר געמאַכט אַן אונטערשיד צווישן אַן אמתער אידעע און אַנדערע פּערצעפּציעס, און געוויזן, אַז פיקטיווע, פאַלטשע און אַנדערע אידעען האָבן זייער אָנהייב אין דער אימאַגינאַציע, ד. ה. אין אַזוינע צופעליקע (אויב איך קאָן אַזוי זאָגן) און לויזע שפּירונגען, וואָס אַנטשטייען נישט דורך דער מאַכט פונעם גייסט אַליין, נאָר דורך דרויסנלעכע סבות, על פּי דעם, ווי אויף ווייפיל דער קערפּער ווערט באַאיינדרוקט אין חלומות אָדער וואַכנדיק פון פאַרשידנערליי באַוועגונגען. אָדער, אויב ס'איז אונדז ליב, קאָנען מיר אונטער אימאַגינאַציע פאַרשטיין וואָס נאָר ס'איז אונדז ניחא, מיט דעם איינציקן תנאי אָבער, אַז זי זאָל זיין עפּעס אַזוינס, וואָס שיידט זיך אָפּ פונעם אינטעלעקט, און אָט דעמאָלט איז דער גייסט אין אַ פּאַסיוון צושטאַנד. וואָרים ס'איז דאָך אייגנטלעך קיין שום נפקא מינה נישט פאַר וואָס מיר זאָלן זי נישט אָננעמען, אַבי נאָר מיר ווייסן, אַז זי איז עפּעס־וואָס אומבאַשטימטס, וואָס רעדוצירט דעם גייסט צו פּאַסיווקייט, און ווען מיר ווייסן גלייכצייטיק, ווי אַזוי מיר קאָנען, מיט דער הילף פונעם אינטעלעקט, זיך באַפרייען פון איר. קיינער זאָל זיך דעריבער נישט חידושן, וואָס איך האָב נאָך דאָ נישט דעמאָנסטרירט די עקסיסטענץ פון קערפּערס און אַנדערע נויטווענדיקע זאַכן, כאָטש איך האָב גערעדט וועגן דער אימאַגינאַציע, וועגן דעם קערפּער און זיין צונויפשטעל; וואָרים, ווי כ'האָב שוין געזאָגט,

---

*) אין לאַטייניש טעקסט שטייט דאָ נישט „ראָמאַנטישע מעשה“ ווי מיר גיבן עס דאָ, נאָר „קאָמעדיע“, וואָס איז אָבער זיכער אַ טעות. וואָרים אַביסל פריער (זאַץ 82), געבנדיק אָט דעם משל, רעדט ספּינאָזאַ וועגן אַ ראָמאַנטישער מעשה, נישט וועגן אַ קאָמעדיע. — איבערז.

איז דאָך קיין שום נפקא מינה נישט פֿאַר וואָס מיר זאָלן די אימאַגינאַציע נישט אָננעמען, אַבי נאָר מיר ווייסן, אַז זי איז עפּעס וואָס אומבאַשטימטס, א. אַז. וו.

85. מיר האָבן אָבער געוויזן, אַז אַן אמתע אידעע איז איינפֿאַך אָדער צונויפֿגעזעצט פֿון איינפֿאַכע אידעען, און אַז זי ווײַזט אָן ווי אַזוי און פֿאַרוואָס עפּעס־וואָס איז פֿאַראַן אָדער איז געשעען, און אַז אירע אָביעקטיווע עפֿעקטן אינעם גייסט גייען אָן אין הסכם מיט דער שייכות צו דער פֿאָרמאַליטעט פֿונעם אָביעקט אַליין, און אָט דאָס איז דאָך דאָס זעלביקע, וואָס די אַמאָליקע פֿלעגן זאָגן, דהיינו, אַז אמתע וויסנשאַפֿט גייט אַרויס פֿון דער סבה צו די עפֿעקטן — האָבן זיי אָבער, ווי ווײַט איך ווייס, קיינמאָל נישט אַזוי אויפֿגעפּאַסט דעם גייסט, ווי מיר טוען עס דאָ, אַז ער איז אַקטיוו אין הסכם מיט זיכערע געזעצן, און ווי ער וואָלט געווען, אַזוי צו זאָגן, עפּעס אַ מין גייסטיקער אויטאָמאַט.

86. דערפֿון האָבן מיר, אויף וויפֿיל ס'איז נאָר מעגלעך געווען, באַלד בײַם אָנהייב, דערוואָרבן די קענטעניש פֿון אונדזער אינטעלעקט, און פֿון אַזאַ נאָרמע פֿון אמתע אידעען, אַז מיר זאָלן שוין איצט נישט מער דאַרפֿן מורא האָבן, טאָמער וועלן מיר צונויפֿמישן אַן אמתע אידעע מיט פֿאַלשע אָדער פֿיקטיווע אידעען: מיר וועלן זיך אויך מער נישט דאַרפֿן חידושן פֿאַרוואָס מיר פֿאַרשטיין טייל זאַכן, וואָס פֿאַלן אויף קיין שום אופֿן נישט אונטער אונטער דער אימאַגינאַציע, און פֿאַרוואָס איז ווידער אין דער אימאַגינאַציע פֿאַראַן אַנדערע, וואָס זענען אינגאַנצן אַ סתירה צו דעם אינטעלעקט, און לסוף, אַזוינע וואָס זענען מיט אים אין פֿולן הסכם. וואָרים מיר ווייסן דאָך, אַז יענע אָפּערירונגען דורך וועלכע אימאַגינאַציעס ווערן פּראָדוצירט, קומען פֿאָר לויט אַנדערע געזעצן, לגמרי פֿאַרשידענע פֿון די געזעצן פֿונעם אינטעלעקט, און אַז די שייכות פֿונעם גייסט צו דער אימאַגינאַציע איז אַ פּאַסיווע בלויז. 87. דערפֿון קאָן מען קאָנסטאַטירן, ווי גרינג ס'קאָנען אַרײַנפֿאַלן אין גרויסע טעותן די יעניקע, וואָס פֿירן נישט דורך קיין פּינקטלעכע פֿונאַנדערשיידונג צווישן דער אימאַגינאַציע און דעם אינטעלעקט. אַזוינע טעותן, ווי למשל, אַז אויסגעשפּרייטקייט מוז זײַן אויף אַ באַשטימט אָרט, אַז זי מוז האָבן אַ סוף, אַז אירע טיילן מוזן אין דער רעאַליטעט זיך אָפּשיידן איינער פֿונעם אַנדערן, אַז זי איז דער ערשטער און איינציקער פֿונדאַמענט פֿון אַלע זאַכן, אַז זי פֿאַרנעמט אין איין צײַט אַ גרעסערן חלל ווי אין אַן אַנדער צײַט, און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן פֿונעם זעלביקן מין, אַלץ אַזוינע

וואָס זענען איננאַנצן אין קעגנזאַץ צום אמת, ווי מיר וועלן דאָס ווייזן אויפן געהעריקן אָרט.

88. ווייטער, אַזוי ווי ווערטער זענען אַ טייל פון דער אימאַגינאַציע, ד. ה. מיר שאַפן זיך אַ סך קאָנצעפציעס על פי יענעם אופן לויט וועלכן ווערטער ווערן אין זכרון לויז קאָמבינירט דורך אַ וועלכער ס'איז דיס־פאָזיציע פונעם קערפער, קאָן דעריבער קיין שום ספק נישט זיין, אַז ווערטער, פונקט אַזוי ווי די אימאַגינאַציע, קאָנען ווערן די סבה פון אַ סך גרויסע טעותן, ווען מיר וועלן אויף זיי נישט גאַנץ שטאַרק אַכטונג געבן.

89. ס'דאַרף נאָך אויך צוגעגעבן ווערן, אַז זיי ווערן צונויפגעשטעלט ווילקירלעך און לויט די השגות פונעם המון, מחמת זיי שטעלן מיט זיך פאַר נישט מיין ווי סמנים פון זאַכן, לויט דעם ווי זיי עקסיסטירן אין דער אימאַגינאַציע און נישט לויט דעם ווי זיי עקסיסטירן אינעם אינטעלעקט. אָט דאָס ווערט באַשיינפערלעך קלאָר פונעם פאַקט, וואָס פאַר יענע זאַכן, וואָס עקסיסטירן אינעם אינטעלעקט בלויז, און נישט אין דער אימאַגינאַציע, האָבן מענטשן גאַנץ אָפט געגעבן נעגאַטיווע נעמען, אַזוינע ווי: אומ־קערפערלעך, אומענדלעך, א. אז וו.. און וואָס זיי דריקן אויס נעגאַטיוו אַ סך זאַכן, וועלכע זענען בפירוש אַפירמאַטיוו, און אויך פאַרקערט, ווי למשל, אומבאַשאַפן, אומאָפהענגיק, אומענדלעך, אומשטאַרבלעך, א. אז. וו., מחמת דעם, וואָס ס'איז אַ סך גרינגער צו אימאַגינירן זייערע קעגנזאַצן, און האָבן זיך דעריבער די ערשטע פרעזענטירט צום פרימיטיוון מענטש און אָנגענומען פאָזיטיווע נעמען. מיר אַפירמירן און פאַרלייקענען אַ סך זאַכן, מחמת דעם, וואָס די נאַטור פון ווערטער, און נישט די נאַטור פון זאַכן, דערלויבט אונדז זיי צו אַפירמירן אָדער צו פאַרלייקענען, און דעריבער, כל זמן מיר האָבן זי*) נישט דערקענט, איז אונדז גרינג אָנ־צונעמען עפעס־וואָס, וואָס איז פאַלש, פאַר אַן אמת.

90. אַ חוץ דעם, וועלן מיר אויסמיידן נאָך אַ גרויסע סבה פאַר מטושטשדיקייט, און אַזאַ וואָס דערלאָזט נישט דעם אינטעלעקט צו רעפלעקטירן אויף זיך אַליין. ווארים ווען ס'געלונגט אונדז נישט אָפ־צושיידן דאָס אימאַגינירן פונעם אינטעלעקטואַליזירן, מיינען מיר דעמאָלט, אַז יענע זאַכן וואָס זענען אונדז גרינגער צו אימאַגינירן, זענען פאַר אונדז אויך קלערער, און דאָס וואָס מיר אימאַגינירן, מיינען מיר, אַז מיר פאַר־שטייען עס. מיר שטעלן דעריבער אויפן סאַמע ערשטן פלאַץ יענע זאַכן

*) די נאַטור פון זאַכן. — איבערז.

וואָס דאַרפֿן זיין אויפֿן לעצטן, און דער אמתער סדר פֿאַר דעם אוואַנסירן, ווערט אַזוי נאָך איבערגעדרייט, און קיין שום לעגיטימער אויספֿיר ווערט נישט געמאַכט.

## XII. צווייטער טייל פֿון דער מעטאָדע. וועגן טאָפּלטע פּערצעפּציעס.

91. כדי איצט לסוף צוצוקומען צום צווייטן טייל פֿון דער מעטאָדע*) וועל איך פֿריער פֿאַרלייגן אונדזער ציל אין אָט דער מעטאָדע, און דערנאָכדעם ערשט די מיטלען דורך וועלכע מ'קאָן אים דערגרייכן. דער ציל איז, בכן, צו האָבן קלאָרע און דייטלעכע אידעען, ד. ה. אַזוינע וואָס ווערן פֿאָרמירט פֿונעם ריינעם גייסט און נישט פֿון צופֿעליקע באַוועגונגען פֿון קערפּער. כדי, ווידער, צו רעדוצירן אַלע אונדזערע אידעען צו איינער, דאַרפֿן מיר שטרעבן זיי צונויפֿצובינדן און אָראַנזשירן אויף אַזאַ אופֿן, אַז אונדזער גייסט זאָל, אויף אַזוי פֿיל ווי ער איז בכח, אָביעקטיוו רעפּראָדוצירן דעם פֿאָרמעלן סדר פֿון דער נאַטור, סיי אין איר גאַנצקייט און סיי אין אירע טיילן.

92. בנוגע דעם ערשטן פּונקט, פֿאָדערט זיך פֿאַר אונדזער ענדלעכן ציל, ווי מיר האָבן עס שוין פֿריער אָנגעוויזן, אַז אַ זאַך זאָל אויפֿגעפֿאַסט ווערן אָנטוועדער דורך איר תמצית בלויז, אָדער דורך איר נאָנטסטער סבה. ווען אַ זאַך איז אין זיך אַליין, אָדער ווי מ'זאָגט געוויינטלעך, די סבה פֿון זיך אַליין, דאַרף זי דעמאָלט פֿאַרשטאַנען ווערן דורך איר תמצית בלויז. ווען אָבער די זאַך איז נישט אין זיך אַליין, נאָר זי פֿאָדערט אַ סבה פֿאַר איר עקסיסטענץ, דאַרף זי דעמאָלט פֿאַרשטאַנען ווערן דורך איר נאָנטסטער סבה, וואָרים אין דער אמתן איז די דערקענטעניש פֿון אַן עפֿעקט נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס דערווערבן אַ מער פֿולקומערע דערקענטעניש פֿון דער סבה**). 93. דעריבער טאָרן מיר זיך קיינמאָל נישט

*) דער הויפּט-כלל פֿאַר אָט דעם טייל, ווי ער ווערט אַרויסגעדרונגען פֿונעם ערשטן טייל, איז דורכצוקוקן יענע אַלע אידעען, וועלכע מיר געפֿינען אין זיך ווי אַ פּועל יוצא פֿונעם ריינעם אינטעלעקט, כדי זיי אָפּצושיידן פֿון יענע וועלכע מיר אימאַגינירן. אָט די אָפּשיידונג װאַרף מען אַרויסזוכן פֿון יעדנס באַזונדערע אייגנשאַפֿטן, ד. ה. סיי פֿון דער אימאַגינאַציע און סיי פֿונעם אינטעלעקט.

**) ס'דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, דאָס דערפֿון איז קלאָר, אַז מיר קאָנען נישט פֿאַרשטיין עפּעס-וואָס פֿון דער נאַטור, נישט אויסברייטערנדיק בעת מעשה אונדזער דערקענטעניש פֿון דער ערשטער סבה, ד. ה. פֿון גאָט.

דערלויבן צו מאַכן אַ וועלכן ס'איז אויספיר פון אַבסטראַקציעס, כל זמן מיר זענען פאַרנומען מיט דער אויספאָרשונג פון זאַכן, און מיר מוזן גאָר באַזונדערס אַכטונג געבן נישט צונויפצומישן דאָס וואָס איז אין אינטעלעקט בלויז, מיט דעם וואָס איז אין דער זאַך. דעם בעסטן אויספיר אָבער קאָן מען אַרויסקריגן פון אַ וועלכן ס'איז באַזונדערן אַפירמאַטיוון תמצית, אָדער פון אַ אמתער און לעגיטימער דעפיניציע. וואָרים פון אַקסיאָמען פון בלויז אוניווערסאַלע באַגריפן קאָן דער אינטעלעקט נישט אַראָפּנידערן צו איינצלנע זאַכן, מחמת דעם וואָס אַקסיאָמען שפּרייטן זיך אויס אין דער אומענדלעכקייט, און דעטערמינירן נישט דעם אינטעלעקט צו קאָנטעמפּלירן וועגן איין איינצלנער זאַך מערער ווי וועגן אַן אַנדער איינצלנער זאַך. 94. דער ריכטיקער וועג דאָס אויסצוגעפינען איז, דעריבער, צו פאָרמירן אונדזערע געדאַנקען פון אַ וועלכער ס'איז געגעבענער דעפיניציע. אָט דאָס וועט אַלץ גליקלעכער און אַלץ גרינגער געשען, וואָס בעסער מיר וועלן דעפינירן אַ וועלכע ס'איז זאַך. דער עיקר־פּונקט פון דעם גאַנצן צווייטן טייל פון דער מעטאָדע וועט, בכן, באַשטיין אין אָט דעם אַליין, דהיינו, אין דער דערקענטעניש פון די באַדינגונגען פון אַ גוטער דעפיניציע, און דערנאָכדעם ווי אַזוי זי אויסצוגעפינען. מיר וועלן דאָ דעריבער קודם באַטראַכטן די באַדינגונגען פון אַ דעפיניציע.

## XIII. וועגן די באַדינגונגען פון אַ דעפיניציע.

95. כדי אַ דעפיניציע זאָל קאָנען הייסן אַ פולקומע, מוז זי דערקלערן דעם סאַמע אינעווייניקסטן תמצית פון אַ זאַך, און דערביי זיך אויסהיטן, אַז מיר זאָלן אויפן אָרט פון איר תמצית נישט אָננעמען אַ וועלכע ס'איז אייגנשאַפט פון דער זאַך. כדי קלאָר צו מאַכן וואָס איך מיין, אויסלאָזנדיק יענע ביישפּילן, פון וועלכע ס'קאָן נאָך אויסזען, אַז איך זוך אויפצודעקן די טעותן פון אַנדערע, וועל איך דאָ געבן בלויז איין ביישפּיל פון אַן אַבסטראַקטער זאַך, ביי וועלכער ס'איז קיין חילוק נישט אויף וואָס פאַר אַן אופן זי ווערט דעפינירט, דהיינו, אַ ראָד. ווען מ'זאָל אים דעפינירן, אַז דאָס איז אַ פיגור פון אַזאַ נאַטור, וואָס די ליניעס זיינע, וואָס ווערן געצויגן פון צענטער צו דער פּעריפּעריע, זענען גלייך, וועט דעמאָלט איטלעכער איינזען, אַז אַזאַ דעפיניציע קאָן בשום אופן נישט דערקלערן דעם תמצית פונעם ראָד, נאָר בלויז איינעם פון זיינע אייגנשאַפטן. און כאָטש, ווי איך האָב געזאָגט, אַז בנוגע פיגורן און אַנדערע גייסטיקע וועזנס איז דאָס פון קליינעם באַטייט, איז עס אָבער פון גרויס

באַטייט ביי פיזישע וועזנס און רעאַליטעטן, וואָרים אייגנשאַפטן פון זאַכן קאָנען נישט קלאָר פאַרשטאַנען ווערן כל זמן זייערע תמציתן זענען אומבאַקאַנט, און אויב מיר זאָלן זיי אויסמיידן, וועלן מיר דעמאָלט זיין גענייט צו איבערדרייען יענע פאַרקייטלונג אינעם אינטעלעקט, וואָס דאַרף רעפלעקטירן די פאַרקייטלונג פון דער נאַטור, און זיך אינגאַנצן אָפּווענדן פונעם ציל וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט. 96. כדי מיר זאָלן זיך פון אָט דעם חסרון באַפרייען, וועט מען ביי אַ דעפיניציע דאַרפן אינזינען האָבן די דאָזיקע באַדינגונגען.

א. אויב די זאַך איז אַ באַשאַפענע מוז דעמאָלט די דעפיניציע אין זיך איינשליסן, ווי מיר האָבן געזאָגט, איר נאָענטסטע סבה. אַ ראָד, למשל, וואָלט לויט אָט דעם כלל געדאַרפט דעפינירט ווערן ווי אַ פיגור, וואָס ווערט באַשריבן פון אַ וואָסער ס'איז ליניע, פון וועלכער איין עק איז פיקסירט און דער אַנדערער איז באַוועגלעך. אָט די דעפיניציע שליסט אין זיך בפירוש איין די נאָענטסטע סבה.

ב. אַ קאָנצעפּציע אָדער דעפיניציע פון אַ זאַך, דאַרף זיין אַזאַ, אַז אַלע אייגנשאַפטן פון דער זאַך, אויף וויפיל זי ווערט באַטראַכט אין זיך אַליין און נישט צונויפגעבונדן מיט אַנדערע, זאָלן פון אָט דער דעפיניציע קאָנען אַרויסגעדרונגען ווערן, ווי מיר קאָנען דאָס זען אינעם פאַל מיט דער דעפיניציע פונעם ראָד. וואָרים ס'ווערט פון איר קלאָר אַרויסגעדרונגען, אַז אַלע ליניעס, וואָס ציען זיך פון צענטער צו דער פעריפעריע, זענען גלייך. אַז אָט דאָס איז אַ נייטיקע פאָדערונג פאַר אַ דעפיניציע, איז קלאָר פאַר איטלעכן וואָס וועט זיך נאָר וועגן דעם פאַרטראַכטן, אַזוי אַז ס'איז פשוט אַן עבירה די צייט זיך דאָ אויפצוהאַלטן צו דעמאָנסטרירן עס, ווי אויך אַנצואווייזן, אַז על פי אָט דער צווייטער פאָדערונג מוז יעדע דעפיניציע זיין אַפירמאַטיוו. איך רעד דאָ פון אינטעלעקטועלער אַפירמירונג, זאָרגנדיק זיך קנאַפּ־וואָס וועגן דער ווערטערלעכער אַפירמירונג, וואָס קאָן אפשר אַמאָל, מחמת דעם דוחק אויף ווערטער, זיך אויסדריקן נעגאַטיוו, כאָטש זי ווערט פאַרשטאַנען אַפירמאַטיוו.

97. די עיקר־פאָדערונגען ביי דער דעפיניציע פון אַן אומבאַשאַפענער זאַך זענען אָט די דאָזיקע:

א. זי זאָל אויסשליסן יעדע סבה, ד. ה. אַז פאַר איר דערקלערונג, זאָל די דעפינירטע זאַך זיך נישט נייטיקן אין קיין שום אַנדער אָביעקט, ווי נאָר אין אייגענעם זיין.

ב. ווען די דעפיניציע פון דער זאַך איז שוין געגעבן געוואָרן, זאָל

מער קיין פּלאַץ נישט זיין פאַר דער פראַגע, צי עקסיסטירט זי.

ג. אַז די דעפיניציע זאָל, אויף אַזוי ווייט ווי זי איז נוגע דעם גייסט, נישט אַנטהאַלטן קיין שום סובסטאַנטיוון וואָס זאָלן קאָנען גענוצט ווערן ווי אַדיעקטיוון, ד. ה. זי זאָל נישט קאָנען דערקלערט ווערן דורך קיין שום אַבסטראַקציעס.

ד. לסוף פאָדערט זיך — כאָטש ס'איז קוים נייטיק צו אָנמערקן — אַז מיר זאָלן פון דער דעפיניציע קאָנען אַרויסדרינגען אַלע אייגנשאַפטן פון דער זאַך. אָט דאָס אַלץ וועט באַשיינפּערלעך קלאָר ווערן פאַר דעם, וואָס וועט דאָס נאָר אַקוראַט באַטראַכטן.

98. כ'האָב אויך געזאָגט, אַז דער בעסטער אויספיר וועט זיין יענער פון וועמענס אַפירמאַטיוון תמצית מ'קאָן אַרויסקריגן אַ וואָסערע ס'איז באַזונדערע זאַכן, וואָרים וואָס מער ספּעציעלער ס'איז די אידעע, אַלץ דייטלעכער איז זי, און בכן אויך אַלץ קלערער. דעריבער דאַרף די דערקענטעניש פון באַזונדערע זאַכן זיין יענער עיקר וועלכן מיר דאַרפן זוכן.

## XIV. וועגן די מיטלען דורך וועלכע אייביקע זאַכן ווערן באַקאַנט.

99. בנוגע דעם סדר אָבער, און כדי אַלע אונדזערע פּערצעפּציעס זאָלן אַראַנזשירט און פאַראייניקט ווערן, איז פאַר דעם נייטיק אַזוי גיך ווי מעגלעך אויספאָרשן, און דער שכל איז עס אויך מחייב, צי ס'איז דאָ אַ וועלכס ס'איז וועזן, און גלייכצייטיק וואָס ס'איז זיין נאַטור, וואָס איז די סבה פון אַלצדינג, אַזוי אַז זיין אָביעקטיווער תמצית זאָל אויך זיין די סבה פון אַלע אונדזערע אידעען. דעמאָלט וועט אונדזער גייסט, ווי מיר האָבן געזאָגט, רעפלעקטירן די נאַטור אַזוי פולשטענדיק ווי נאָר מעגלעך, וואָרים ער וועט דעמאָלט אָביעקטיוו באַזיצן איר תמצית, איר סדר און איר איינהייט. דערפון קאָנען מיר זען, אַז קודם כל איז פאַר אונדז אַלעמאָל נייטיק אַרויסצודרינגען אַלע אונדזערע אידעען פון פיזישע זאַכן, אָדער פון רעאַלע וועזנס, אַוואַנסירנדיק אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך, על פי דער קייט פון די סבות, פון איין רעאַלן וועזן צו אַ צווייטן רעאַלן וועזן, און נישט איבערגיין צו אַבסטראַקציעס און אוניווערסאַלקייטן, אי כדי פון זיי נישט אַרויסצודרינגען אַ וועלכע ס'איז רעאַליטעט, און אי זיי נישט אַרויסצודרינגען פון אַ וועלכער ס'איז רעאַליטעט, מחמת איןביידע פאַלן ברעכן מיר אונטער דעם אמתן פראָגרעס פונעם אינטעלעקט.

100. ס'דאַרף אָבער נאָך באַמערקט ווערן, אַז אונטער קייט פון סבות און

רעאַלע וועזנס פאַרשטיי איך דאָ נישט די קייט פון איינצעלנע פאַרענדערלעכע זאַכן, נאָר פון פיקסירטע און אייביקע זאַכן בלויז. וואָרים צוליב דער מענטשלעכער אומרייפקייט וואָלט דאָך אוממעגלעך געווען אַרומצונעמען די קייט פון איינצעלנע פאַרענדערלעכע זאַכן, סיי מחמת זייער אומגעהייערער מאַסע וואָס גייט אַריבער יעדער צאָל און סיי מחמת די אומענדלעכע אומשטענדן אין איינער און דערזעלביקער זאַך, וואָס יעדע איינע פון זיי קאָן זיין די סבה פון דער עקסיסטענץ אָדער נישט־עקסיסטענץ פון דער זאַך, וואָרים די עקסיסטענץ פון איינצעלנע פאַרענדערלעכע זאַכן האָט קיין שום פאַרבינדונג נישט מיט זייער תמצית, אָדער, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז נישט קיין אייביקער אמת.

101. ס'איז אפילו אויך גאָרנישט נייטיק, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין זייער קייט, וואָרים דער תמצית פון איינצעלנע פאַרענדערלעכע זאַכן לאָזט זיך נישט אַרויסקריגן פון זייער קייט, אָדער פונעם סדר פון זייער עקסיסטענץ, ווייל זיי גיבן אונדז נישט מיין ווי בלויז דרויסנלעכע סמנים, שייכותן, אָדער העכסטנס, אומשטענדן, וואָס זענען אַלע גאַנץ ווייט צו זיין דער סאַמע אינעווייניקסטער תמצית פון זאַכן. אָט דאָס דאַרף בלויז אין פיקסירטע און אייביקע זאַכן געזוכט ווערן, און אויך אין די געזעצן פון די זאַכן, וואָס זענען, ווי אין אַן אמתן געזעצבוך, אין זיי אַריינגעשריבן, על פי וועלכע אַלע איינצעלנע זאַכן ווערן באַשאַפן און איינגעסדרט. ס'דאַרף דאָ אויך געזאָגט ווערן, אַז אָט די איינצעלנע פאַרענדערלעכע זאַכן זענען, אויב כ'קאָן מיך אַזוי אויסדריקן, אַזוי אינטים און בעצמדיק אָפּהענגיק פון יענע וואָס זענען פיקסירט, אַז די ערשטע קאָנען אָן די לעצטע אי נישט זיין און אי נישט אויפגעפאַסט ווערן. אָט די פיקסירטע און אייביקע זאַכן, כאָטש זיי קאָנען זיך זיין איינצעלנע, וועלן דעריבער, צוליב זייער אָנוועזנקייט אומעדום און זייער ווייט־אויסגעשפרייטער מאַכט, דאָך פאַר אונדז זיין ווי אוניווערסאַלקייטן, אָדער אַזוי צו זאָגן, ווי גאַטונגען פון דעפיניציעס פון איינצעלנע פאַרענדערלעכע זאַכן, און די נאָנטסטע סבות פון אַלע זאַכן.

102. אָבער כאָטש דאָס איז אָט אַזוי, איז עס פונדעסטוועגן גאָרנישט אַזוי גרינג, ווי ס'דאַכט זיך אויס, צו דערגרייכן די דערקענטעניש פון אָט די איינצעלנע זאַכן. וואָרים אויפצופאַסן אַלע זאַכן מיט אַמאָל איז אַן אַרבעט ווייט אַריבער די כחות פונעם מענטשלעכן אינטעלעקט. דער סדר אָבער, ווי כ'האָב געזאָגט, על פי וועלכן איין זאַך קאָן פאַרשטאַנען ווערן פאַר דער אַנדערער, דאַרף נישט געזוכט ווערן אין דער קייט פון זייער עקסיס־

טענץ, און אויך אַפילו נישט אין אייביקע זאַכן, מחמת זיי זענען אין דער נאַטור אַלע מיטאַמאָל. דעריבער וועלן נאָך אַנדערע הילפסמיטלען נייטיקערווייז דאַרפן געזוכט ווערן, אַ חוץ יענע וועלכע מיר באַנוצן, אויף צו פאַרשטיין די אייביקע זאַכן און זייערע געזעצן; דאָ איז אָבער נישט דאָס אָרט זיי צו באַהאַנדלען, ס'איז אויך נישט כדאי עס צו טון, כל זמן מיר האָבן נאָך נישט דערוואָרבן אַ גענוגנדיקע דער־קענטעניש פון די אייביקע זאַכן און זייערע אומפעלערהאַפטיקע געזעצן, און כל זמן ס'איז אונדז נישט באַקאַנט געוואָרן די נאַטור פון אונדזערע חושים.

103. איידער מיר וועלן צוקומען צו דער דערקענטעניש פון איינצעלנע זאַכן, וועט נאָך צייט זיין אויסצולייגן יענע הילפסמיטלען, וואָס אַלע דאַרפן זיי אונדז מאַכן מסוגל צו וויסן ווי זיך צו באַנוצן מיט אונדזערע חושים, און אַזוי אָנצופירן מיט אַ סדר און לויט באַשטימטע געזעצן מיט יענע עקספּערימענטן, וואָס זענען נייטיק פאַר דער דעטערמינירונג פון דער זאַך. וואָס מיר האַלטן אין אויספאַרשטן, אַז מיר זאָלן פון זיי קאָנען אַרויס־דרינגען דעם אויספיר, דורך וואָס פאַר אַ געזעצן פון די אייביקע זאַכן אַט די זאַך האָט זיך גענומען, און אַז אויך איר אינעווייניקסטע נאַטור זאָל זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקן, ווי כ'וועל עס ווייזן אויפן געהעריקן אָרט. צוריקקערנדיק זיך דאָ צום ענין וואָס איז פאַר אונדז, וועל איך בלויז פּרובירן פאַרלייגן יענע זאַכן, וואָס זעען אויס צו זיין נויטווענדיק פאַר דעם, אַז מיר זאָלן קאָנען דערגרייכן צו דער דערקענטעניש פון די אייביקע זאַכן, און צו קאָנען פאָרמירן זייערע דעפיניציעס אין הסכם מיט די באַדינגונגען וואָס זענען שוין דאָ פריער אָנגעגעבן געוואָרן.

104. פאַר אָט דעם ציל וועט נייטיק זיין זיך צו דערמאָנען דאָס וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט, דהיינו, אַז ווען דער גייסט שטעלט זיך אָפּ אויף אַ וועלכן ס'איז געדאַנק כדי אים אויסצופאַרשטן און פון אים, אויף אַ געהעריקן סדר, אַרויסצודרינגען לעגיטימע אויספירן, איז ווען דער געדאַנק איז אַ פאַלשער, וואָלט ער אויפגעדעקט זיין פאַלשקייט; אויב אָבער ער איז אַן אמתער, וועט דער גייסט דעמאָלט גרינג אַוואַנסירן און אָן שום אונטערברעכונגען אַרויסדרינגען אמתע זאַכן. אָט דאָס פאָדערט זיך פאַר אונדזער ציל. וואָרים אויב אונדזערע געדאַנקען זאָלן נישט האָבן קיין זיכערן פונדאַמענט מוזן זיי קומען צו אַן אָפּשטעל. 105. דעריבער, ווען מיר ווילן אויספאַרשטן די ערשטע זאַך פון אַלע זאַכן, איז נייטיק, ס'זאָל זיין אַ וועלכער ס'איז פונדאַמענט פון וואַנעט אונדזערע געדאַנקען

זאָלן דירעקטירט ווערן, און אַזוי ווי אונדזער מעטאָדע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר רעפלעקטירטע דערקענטעניש, קאָן בכן, אַט דער פונדאַמענט פון וועלכן אונדזערע געדאַנקען ווערן דירעקטירט, נישט זיין עפּעס אַנדערש ווי נאָר די דערקענטעניש פון דעם, וואָס שטעלט צונויף די פאָרמע פונעם אמת, און די דערקענטעניש פונעם אינטעלעקט און זיינע אייגנשאַפטן און כחות, וואָרים ווי נאָר מיר דערוווערבן אַט די דערקענטעניש, האָבן מיר שוין דעמאָלט אַ פונדאַמענט פון וואַנעט מיר קאָנען אַרויסדרינגען אונדזערע געדאַנקען, און אַ וועג אויף וועלכן דער אינטעלעקט וועט, אויף וויפיל זיין פעהיקייט דערלויבט אים, קאָנען קומען צו דער דערקענטעניש פון די אייביקע זאַכן, לויט דער אייגנטלעכער מאָס פון זיינע כחות.

## XV. וועגן דער מאַכט פונעם אינטעלעקט און זיינע אייגנשאַפטן.

106. אויב צו דער נאַטור פונעם געדאַנק געהערט דאָס פאָרמירן פון אמתע אידעען, ווי מיר האָבן עס געוויזן אינעם ערשטן טייל, וועלן מיר דעריבער איצט דאַרפן אויספאָרשן, וואָס אייגנטלעך מיר פאַרשטייען אונטער כח און מאַכט פונעם אינטעלעקט. אַזוי ווי אָבער דער עיקר־טייל פון אונדזער מעטאָדע איז ווי צום בעסטן צו פאַרשטיין די כחות פונעם אינטעלעקט און זיין נאַטור, וועלן מיר נייטיקערווייז זיין געצוואונגען (אויפן גרונד פון דעם וואָס כ'האָב שוין אָנגעגעבן אין דעם צווייטן טייל פון דער מעטאָדע) אַרויסצודרינגען אַט די דערקענטעניש פון דער אייגנטלעכער דעפיניציע פון דעם געדאַנק און אינטעלעקט. 107. אַזוי ווי מיר האָבן אָבער ביז אַהער נאָך נישט געהאַט קיין שום כללים ווי אַזוי נאָך אויסצוגעפינען דעפיניציעס, און מיר קאָנען זיי אויך נישט פאָרלייגן, כל זמן די נאַטור אָדער די דעפיניציע פונעם אינטעלעקט און זיין מאַכט וועט אונדז נישט באַקאַנט זיין, איז דערפון געדרונגען, אַז אַנטוועדער די דעפיניציע פונעם אינטעלעקט מוז זיין קלאָר פון זיך אַליין, אָדער אַז מיר קאָנען [בכלל] נישט פאַרשטיין קיין שום זאַך. דאָך אָבער איז די דעפיניציע [פונעם אינטעלעקט] נישט אַבסאָלוט קלאָר פון זיך אַליין, מחמת דעם וואָס די אייגנשאַפטן פונעם אינטעלעקט, אַזוי גוט ווי אַלע זאַכן וואָס מיר קריגן פונעם אינטעלעקט, קאָנען נישט קלאָר און דייטלעך באַגריפן ווערן, כל זמן זייער נאַטור איז נישט דערקענט געוואָרן, וועט בכן, די דעפיניציע פונעם אינטעלעקט נאָר דעמאָלט באַקאַנט ווערן פון זיך אַליין, ווען מיר וועלן האַלטן אַן אויג אויף יענע אייגנשאַפטן פונעם

אינטעלעקט, וועלכע מיר פאַרשטייען קלאָר און דייטלעך. לאָמיר דאָ דעריבער אויסרעכענען אַט די אייגנשאַפטן פונעם אינטעלעקט און זיי גרינדלעך עקזאַמענירן, און מאַכן אַן אָנהייב מיט דער באַטראַכטונג פון אונדזערע אייגנעבוירענע אינסטרומענטן *).

108. די אייגנשאַפטן פונעם אינטעלעקט, וועלכע איך האָב דער עיקר באַמערקט און קלאָר פאַרשטאַנען, זענען אַט די:

א. אַז דער אינטעלעקט שליסט אין זיך איין זיכערקייט, ד. ה. ער ווייסט, אַז זאַכן זענען פאַרמעל אַזוי, פונקט ווי זיי אַנטהאַלטן זיך אין אים אָביעקטיוו.

ב. אַז טייל זאַכן באַגרייפט ער, אָדער טייל אידעען פאָרמירט ער אַבסאָלוט און טייל דורך דער פאָרמיטלונג פון אַנדערע אידעען. דהיינו, די אידעע פון קוואַנטיטעט פאָרמירט ער אַבסאָלוט, נישט נעמענדיק דערביי אין באַטראַכט אַנדערע געדאַנקען, די אידעען פון באַוועגונג אָבער פאָרמירט ער נאָכדעם ווי ער האָט גענומען אין באַטראַכט די אידעע פון קוואַנטיטעט.

ג. די אידעען וועלכע ער פאָרמירט אַבסאָלוט דריקן אויס אומ־ענדלעכקייט, באַגרענעצטע אידעען אָבער פאָרמירט ער פון אַנדערע אידעען. וואָרים בנוגע דער אידעע פון קוואַניטעט, ווען דער אינטעלעקט באַ־גרייפט זי דורך אַ סבה, באַגרענעצט ער דעמאָלט די קוואַנטיטעט, ווי למשל, ווען ער באַגרייפט, אַז אַ קערפּער אַנטשטייט פון דער באַוועגונג פון אַ פלאַכע, אַ פלאַכע פון דער באַוועגונג פון אַ ליניע און אַ ליניע פון דער באַוועגונג פון אַ פּינטל. אַט די פּערצעפּציעס דינען נישט אויף צו מאַכן אונדז צו פאַרשטיין די קוואַנטיטעט, נאָר בלויז צו באַגרענעצן זי. אַט דאָס איז באַשיינפּערלעך קלאָר, צוליב דעם וואָס מיר פאַסן אויף זייער אַנטשטייאונג אַזוי, ווי זי וואָלט געקומען פון באַוועגונג, און באַ־וועגונג ווידער קאָן נישט אַנדערש באַגריפן ווערן, סיידן ווען די קוואַנטיטעט איז שוין באַגריפן געוואָרן. ווייטער, קאָנען מיר די באַוועגונג צו פאָרמירן אַ ליניע ציען אַזוי ביז אין דער אומענדלעכקייט. מיר וואָלטן דאָס אָבער בשום אופן נישט געקאָנט טון, ווען מיר וואָלטן נישט געהאַט די אידעע פון אומענדלעכער קוואַנטיטעט.

---

*) זע פריער, זאַץ 29.

ד. דער אינטעלעקט פאָרמירט פּאָזיטיווע אידעען פריער פאַר נעגאַטיווע.

ה. ער באַגרייפט זאַכן נישט אַזוי פיל אין דויער ווי אונטער אַ באַשטימטן פורעם פון אייביקייט און אין אַן אומענדלעכער צאָל, אָדער בעסער געזאָגט, כדי צו באַגרייפן זאַכן גיט ער נישט אַכטונג אויף דער צאָל און נישט אויף קיין דויער ; ווען ער אימאַגינירט אָבער זאַכן, דעמאָלט באַגרייפט ער זיי אַזוי, ווי זיי וואָלטן געווען פון אַ באַשטימטער צאָל, באַגרענעצטן דויער און באַגרענעצטער קוואַנטיטעט.

ו. די קלאָרע און דייטלעכע אידעען וואָס מיר פאָרמירן, דרינגען אַפּנים אַרויס אַזוי לגמרידיק פון דער נויטווענדיקייט פון אונדזער נאַטור, אַז זיי זענען זיך לחלוטין סומך אויף אונדזער מאַכט בלויז, פאַרקערט אָבער איז דער פאַל מיט מטושטשע אידעען, מחמת זייער אָפט פאָרמירן זיי זיך אַן אונדזער ווילן.

ז. די אידעען פון זאַכן וואָס דער אינטעלעקט פאָרמירט פון אַנדערע אידעען, קאָנען פון גייסט דעטערמינירט ווערן אויף אַ סך אופנים. למשל, כדי צו דעטערמינירן אַן עליפּטישע פלאַכע שאַפט ער זיך אַ פּיקציע פון אַ בלייפעדער וואָס הענגט אויף אַ שטריקל, באַוועגנדיק זיך אַרום צוויי צענטערס, אָדער ער פאַסט אויף אַן אומענדלעכע צאָל פון פּינטעלעך וואָס האָבן אַלעמאָל איינע און דיזעלביקע שייכות צו אַ וועלכער ס'איז געגעבענער גלייכער ליניע, אָדער ער פאַסט אויף אַ קאָנוס וואָס איז פון אַ וועלכער ס'איז געבויגענער פלאַכע אַזוי דורכגעשניטן, אַז דער נייגונגס־ווינקל איז גרעסער ווי דער ווינקל ביים שפּיץ פונעם קאָנוס, אָדער אויף אַן אומענדלעכער צאָל אַנדערע אופנים.

ח. אידעען זענען אַלץ מערער פולקום, וואָס מערער ס'איז פולקום דער אָביעקט וועלכן זיי דריקן אויס. מיר באַוואונדערן נישט אַזוי פיל דעם אַרכיטעקט, וואָס האָט אויסגעפּלאַנירט אַ פּשוטע קאַפּעלע, וויפיל יענעם וואָס האָט אויסגעפּלאַנירט אַ וועלכן ס'איז פּראַכטיקן טעמפּל.

109. איך וועל מיך דאָ נישט אָפּשטעלן צו באַטראַכטן די איבריקע זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות צום געדאַנק, ווי ליבע, פרייד, א. אז. וו., וואָרים נישט זיי האָבן עפּעס צו טון מיט אונדזער איצטיקן ענין, און נישט זיי קאָנען אויפגעפאַסט ווערן, ווען דער אינטעלעקט איז נאָך נישט

באַגריפן געוואָרן, וואָרים ווען מיר נעמען אַוועק די פּערצעפּציע, פאַלן זיי אויך אַלע אַוועק.

110. פאַלטשע און פיקטיווע אידעען האָבן נישט אין זיך (ווי מיר האָבן עס שוין גענוג מאָל געוויזן) קיין שום פּאָזיטיווס, אַ דאַנק וועלכן זיי ווערן גערופן פאַלטשע אָדער פיקטיווע; ווי אַזוינע אָבער ווערן זיי באַטראַכט בלויז צוליב דער פעלערהאַפטיקייט פון אונדזער דערקענטעניש. דעריבער קאָנען אונדז פאַלטשע און פיקטיווע אידעען, ווי אַזוינע, גאָרנישט נישט לערנען וועגן דעם תמצית פונעם דענקען. אָט דאָס [דער תמצית פונעם דענקען] דאַרף אַרויסגעזוכט ווערן פון יענע פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן וואָס זענען דאָ נאָר וואָס אויסגערעכנט געוואָרן, ד. ה. מיר מוזן עטאַבלירן עפּעס־וואָס געמיינשאַפטלעכס, פון וואַנען אָט די אייגנשאַפטן זאָלן נייטיקערווייז אַרויסדרינגען; אָדער עפּעס אַזוינס, וואָס בעת ס׳איז געגעבן געוואָרן, מוזן אויך זיי נייטיקערווייז געגעבן ווערן, און ווען זיי ווערן באַזייטיקט, ווערן אויך זיי באַזייטיקט.

(די רעשט פעלט).

# SPINOZA BOOK

IN COMMEMORATION OF THE TERCENTENARY OF

## BENEDICTUS DE SPINOZA

1632-1932

EDITED BY

DR. JACOB SHATZKY

*Published by the*

YIDDISH SECTION OF THE
SPINOZA INSTITUTE OF AMERICA

NEW YORK, NOVEMBER, 1932



*CONTENTS*: